# געשיכטע פון סאָציאַליסטישען געדאַנק

פון

קאַרל קאַוטסקי, פּאול לאפארג, עדואַרד בערנשטיין, קאַרל הוגאָ, פראַנץ מעהרינג, געאָרג פּלעכאַנאָוו, ניקאָלאַי לענין און אַנדערע

צווייטער באַנד

פון

קאַרל קאַוטסקי

אידיש פון —

חיים ראָזענפעלד.

פאַרלאַג „קולטור"

ניו יאָרק.

## פערטער קאפיטעל.

# די בעגארדען.

### 1. די אנשטעהונג פון דער סעקטע בעגארדען.

צו צפון פון די אלפען־בערג איז געלעגען א לאנד, וואו עס האבען זיך אין מיטעל־אלטער פריער פון אלץ אנטוויקעלט די סחורה־פראדוקציע, דער האנדעל־אויסטויש און די סאציאלע פראבלעמען וואס ווערען דורך זיי געשאפען. גערופען האט מען דאס לאנד די נידערלאנדען אדער, פינקטליכער גערעדט, פ ל א נ ד ר י ע און ב ר א ב א נ ט. דארטען האבען זיך באגעגענט און איבערגעפלאכטען פארשיידענע האנדעלס־וועגען. פון דרום און פון מזרח פלעגען אין די פלאנדרישע פארטען קומען פראנצויזען און ספעציעל איטאליענער און ברייגגען פראדוקטען פון זייער אייגען פאטערלאנד, זיי פלעגען קומען טיילווייז דורכ'ן רהיין איבער קעלן און שפעטער הויפטזעכליך דורכ'ן ים. צו זיי זיינען אין גיכען צוגעקומען די שפאניער און פארטוגעזער. פון מערב פלעגען קומען די ענגלענדער, פון צפון די סוחרים פון די רייכע דייטשע האנזע־שטעט, וואס פלעגען זיין די פארמיטלער אין מסחר פון דעם מזרח און מערב פון צפון־אייראפא, פון נאווגאראד ביז לאנדאן; אלס זייערע הויפט סחורה־לאגערס פלעגען זיי אויסקלייבען די פלאנדרישע פארטען און ספעציעל ברויגגע (וואס איז נאך דעמאלט געלעגען ביים ים).

האנט אין האנט מיט דער אנטוויקלונג פון האנדעל איז גע־גאנגען די אנטוויקלונג פון אינדוסטריע. די נידערלאנדישע סטע־פעס און זאמד־בערג זיינען געווען זעהר גינסטיג פאר דער אנט־

וויקלונג פון שעפּסען־צוכט און צוזאמען דערמיט אויך פון דער אינדוסטריע צו באארבייטען די וואָל. די אנטוויקלונג פון דעם האנדעל־אויסטויש האָט ארויסגערופען א שטרעבונג צו פארברייטערען די פּראָדוקציע אריבער די באדערפענישען פון דעם אָרטיגען מארק. און דער האנדעל טאקע האָט געבראכט די רויע פּראָדוקטען, די ענגלישע וואָל, די בעסטע, וואָס איז דעמאָלט געווען באקאנט. די צוזאמענטרעפונג פון אָט די אלע באדינגונגען האָט געבראכט צו דעם, וואס אין פלאנדריע, ווי מיר האָבען שוין אויבען באמערקט, האָט זיך זעהר פרי (אינ׳ם 13טען י. ה.) אנטוויקעלט א באדייטענדער עקספּאָרט פון געוואנט, און דאָס הייסט, אז די וועבער זיינען זייער פרי געוואָרען אָפּהענגיג פון קאפּיטאל, אז זייער האנט־ווערק איז פארוואנדעלט געוואָרען אין א קאפּיטאליסטישער אינדוסטריע.

דערפאר איז דאָס גאָר קיין צופאל ניט, וואָס די ערשטע בדייטענדע קאָמוניסטישע סעקטע צו צפון פון די אלפּען־בערג, די בעגארדען, איז געגרינדעט געוואָרען דוקא אין די נידערלאנדען.

איר אנשטעהונג, ווי אויך דער זין אין דעם נאָמען פון דער סעקטע, זיינען איינגעוויקעלט אין א טונקעלען שלייער*).

מען רעכענט פאר גלויבענסווערט, אז שוין אין עלפטען י. ה. האָבען אין די נידערלאנדען עקזיסטירט געזעלשאפטען פון פרומע פרויען, וואָס פלעגען זיך רופען בעגינען אָדער בעגוטטען. נאָר מיר ווייסען גאָרניט וועגען זייערע צילען. עס איז פאראן א סברה, אז די אנשטעהונג פון דער בעגינען־געזעלשאפט איז טיילוויז ארויסגערופען געוואָרען דורך די קרייץ־צוגען, וועלכע האָבען שטארק פארקלענערט די מענער־באפעלקערונג און געשאפען א באדייטענ־

---

*) גרינטליכער פון אלע אנדערע איז, דענקען מיר, די סברה פון מאָסהיימען, וואָס נעמט דעם ווארצעל פונ׳ם וואָרט בעגגארדען פון דעם אלט־זאקסישען וואָרט בעג — בעטלען; די בעגארדען זיינען, פאָלגליך, געווען אביונים, א בעטלער־חברה (מאָסהיים, „קעטצערגעשיכטע“, ז. 378). מען האָט זיי אויך גערופען לאָלארדען פונ׳ם וואָרט „לאללען“ — זינגען, מורמלען. די לאלארדען דאָס זיינען די לויה־זינגער. ביידע נעמען זיינען צו־נעמען, געגעבען פונ׳ם פאָלק. די בעגארדען גופא האָבען זיך איינפאך גערופען ברידער.

דען איבערפלוס פון פרויען. פאר פיל פרויען איז די הייראט געוואָרען אומדערגרייכבאר, עס איז אנשטאַנען א „פרויען־פראַגע", און די פרויען־אַנשטאַלטען פון די בעגינען האָבען דאָס געדארפט צושטעלען אַן אפּדאך צו די אומפאַרהייראַטע. אַט די אָרגאַני־זאַציעס זיינען געווען באַקוועמער פון די מאָנאַסטירען אין דעם הינ־זיכט, וואָס זיי זיינען געווען פרייע פאַראיינען, פון וועלכע מען האָט געקענט, אַז מען האָט נאָר געוואָלט, אַוועקגעהן.

די מענער־געזעלשאַפטען, וואָס האָבען אָנגעפאַנגען צו אַנט־שטעהן אין די נידערלאַנדען ביים סוף פון 12־טען אָדער אָנפאַנג פון 13־טען י. ה., האָבען געהאַט אַן אָרגאַניזאַציע ענליך צו דער אָרגאַניזאַציע פון די פרויען־געזעלשאַפטען.

דאָס זיינען געווען די ברודערשאַפטען פון אומפאַרהייראַטע האַנט־ווערקער, אָפטער פון אַלע פון די וועבער*), וועלכע האָבען זיך פאַראייניגט אין אייגענע הייזער צו פירען אַן אַלגעמיינע קאָמוניסטישע באַלעבאַטישקייט, זיי האָבען געלעבט פון זייער אייגענער אַרבייט און, אַחוץ דעם, האָבען זיי זיך באַ־שעפטיגט מיט וואוילטעטיגקייט, ספּעציעל מיט ארויסהעלפען אַרימע און קראַנקע. פאַר די מיטגלידער פון אַט די, ווי אויך פון אַלע ענליכע געזעלשאַפטען, איז די הייראַטסלאָזיגקייט געווען אַ מוז.

אַ גוטען באַגריף וועגען דעם לעבען פון די בעגאַרדען קען מען באַקומען פון דער דערציילונג פון עפּעס איינעם אַ דאַמהור־דער; אַט די דערציילונג האָט אַ שייכות צום 13־טען י. ה. און

---

*) א חוץ די וועבער, זיינען צווישען די טעטיגסטע אַנטיילנעמער פון דער בעגאַרדען־וואַלדענזער באַוועגונג אין דייטשלאַנד פאַררעכענט גע־וואָרען די מינען־אַרבייטער, לודוויג קעללער אין זיין בוך „די רעפאָרמאַ־ציאָן אונד די עלטערען רעפאָרמפּאַרטייען" (לייפּציג, 1885) האָט געמאַכט אַ פּאַרזוך צו באַווייזען מיט דער הילף פון אַ גאַנצער רייע זייטיגע ראיות, אַז די הויפּט־ראָלע אין אַט דער באַוועגונג געהערט דעם צעך פון די פרייע מוליארעס. ווען אים זאָל זיך דאָס געווען איינגעבען צו באַ־ווייזען, וואָלט ער געווען געמאַכט אַן אומגעהייער וויכטיגע אַנטדעקונג. נאָר קיין דירעקטע באַשטעטיגונגען פון זיין סברות ברענגט ער ניט, און זיינע אומדירעקטע ראיות זיינען כלל ניט איבערצייגענד.

1

באשרייבט די אנטשטעהונג פון די בעגארדען־ווירטשאַפטען אין בריוגגע. „מיט דרייסיג יאָר צוריק, — זאָגט ער, — זיינען דאָ געווען דרייצען וועבער, אומפּאַרהייראַטע מענער, וואָס האָבען פלייסיג געשטרעבט צו אַ פרום און ברודערליך לעבען. זיי האָבען געדונגען ביים אבבאט ערהוט'ן א שטיקעל לאַנד מיט אַ גרויס באקוועם הויז נעבען דער שטאָדט־וואַנט. געצאָלט האָבען זיי דערפאַר יאָרליך זעקס פונט גראָשען „ליברים גראָסאָרום" און א באשטימטען סכום וואקס און פעפער. אין גיכען האָבען זיי דאָרטען אָנגעפאַנגען זיך צו באשעפטיגען מיט זייער וועבעריי און לעבען אין א געמיינזאַמער באַלעבאַטישקייט, וועלכע האָט זיך געפירט אויף דער רעכענונג פון דער הכנסה פון דער אַלגעמיינער ארבייט (עקס קאָממוניבוס לאַבאָריבוס סימול קאָנוויווערע קאָנפערונט). קיין שטרענגע רעגעלען האָבען זיי ניט געהאַט, קיין שום שבועות האָבען זיי ניט געבונדען. זיי פלעגען נאָר טראָגען ענליכע קליידער פון א ברוינעם קאָליר און צוזאַמענגעשטעלט א פרומע געזעלשאַפט, אין וועלכער עס האָט געהערשט קריסטליכע פרייהייט און ברודערליכקייט". זיי פלעגען זיך רופען „ברידער־וועבער". ערשט אינ'ם יאָר 1450 האָבען די בעגארדען פון דער שטאָט בריוגגע געוואָרפען זייער באשעפטיגונג אלס וועבער און צוגעשטאַנען צו די פראַנציסקאַנער, כדי אויסמיידען די פאַרפאָלגונגען.

אין אנדערע ערטער זיינען די ווירטשאַפטען פון די בעגארדען געבויט געווען פונקט אזוי, ווי אין בריוגגע. אין יעדער פון זיי, אויך וויפיל דאָס האָט נאָר געפאָדערט דער וואוילזיין פון דער געזעלשאַפט, האָט געהערשט דער קאָמוניזם. נאָר, א חוץ דעם, האָט יעדער מיטגליד געקענט באזיצען א געוויסען פריוואַטען אייגענטום, וואָס ער האָט אַליין פאַרדינט, אָדער געקראָגען בירושה, אָדער במתנה. ביים לעבען האָט ער דאָס געקענט נוצען, ווי ער האָט געוואָלט, נאָך זיין טויט אָבער איז דאָס איבערגעגאַנגען אין דעם אייגענטום פון דער געזעלשאַפט.

אזא מין קאָמוניסטישע געזעלשאַפט האָט פיל אריבערגעשטיגען אין עקאָנאָמישען הינזיכט דעם האַנט־ווערקער, וועלכער ארבייט באזונדער, ניט נאָר דערפאַר, וואָס דער קאָמוניזם, ווי

מיר האָבען שוין געזעהן, האָט ניט דערלאָזט צו מאַנגעל אין ארבייט, נאָר דערפאר, וואָס א גרויסע ווירטשאפט בכלל איז א סך ביליגער, ווי די קליינע ווירטשאַפטען פון די באַזונדערע האנט־ווערקער. דערצו איז נאָך צוגעקומען די הייראטסלאָזיגקייט און די פאמיליענלאָזיגקייט פון די בענגאַרדען. עס איז, דערפאר, גאָר קיין חדוש ניט, וואָס אָט די ארבייטער־אסאָציאַציעס האָבען ביך געהאַט אָנצופירען א שטארקע קאָנקורענץ געגען די צעכאָווע ווע־בער־מייסטערס, וועלכע האָבען אויף זיי דערפאר טאַקע קרום געקוקט. מאַסהייט זאָגט, אז אין גענט און אין אַנדערע שטעט זיינען די שטאַט־אויטאָריטעטען אָפט געצוואונגען געווען צו „מע־סיגען דעם פלייס פון די באגאַרדען", צוליב די פאָדערונגען פון די וועבער־צעכען, און צוריקבריינגען שלום אין שטאָט דורך פשרות צווישען די בעגאַרדען און צעכען.

אָבער די אָרימע מאַסען האָבען שטארק סימפּאַטיזירט מיט די בעגאַרדען, ווייל דעם גאַנצען איבערפלוס, וואָס איז געבלי־בען פון זייער הכנסה, נאָך די פאַרהעלטניסמעסיג קליינע אויס־גאַבען אויף זייער חיונה, האָבען זיי פאַרברויכט אויף אָרעמס־צוהעלפען קראַנקע און אָרימע און אויף גאַסטפריינטליכקייט. נאָך באַניפּאַציוס דער בייגטער האָט זיי געלויבט אין איינער פון זיינע בולעס דערפאר „וואָס זיי נעמען אויף אין זייערע הייזער אָרימע און אומגליקליכע מענשען און ווי ווייט נאָר זיי קע־נען טוען זיי אויך אַנדערע טאַטען פון ליבע".

א ענליכע קאָמוניסטישע געזעלשאַפט האָט מיט זיך פאָר־געשטעלט „די ברודערשאַפט פון געמיינשאַפטליכען לעבען", וואָס איז אַנטשטאַנען אין די נידערלאַנדען שוין ביים סוף פון דעם 14־טען י. ה. אָט די ברודערשאַפט איז געגרינדעט געוואָרען דורך הערהארד גראָטט פאָן דעווענטער. געשאַפען געוואָרען איז זי ניט דורך די האַנט־ווערקער, נאָר דורך די פאָרשטעהער פון די העכערע קלאַסען, וואָס האָבען געוואָלט העלפען דער נויט־ליידענ־דער באַפעלקערונג. לויט איר כאַראַקטער איז זי געווען א סך אַנדערש פון די בעגאַרדישע געזעלשאַפטען. די לעצטע זיינען מייסטענס געווען וועבער, אָבער די ברידער פון געמיינשאַפטלי־כען לעבען פלעגען ציען זייער חיונה הויפּטזעכליך פון איבער־

שרייבען ב י כ ע ר. בעת די בעגאַרדען פֿלעגען באַנוצען זייער איבערפֿלוס צו באַפֿרידיגען די מ אַ ט ע ר י ע ל ע נויטען פֿון די אָרימע, פֿלעגען די ברידער פֿון געמיינשאַפֿטליכען לעבען הויפּט־זעכליך אין זינען האָבען די ג י י ס ט י ג ע באַדערפֿענישען און האָבען זיך אָפּגעגעבען מיט דער אויפֿקלערונג פֿונ׳ם פֿאָלק. טיילווייז האָבען זיי דאָס געטאָן דורך פֿאַנאַנדערטיילען ביכער, אין וועלכע עס האָט זיך געפֿילט אַ שטאַרקער מאַנגעל ביז דער ערפֿינדונג פֿון בוך־דרוקעריי, ספּעציעל אָבער דורך דער ג ר י נ ־ ד ו נ ג פֿ ו ן ש ו ל ע ן. אויף אָט דעם געביט האָבען זיי זייער פֿיל אויפֿגעטאָן. „אַמאָל פֿלעגט דאָס ברידערליכע הויז ווירקען אויף דער גאַנצער באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט אין דעם זין פֿון אַן אַלגעמיינער אויפֿהויבונג פֿון דעם קולטור־צושטאַנד. אויף אַזאַ אופֿן איז, למשל, אין אַמערספֿאָרד דאָס קענען לאַטייניש אין מיטען פֿון דעם 16טען יאָרהונדערט געוואָרען אַזאַ געוועהנטליכע ערשיינונג, אַז אפֿילו די פּשוט׳ע האַנט־ווערקער האָבען פֿאַרשטאַנען און גערעדט לאַטיין. אַלע געבילדעטע סוחרים האָבען געקענט די גריכישע שפּראַך, מיידלאַך פֿלעגען זינגען לאַטיינישע לידער און אין די גאַסען האָט אומעטום געקלונגען אַ פֿיינער לאַטיין״*).

מעגליך, אַז דער פּאַרפֿאַסער איז מגזם די באַדייטונג פֿון די געזעלשאַפֿטען, אָבער יעדענפֿאַלס צייגען אָט די ווערטער די ריכ־טונג פֿון דער טעטיגקייט פֿון די ברידער.

זייער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ קאָמוניסטישע. די ברודער־שאַפֿט „איז געווען אַ פּעסט־פֿאַראייניגטע אָבער פֿרייע געזעל־שאַפֿט... דער אַריינטריט אין אַ קאָרפּאָראַציע האָט זיך ניט אויס־געצייכענט מיט קיין שבועות, וואָס בינדען צו אויף דעם גאַנצען לעבען, און ביי די ברידער זיינען ניט געווען קיין תקנות, וואָס באַשטימען יעדע קליינינקייט, ווי ביי די מאָנאַכען... געוועהנטליך פֿלעגט אַ ברידערליכע באַלעבאַטישקייט אַזוי איינגעאָרדענט ווערען: אַרום אַ צוואַנציג ברידער האָבען געלעבט געמיינזאַם אין איין הויז, וואו זיי האָבען געהאַט אַ געמיינזאַמע קאַסע און געמיינזאַמע קעסט... אַ יאָר פֿאַר׳ן אָנקומען אין דער ברודערשאַפֿט איז מען געווען אויף

*) אולמאַן, ז. 117.

פראבע. אין דעם משך פון אט דעם יאר איז מען זיך זייער שטרענג באגאנגען מיט די נייע מיטגלידער. פון יעדען נייעם מיטגליד האט מען ערווארטעט, אז ער זאל אפגעבען זיין פארמע־גען אינ'ם אלגעמיינעם באזיץ". פלארענציוס (דער פריינט און תלמיד פון הערדהארדען) זאגט אין זיינע אפאריזמען: „וועה צו דעם, ווער, לעבענדיג אין א געמיינדע, זוכט זיינס און זאגט וועגען עפעס — מיינס". די טעטיגקייט פון די ברידער איז געווען פאר־נינפטיג פארנאנדערגעטיילט צווישען זיי. באזונדערע מלאכות, באשעפטיגונגען מיט וועלכע מען האט געדארפט דינען אלעמען, האט מען איבערגעגעבען ספעציעלע פערזאנען. אין די סטאטוטען פון די ברידערליכע הייזער אין ווענזעל זיינען פאראן תקנות פאר די ברידער שניידער, פריזירער, בעקער, קוכער, קעלער־לייט, פונקט ווי פאר דעם ברודער לערער און שרייבער, דעם ברודער איינבינדער, ביבליאטעקער און פארלעזער... ניט קור־קענדיג אויף אזא צוטיילונג פון ארבייט, איז אין איר אויך פאר־געקומען א געוויסע אויסגלייכונג. די געלערענטע און די גייסטליכע צווישען די ברידער, ווי ווייט דאס איז נאר מעגליך געווען, פלע־גען זיך באשעפטיגען מיט האנט־ארבייט (מיט דער קיך פלעגען אלע פארוואלטען נאך דער רייע) די דינער פלעגען נעמען אן אנטייל כמעט אין אלץ, וואס די גייסטליכע האבען גע־דארפט טאן, אזוי, אז אין אלגעמיין האבען זיי דערמאנט אן א פאמיליע, וואס לעבט אין אחדות. די הויפט זאך, וואס האט זיי פאראייניגט, איז געווען דאס איבערשרייבען פון ביכר. אויף שרייבען זיינען אלע טאג באשטימט געווען געוויסע שטונדען, דערביי זיינען עטליכע שטונדען פארברויכט געווארען צו שרייבען פאר די ארימע"*).

פונדעסטוועגען זיינען די ברידער פון געמיינזאמען לעבען קיינמאל ניט געווארען די איניציאטארם פון א קאמוניסטישער אפאזיציאנעלער באוועגונג, — ס'קען זיין, צוליב זייער פאר־וואנדשאפט מיט די פארמעגליכע און געבילדעטע קלאסען. זיי זיינען שטענדיג געבליבען געטרייע אנהענגער פונ'ם פויפסטענטום.

---

*) אולמאן, ז. 97—102.

דער שטורם פון דער רעפארמאציע אינ׳ם 16טען י. ה. האָט גע־מאכט א סוף פון זייער פרידליכער טעטיגקייט.

גאנץ אנדערש זיינען געווען די בעגאַרדען. אין אָנפאנג, פארשעהט זיך, איז זייער סעקטע געווען א גאנץ פרידליכע, ניט איין פויפסט האָט זי געליובט. זי איז גאַר ניט ארויסגעטראָטען געגען דער עקזיסטירענדער געזעלשאפט און געגען אירע אויטאָרי־טעטען. נאָר צוביסלאך האָבען זיך אין איר אָנגעפאנגען צו אנט־וויקלען רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען.

די בעגאַרדען האָבען מיט זיך ניט פאָרגעשטעלט קיין פריי־ווילעגירטען קלאַס, ווי, למשל, די מאָנאַכישע אָרדענס. זיי האָבען ניט געפאָדערט און ניט געקראָגען פונ׳ם פויפסטענטום קיין פריווי־לעגיעס, זיי האָבען זיך קיינמאָל ניט אויפגעהויבען העכער פון די באַזיצלאָזע און זיינען מיט זיי געבליבען אין די נאָהענטסטע באַרירונגען, ווייל זיי האָבען ניט געהאט קיין באַשטימטע רעגעלען, קיין לעבענסלענגליכע שבועות. יעדער מיטגליד האָט געקענט, ווען ער האָט נאָר געוואָלט, ארויסטרעטען פון דער געזעלשאפט און חתונה האָבען, ניט ווערענדיג דערביי איר שונא.

אין דעם הינזיכט זיינען די בעגאַרדען נעהענטער פון אלץ צו די טערציאַריער פון די פראנציסקאנער, מיט וועלכע זיי פלעגען זיך ווירקליך אמאָל צוזאמענגיסען. .

נאָר אויב די פראנציסקאנער אָדער א טייל פון זיי, פריווי־לעגירטע און אנערקענטע פונ׳ם פויפסט, פלעגען אריין אין א סכסוך מיט אים, איז דאָס נאָך געווען אומפארמיידליכער פאַר די בעגאַר־דען, וועמעס פראָלעטאַרישע טענדענצען זיינען, אַן און פאַר זיך, געווען א ווידערשפרוך צום רייכטום און עקספּלואַטאַטאָרישען כאַ־ראַקטער פון דער קירך. ווי גוט און פרום א באַוועגונג איז ניט געווען, האָט זי זיך דאָך אויסגעצייגט דעם פויפסטענטום אַלס געפערליך, ווי נאָר זי האָט אָנגעפאנגען שטאַרק זיך צו פארשפרייטען, און דאָס האָט טאַקע פּאַסירט מיט די בעגאַרדען אינ׳ם 13־טען יאָרהונדערט. זייערע אָנהענגער האָבען זיך מיט א גוואַלדיגער שנעליגקייט פארשפרייט איבער גאנץ דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד. עס קאָן זיין, אז דערצו האָט פיל מיטגעהאָלפען די נאָכפראַגע אויף די פלאַמאנדישע וועבער, וועלכע א סך שטעט

האָבען אין אָט דעם יאָרהונדערט געוואָלט צו זיך צוציהען, כדי צו פאַרבעסערן די וואָל־אינדוסטריע. זיי האָבען זיך דורכגעשפּאַרט ביז וויען, טירינגען, בראַנדענבורג און שלעזיען אין מזרח, און ביז ענגלאַנד אין מערב.

פונדעסטוועגען דאַרף מען ניט מגזם זיין די באַדייטונג פון אָט די רייזעס. ענליכע לעבענס־באַדינגונגען שאַפען אליין ענליכע רעזולטאַטען. די וועבער פון לייווענט און באַוועל האָבען אליין אויך ארויסגעצייגט טענדענצען זייער ענליך צו די בעגאַרדישע, אין יענע פלעצער וואו זייער אינדוסטריע־צווייג איז אַריבער צום עקספּאָרט*).

די שנעלע פאַרשפּרייטונג פון די בעגאַרדען האָט געמוזט אַנטוויקלען זייער באַוואוסטזיין. נאָר זי האָט אויך מיטגעהאָלפען די פאָרמירונג פון פאַרשידענע ריכטונגען צווישען זיי, ווייל די זעלבינע לערע, די זעלביגע אידעען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אונטער די פאַרשידענאַרטיגסטע באַדינגונגען, צו וועלכע זיי איז אויסגעקומען זיך צופּאַסען דורך די פאַרשיידענסטע מיטלען. בעת אַ טייל פון די בעגאַרדען איז געבליבען אַ פרומע בעטלער ברודערשאַפט, איינגאַנצען אָפּגעשטאָרבען צום הבל פון דער אויסערליכער וועלט, האָבען ביי אַן אַנדער טייל אָנגעהויבען צו אַנשטעהן מער געוואַגטע געדאַנקען. עס וואַכט אויף דער פאַרלאַנג ארויסווייזען אַ ווידערשטאַנד געגען די אומגערעכטיגקייטען פון דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפט, ניט אַוועקגעהן פון איר, נאָר, אדרבא, אריינדרינגען אין איר סאַמע הארץ און באַוועגען צו פאַרניכטען אָט די אומגערעכטיגקייטען. פון די הייזער פון די בעגאַרדען זיינען ארויסגעקומען אומצעליגע אַגיטאַטאָרם — „אַפּאָסטאָלען", וואָס פלעגען אריבערגעהן, פּונקט ווי די „באַרטען" פון די וואַלדענזער, פון פלאַץ צו פלאַץ און פּרעדיגען דאָס עוואַנגעליום פון'ם

*) די סטאַטוטען פון די אולם'ער וועבער־פועלים פון'ם יאָר 1404 דערמאָנען „מיט זייער שטרענג־רעליגיעזער כמעט אסקעטישער ריכטונג די ברודערשאַפטען פון די נידערלאַנדישע בעגאַרדען, וואָס זיינען הויפּטזעכליך באַשטאַנען פון טוך־וועבער". (גילדבראַנד, „צור געשיכטע דער דויטשער וואללענאינדוסטריע", הילדעבראַנד'ס יאָר ביכער, 1866, ז. 110).

אַלטען קריסטענטום און גרינדען געמיינדעס. א חוץ די עפּענט־ליכע הייזער פון די בעגאַרדען האָט דייטשלאַנד (די נידערלאַנדען זיינען דעמאָלט אויך געווען א טייל פון איר) אָנגעהויבען זיך צו באַדעקען מיט א גאַנצער נעץ פון געהיימע געזעלשאַפטען מיט מער ראַדיקאַלע טענדענצען. אָט די געזעלשאַפטען האָבען זיך ניט געשטעלט אַלס ציל די צוגרייטונג פון א גוואַלטזאַמער איבערקע־רעניש, נאָר פּראָפּאַגאַנדע. אָבער די רעגירונגס־מאַכט, ספּעציעל די פּויפּסטליכע קירך, האָט געקוקט אויף זיי זעהר קרום און האָט אייפערזיכטיג זיי נאָכגעשפּירט און פאַרפאָלגט.

שוין אין׳ם יאָר 1299, האָט די אסיפה אין בעזער זיי באַ־שולדיגט, אַז זיי דערוועקען אין׳ם פאָלק כיליאַסטישע האָפנונגען אויף א נאָהענטען סוף פון דער וועלט, ד. ה. פון דער עקזיסטירענ־דער געזעלשאַפט, און אַרום דעם רהיין פלעגט מען אין דער זעל־ביגער צייט פאַרברענען בעגאַרדען אַלס אפּיקורסים.

די פאַרפאָלגונגען האָבען פונדעסטוועגען געהאַט נאָר א טייל־ווייזען ערפאָלג. אמת, די מער מעסיגע און שרעקעדיגע פּראַקציע פון די בעגאַרדען איז אָנגעשראָקען געוואָרען און די בעגאַרדישע הייזער, וואָס האָבען געהערט צו אָט דער ריכטונג, האָבען אַלץ אָנגעווענדעט, כדי זיך צו פאַרטיידיגען פון אָט די פאַרפאָלגונגען: אָדער זיי פלעגען זיך שטעלען אונטער׳ן שוץ פון עפּעס אַן עקזיס־טירענדען מאָנאַכען־אָרדען, אָדער זיי פלעגען צו אים דירעקט צו־שטעהן. מיט אָט דער לאַגע האָבען זיך אממערסטענס באַנוצט די פראַנציסקאַנער; ביי זיי האָט זיך באַמערקט א ענליכקייט צו דעם פאַנאַטיש־פרומען טייל פון די בעגאַרדען און זיי האָבען ערוואָרבען א גאַנצע רייע הייזער זייערע*).

נייע הייזער פון בעגאַרדען זיינען זעלטען ווען געגרינדעט געוואָרען נאָך דעם 13טען יאָרהונדערט.

נאָר דער מער ענערגישער טייל פון די בעגאַרדען איז געציוואונ־

---

*) אין אַנטווערפּען איז דאָס דאָרטיגע הויז פון די בעגאַרדען שוין אין׳ם יאָר 1290 אַריבערגעגאַנגען צו די פראַנציסקאַנער. אין׳ם 15טען י. ה. איז דאָס פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין א ווירקליכען מענער מאָנאַסטיר.

גען געווארען דורך די פארפאָלגונגען צו א גרעסערער פארבאָר־נענהייט און צו א מער אנטשיידענער אָפּאָזיציע. דעם פּראָ־צעס האָבען א סך מיטגעהאָלפען די פראנצויזישע און איטאַ־ליענישע עמיגראנטען, וואָס האָבען זיך פון דער צייט פון די אלבינעיאישע מלחמות מיט א חשק א לאָז געטאָן קיין דייטשלאנד, וואו די רעגירונגס־מאכט איז ניט געווען אזוי שטארק און איז ניט געווען אזוי פאראינטערעסירט צו שטיצען דאָס פּויפּסטענטום, ווי אין פראנקרייך אָדער אין די איטאַליענישע שטאַטען, און וואו עס איז דערפאר גרינגער געווען אָפּצוזוכען א מקום־מקלט אין שטאָט אָדער אויף די גיטער פון די ערד־באזיצער; די נייע אר־בייטער פלעגען זייער אָפט טאקע קומען צו זיי אינ'ם ריכטיגען מאָ־מענט.

פון דרום־פראנקרייך און איטאַליען פלעגען צו זיי געהן די וואלדענזער און די אפּאָסטאָל־ברידער.

פון צפון־פראנקרייך פלעגען קומען די ב ר י ד ע ר א ו ן ש ו ו ע ס ט ע ר פ ו ן פ ר י י ע ן ג ײ ס ט.

פון פלאַנדריע האָט זיך די טוך אינדוסטריע, אלס אַן עקספּאָרט אינדוסטריע, שנעל פארשפּרייט אין די דערבייאיגע לענדער, וואָס זיינען געווען מיט איר אין שטענדיגע האנדעלס־באציהונגען, נעמ־ליך אין דער נידער־רהיינישער געגענט, אין צפון־פראנקרייך, ספּע־ציעל אין שאמפּאן, וואו זי האָט זיך צעבליט אינ'ם 13טען י. ה. אין דעם 14טען יאָרהונדערט איז די טוך־אינדוסטריע שטארק גע־זונקען הויפּטזעכליך צוליב די ענגליש־פראנצויזישע מלחמות, וואָס האָבען פארמאכט אלע האנדעלס־וועגען און אָפּגעשניטען דעם צופיר פון רויע מאטעריאַלען.

צוזאמען מיט דער פריצייטיגער אנטוויקלונג פון דער וואָל־אינדוסטריע געפינען מיר שוין דאָרטען זעהר פרי די ברודער־שאפטען פון די וועבער מיט קאָמוניסטישע טענדענצען (אָדער, לכל הפחות, מיט אלט־קריסטליכע, וואָס ביי די פּראָלעטאריער איז דאָס אלץ איינס), פון די קליינע אפּאָסטאָלען (מען דארף זיי ניט צוזאמענמישען מיט די איטאַליענישע אפּאָסטעל־ברידער), וועלכע האָבען זיך געשטעלט אלס ציל צוריק איינפירען דעם ארט לעבען פון די אפּאָסטאָלען. „זיי זיינען שוין געווען באוואוסט

אינ׳ם 12־טען יאָרהונדערט אין דער צייט פון דעם הייליגען בערנהאַרד, וואָס האָט שטאַרק מבטל געווען זייער לערע אין זיינע צוויי רעדעס וועגען שיר השירים... די קליינע אַפּאָסטאָלען האָבען געלעבט הויפּטזעכליך אין פראַנקרייך... זיי פלעגען ארבייטען און ציען חיונה פון אייגענער פראַצע דאָס זיינען געווען האַנט־ווערקער הויפּטזעכליך וועבער, ווי מיר דער־וויסען זיך פון דעם הייליגען בארנהארד׳ס ווערטער, וואָס, הגם ער טאַדעלט זיי שאַרף גענוג, שטעלט ער זיי אָבער צום פאַר־דינסט זייער פלייסיגקייט״*)

פונדעסטוועגען האָט צפון־פראַנקרייך אינ׳ם צוועלפטען יאָר־הונדערט נאָך ניט פאַרגעשטעלט מיט זיך אזא באקוועמען באָדען פאַר עגליכע סעקטען, ווי דרום־פראַנקרייך אָדער פלאַנדריע. די קליינע אַפּאָסטאָלען האָבען קיינמאָל ניט דערגרייכט אזא באדיי־טונג, ווי די וואַלדענזער אָדער די בעגאַרדען. א גרויסען איינפלוס האָבען באַקומען די ברידער און שוועסטער פון פרייען גייסט, וואָס האָבען זיך באוויזען אין דעם 13־טען יאָרהונדערט.

אָט די סעקטע האָט געגרינדעט אמאלריך פון בען (געבאָרען געוואָרען אין בען אין דעם שארטר דיסטריקט אין פראַנקרייך), וואָס איז געווען ארום דעם יאָר 1200 א מאַגיסטער פון טעאָלאָגיע אין פּאַריז. באשולדיגט אין פאַלשע דאָקטרינען, האָט אים דער פּויפּסט אינאָקענטיוס דער 3־טער, אינ׳ם יאָר 1204 ארויסגערופען קיין רוים און אים געצוואונגען זיך אָפּצוזאָגען פון זיינע טעאָריעס. דעמאָלט האָט מען געקלערט, אז אויף אזא אופן מאַכט מען די טעאָריעס גופא אומשעדליך. נאָר נאָך אמאלריך׳ס טויט (אינ׳ם יאָר 1206) האָט זיך ארויסגעצייגט, אז ביי אים זיינען געבליבען צאָלרייכע נאָכפאָלגער. דער אויסגעצייכענטסטער תלמיד זיינער איז געווען דאוויד דינאַנער (דינאַן איז נעבען נאַמור אין בעלגיום). אינ׳ם יאָר 1206 האָט די פּאַריזער אסיפה מחרים געווען די לערע פון אמאַלריך׳ן, און פון יענער צייט אָן האָבען זיך אָנגעפאַנגען שטאַרקע פאַרפאָלגונגען געגען די אמאַלריקאַנער.

---

*) מאַסהיים, „קעטצערגעשיכטע״, ז. 380.

די אַמאַלריקאַנער זיינען געווען די מוטיגסטע און ראַדי־קאַלסטע סעקטע פון יענער צייט. זיי האָבן געפאָדערט ניט נאָר דעם קאָמוניזם פון פאַרמעגן, נאָר אויך די געמיינזאַמקייט פון פרויען; זיי פלעגן פאַרדאַמען יעדע אומגלייכהייט און דער־ריבער יעדען מין אויטאָריטעט. זיי האָבן לסוף דערקלערט, אַז גאָט איז אַלץ און געפינט זיך איבעראַל*), פאָלגליך, אויך אין דעם מענשען, אַז דער מענשליכער ווילען איז גאָט'ס ווילען, און אַז דערפאַר זיינען אַלע פליכטען, וואָס מען לעגט אַרויף אויף מענ־שען פעלערהאַפט, אַז יעדער האָט רעכט און איז אפילו מחויב צו פאָלגען זיינע פאַרלאַנגען. ווען מען נעמט אַוועק פון אָט דער פאַנטעאיסטישער טעאָריע איר מיסטישען מאַנטעל, ערשיינט זי ווי עפּעס אַ מין קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם, אַ טעאָריע, וואָס האָט געמוזט שטאַרק צוציען די אויסגעמאַטערטע און אונטערדריקטע פראָלעטאַריער.

און, ווירקליך, פון פאַריז האָט זי זיך שנעל פאַרשפּרייט אי־בער מזרח־פראַנקרייך און דייטשלאַנד. אַ גרויסער טייל פון די בעגאַרדען האָט אָנגענומען אָט די טעאָריע. ביים סוף פונ'ם 13־טען יאָרהונדערט איז זי שוין געווען אַזוי פאַרשפּרייט צווישען די רהייניש בעגאַרדען, אַז די באַגריפען „ברידער און שוועסטער פון דעם פרייען גייסט" און „בעגאַרדען" זיינען געוואָרען אַ יי־ד ע נ ט י ש.

דער באַגריף „בעגאַרדען" איז צוביסלאַך געוואָרען אַלץ ברייּ־טער און ברייטער. וואָס מער עס האָט זיך צוואַוואַקסען יענע ריכטונג פון אָט דער טעאָריע, וועלכע האָט אויפ'ן ערשטען פּלאַן געשטעלט דעם קאַמף געגען פויפּסטענטום, אַלץ מער באַריר־פּונקטען האָט זי געקראָגען מיט דער בורזשואַזער און פויערישער דעמאָ־

---

*) מען קען דאָס ניט אויסדריקען קרעפטיגער, ווי דאָס האָבען געטאָן די אַרעסטירטע בעגאַרדען אַרום דעם יאָר 1339 אין דעם בישאָפּ־טום פון קאָנסטאַנץ, וואָס האָבען געפּריידיגט לויט יאָהאַן ווינטער־טורער: דאָס גרויסקייט פון דער מידת הרחמים אַנטפּלעקט זיך אין דער לויז פונקט ווי אין דעם מענשען" (אולמאַן, „רעפאָרמאַטאָרען", ב. 2, ז. 20).

קראַטישער אָפּאָזיציע, וואָס איז אויך געווען געריכטעט געגען דער עקזיסטירענדער אָרדנונג, און וואָס האָט געזעהן אינ׳ם פּויפּסטענטום דעם הויפּט און געפערליכסטען שונא. אָט די צוויי ריכטונגען האָבען זיך אַלץ גרינגער געקענט צונויפגיסען, ווייל זיי פלעגען זיך באַנוצען מיט איינע און די זעלביגע אַרגו־מענטען, וואָס זיי האָבען ענטנומען פון דעם אַלטען קריסטענטום, און וואָס ניט דער מיסטישער נעבעל, וועלכער האָט איינגעהילט די טעאָריעס פון אָט די צוויי סעקטען, ניט די אבזיכטיגע קאָנספּי־ראַטיוויטעט, וואָס די אגיטאַטאָרס פלעגען זיי צוגעבען, כדי אויס־צומיידען די פאַרפאָלגונגען*), האָבען ניט געקענט צוגעבען קיין קלאָרקייט צו זייערע פּרינציפּען. אזוי האָבען זיך אינ׳ם 14טען יאָרהונדערט אין דייטשלאַנד אַלע אפּיקורסים בכלל אָנגערופען בעגאַרדען. אין ענגלאַנד, וואו די בעגאַרדען האָבען זיך גערופען לאָלאַרדען, האָט מען אָט דעם לעצטען נאָמען אויך אזוי אָנגע־פאַנגען צו באַנוצען.

דערפאַר, ווען מען זאָגט, אַז אין דער ערשטער האַלב פונ׳ם 14־טען יאָרהונדערט האָט אין דייטשלאַנד, און שפּעטער אין ענג־לאַנד געשוויבעלט און געגריבעלט מיט בעגאַרדען אָדר לאָלאַרדען,

---

*) די שווערע שול פון „קאָנספּיראַטיוויטעט" האָט ביסלאַכווייז אויסגעאַרבייט ביי די „אַפּאָסטאָלען" אַ מערקווירדיגע פלינקייט אין פאַר־דעקען זייערע צילען. שוין אין דעם 13־טען י. ה. טאַדעלט דאַוויד דער אויגסבורגער די אפּקורסים הויפּטזעכליך דערפאַר, וואָס זיי קענען זיך אַזוי ביטרע אויסדרעהען מיט ווערטער, און וועגען עפּעס אַ וואַלדענזער אַפּאָסטאָל פונ׳ם 14־טען יאָרהונדערט ווערט אין אַן אַלט ווערק בוכשטעב־ליך געזאָגט דאָס פאָלגענדע: „ער איז געווען זעהר שאַרפזיניג און האָט געקענט באַפּוצען און פאַרטונקלען זיינע פאַלשע טעאָריעס מיט ווערטער"... ביי די „מיסטיקער" שפּילט דער סימוואָליזם אַ זייער וויכטיגע ראָליע. מיינונגען, עצות און טעאָריעס, וואָס זיי האָבען אוים פּחד פאַר דער אינ־קוויזיציע ניט געקענט אָנרופען מיט זייערע ריכטיגע נעמען פלעגען, געוויינליך, באַצייכענט ווערען דורך עפּעס אַ שפּראַך פון צייכענס, וואָס נאָר די „ברידער" האָבען זי פאַרשטאַנען. שאַנזע ווייזט זייער ריכטיג אָן דאַרויף, אַז זיי האָבען, וואַרשיינליך, אַבזיכטליך צוגעגעבען זייערע למודים אַן אַלעגאָרישע פאָרם". (ל. קעללער, „די רעפאָרמאַציאָן", ז. 184, 219).

דאַרף מען ניט דענקען, אַז די קאָמוניסטישע באַוועגונג איז געווען אַזוי שטאַרק, ווי מען האָט געקענט דערוואַרטען, צוליב דער פאַר־שפּרייטקייט פון אָט־די סעקטען; נאָר אַלענפאַלס קליין איז זי ניט געווען.

## 2. לודאָוויק פון בייערן און דער פּויפּסט.

אַ גוטע צייט פאַר די בעגאַרדען, און בכלל פאַר אַלע אַפּיקורסי־שע באַוועגונגען איז אָנגעקומען אין דייטשלאַנד, בעת עס איז פאַרגעקומען דער קאָנפליקט צווישען דעם קייזער לודאָוויק דעם 4טען (פון דעם יאָר 1314 ביז דעם יאָר 1374) און דעם פּויפּסט. מיר דאַרפען באַטראַכטען אָט דעם קאָנפליקט אַביסעל נעהענטער.

די היסטאָריקער פון דעם נאַציאָנאַל־ליבעראַלען לאַגער, ספּעציעל אין די פּאָפּולערע ווערק, האָבען ליב צו באַטראַכטען יעדער צוזאַמענשטויס פון׳ם קייזער מיט׳ן פּויפּסט אַלס אַ „קולטורעלען קאַמף“, — אַ קאַמף צווישען דער העכסטער קולטור פון דער דייטשער אימפּעריע און דעם פינסטערן באַרבאַריזם פון דעם פּויפּסטענ־טום, קיין חלוק ניט ווען אָט דער קאַמף האָט זיך צושפּילט — אין דעם 10־טען אָדער 19־טען י. ה.

אין דער ווירקליכקייט אָבער האָבען ניט אַלע, אפילו די מיטעל־אַלטערליכע, צוזאַמענשטויסען צווישען דעם קייזער און פּויפּסטענטום געטראָגען איינעם און דעם זעלביגען כאַראַקטער. פון די אָטטאָנער ביז די האָהענשטאַופענס איז באמת דער קאַמף פאָרגעקומען צוליב דעם, ווער עס זאָל הערשען און זיך באַניצען מיט דער מעכטיגער אָרגאַניזאַציע פון דער קירך, ווער עס זאָל זיין דער הערשער און באַזיצער פון אָבער־איטאַליען. די לעצטע פראַגע איז געשליכטעט געוואָרען דערמיט, וואָס די שטעט פון אָבער־איטאַליען האָבען זיך באַפרייט פון יעדער אַפּיטרופּסות און פאַרמירט זעלבסטשטענדיגע שטאַטען. דער קאַמף פאַר דער מאַכט איבער דער קירך האָט זיך, ווי אין אַ סך אַנדערע פאַלען, גע־ענדיגט מיט׳ן נצחון פון דער העכסטער קולטור, — פון דעם אי־טאַליענישען פּויפּסטענטום איבער דעם באַרבאַריזם, — איבער דער גערמאַנישער קייזערליכער מאַכט. די דורשט פון די קייזערס

צום רייכטום פון איטאַליען האָט געפירט נאָר דערצו, אַז זיי זאָלען צוברעקלען זייערע קרעפטען, און אַז צוזאַמען מיט'ן זיג פון'ם פויפּסטענטום איבער'ן קייזער האָבען דעם נצחון געקענט פייערן אויך די גערמאַנישע טעריטאָריעלע באַזיצער. די אַנטשטעהונג פון דער האַנדעלס פּראָדוקציע און פון'ם אויסטויש האָט געהאָלפען דער אַנטשטעהונג פון דעם פירשטליכען אַבסאָלוטיזם; נאָר אין דייטשלאַנד האָט דאָס געבראַכט ניט צו דער פאַרשטאַרקונג פון דער צענטראַלער מאַכט, וואָס איז, אדרבא, נאָך דעם אונטערגאַנג פון די האָהענשטאַופענס קאַנטליך אָפּגעשוואַכט געוואָרען, נאָר צו דער ערהויבונג פון די אימפּעריאַלע פירשטען, וועלכע זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין זעלבסטהערשענדע באַפעלער, וואָס האָבען אַנערקענט דעם דייטשען קייזער נאָר ווי עפּעס א מין פּרעזידענט פון'ם פאַרבאַנד.

אַנדערש איז די לאַגע געווען אין דער דערבייאיגער פראַנקרייך. דאָרט איז פון'ם 13טען יאָרהונדערט כסדר געוואַקסען די מעכטיגקייט פון'ם קעניג, ספּעציעל פון יענער צייט, וואָס די דינאַסטיע האָט פאַרכאַפּט דאָס רייכע דרום־פראַנקרייך. אין דער זעלביגער צייט, ווען דער לאַנגיאָריגער קאַמף פון די דייטשע קייזערס געגען דעם פויפּסטענטום האָט זיך געענדיגט מיט א נצחון פון דעם לעצטען, האָבען די פראַנצויזישע קעניגען דערגרייכט אַזאַ מעכטיגקייט, אַז זיי האָט זיך גאָר אָהן שוועריגקייטען איינגעגעבען אַלץ, צו וואָס די דייטשע קייזערס האָבען פּרוכטלאָז געשטרעבט: די פויפּסטען האָבען זיי פאַרוואַנדעלט אין זייער געצייג, די קירך — און זייער שקלאַפין. באָניפאַציוס דער אַכטער מיט וועלכען מיר האָבען זיך באַקאַנט אין דער געשיכטע פון דאָלצינאַ, איז אומגעקומען ביים פּאַרזוך ארויסצודרעהען זיך פון אונטערטעניגקייט צו פיליפּ דעם פערטען פון פראַנקרייך (אינ'ם יאָר 1303). כדי מאַכען א סוף צו אַלע שטרעבונגען פון די פויפּסטען צו אומאָפּהענגיגקייט, האָט פיליפּ געצוואונגען דעם צווייטען נאָכפאָלגער פון באָניפאַציוס, קלימענטיוס דעם פערטען, א פראַנצויז, וואָס איז ערוועהלט געוואָרען אינ'ם יאָר 1305, צו פאַרלאָזען רוים און זיך באַזעצען אין דרום־פראַנקרייך; נאָך לאַנגע נסיעות פון איין אָרט צום צווייטען, האָט ער זיך, ענדליך, באַזעצט אין אַוויניאָן

(אינ׳ם יאָר 1308), וואָס איז אינ׳ם משך פון אַ גאַנצען יאָרהונדערט געבליבען די רעזידענץ־שטאָדט פון די פּויפּסטען.

דעמאָלט איז די מאַכט פון פּויפּסט אינגאַנצען געוואָרען אָפּהענגיג פון פראַנקרייך. שוין ביי זיין דערוועהלונג האָט קלימענטיוס געמוזט געבען פיליפּ דעם פערטען אַ גאַנצע רייע הבטחות — און פיליפּ האָט שוין אַכטונג געגעבען מען זאָל זיי אויספירען. גלייך ווי ער איז ארויף אויף זיין פּויפּסטליכען טראָן, האָט קלימענטיוס אַוועקגעגעבען פיליפּען אַ צענטעל פון זיין קירכליכען פאַרמעגען אין פראַנקרייך. נאָר אַ גרעסערע באַדייטונג האָט געהאַט די אויפלייזונג פון דעם זעהר רייכען אָרדען פון די טאַמפּליערן, וואָס האָט זיך אויפגעהאַלטען אין דרום־פראַנקרייך און וועמעס אוצרות עס האָבען שוין לאַנג צו זיך צוגעצויגען פיליפּ׳ן *). ווי קלימענטיוס האָט זיך ניט געדרעהט, ווי ער האָט זיך ניט געפלייסט, האָט ער גאָרניט געקענט טאָן.

*) ווי אַלע אַנדערע אָרדענס, האָבען זיך די טאַמפּליערן באַשעפטיגט ניט נאָר מיט עבודת הבורא, זיי האָבען אויך אויסגעצייכענט געקענט אַפּאַרביימען אַנדערע עסקים. „דער רום פונ׳ם מיליטערישען מוט פון די טאַמפּליערן, — זאָגט פּרוטץ, — איז געווען אומבאַשטרייטבאַר, נאָר ניט ווייניגער שרייענד איז אויך געווען דאָס פאַרדאַמען פון דער עגאָאיסטישער פּאָליטיק פון דעם אָרדען, וואָס האָט שטענדיג אַוועקגעשטעלט זיינע אינטערעסען העכער פון די אינטערעסען פונ׳ם גאַנצען קריסטענטום. דערביי פלעגט מען אָנצייגען, הויפּטזעכליך, אויף די מאָדנע באַציהונגען פונ׳ם אָרדען צו אומגלויביגע, — ער פלעגט זיך באַמיען צו פאַרגרעסערען זיין רייכטום אפילו אויפ׳ן חשבון פון די קריסטליכע נגידים און פירשטען; שוין גאָר פרי האָט מען אים אָנגעפאַנגען צו באַשולדיגען אין געלטזוכטיגקייט. ער האָט פאַרמאָגט א ו מ ג ע ה י י ע ר ע פ י נ אַ נ ס ־ מ י ט ל ע ן און סוף כל סוף איז ער געוואָרען עפּעס אַ מין פינאַנציעלע גרויס־מאַכט. בעת מען האָט אים אויפגעלעזט, האָט זיין אומבאַוועגליך אייגענטום זיך געשאַצט אין ארום 25—62 מיליאָן פראַנק, דערביי פלעגט דער אָרדען באַקומען יערליך ניט ווייניגער פון צוויי מיליאָן פראַנק פון רענט, מעשר, פּראָצענט, א. אז. וו., — אַ סומע, וואָס איז אין היינטיגער צייט פינף־און־צוואַנציג מאָל גרעסער. אָט דאָס לעגענדאַרישע רייכטום האָט ווירקליך ווינציג וואָס געפּאַסט צו דער, דורך תקנות באַשטימטער, אָרעמקייט פון „די אָרימע ברידער פונ׳ם טעמפּעל”, נאָך מער, ווייל נאָר אַ קליינע טייל פון אָט דעם

ער האָט געמוזט פאַרמשפּטן און אויפלעזן דעם אָרדען נאָך א סקאַנדאַליעזן פּראָצעס, וואָס איז פאַרפירט געוואָרען געגען אים פאַר זיינע בלומרשט אומרעליגיעזע און אוממאָראַלישע אויפפירונגען. וואָס אין אַנדערע לענדער פלעגען די קעניגען דער־

---

רייכטום איז פאַרנוצט געוואָרען פאַר די צוועקען, וואָס ענטשפּרעכען דעם כאַראַקטער פון דעם אָרדען, און פאַר די נוצען פון דעם הייליגען לאַנד. דערביי האָט דער אָרדען זיך באַשעפטיגט ניט נאָר מיט נאַוויגאַציע, נאָר אויך מיט גרויסע האַנדעלס אונטערנעמונגען. אויף זיינע באַרזשען פלעגט דער אָרדען אַפּפירען און צוריקברענגען אַלע יאָר טויזענדער פּילגרימען פון פּאַלעסטינע, און די פּריווילעגיע אָהן אָפּצאָלונגען צו אימפּאָרטירען פּראָדוקטען פאַר'ן אייגענעם געברויך פונ'ם מזרח, האָט אים געגעבען די מעגליכקייט צו מאַכען איינטרעגליכע ספּעקולאַציעס אויף אַ גרויסען מאַסשטאַב. זייענדיג דער הויפּט פאַרמיטלער אין דעם פאַרקער צווישען מזרח און מערב, האָט דער אָרדען דערגרייכט אַ ערשט־קלאַסיגע באַדייטונג פאַר'ן גאַנצען געלט אויסטויש. די בישאָפען פלעגען שיקען די באַשטימטע געלדער פאַר'ן הייליגען לאַנד אויף די שטאַרקע און שנעלע שיפען פונ'ם אָרדען קיין פּאַלעסטינע, דאָרטען האָט מען זיי געהאַלטען אין דער שאַץ־קאַמער פון דעם אָרדען. אין אַנדערע פינאַנציעלע אָפּעראַציעס איז דער אָרדען אויך אָפט ערשינען אַלס פאַרמיטלער. זיין הויפּט הויז אין פּאַריז, טאַמפּעל, איז געוואָרען אַן אמת'ע אינטערנאַציאָנאַלע בירזשע, צו וועלכער עס פלעגען זיך ווענדען מיט אויפטראַגען סוחרים, וואָס זיינען ווייט געווען אייבער פון דעם אָרדען; אַפילו פירשטען פלעגען דאָס טאָן: די פראַנצויזישע קעניגען פלעגען זיי אוועקגעבען זייערע אוצרות צום אויפפּאַסען, אין טאַמפּל פלעגען זיי מאַכען און אויפנעמען זייערע אָפּצאָלונגען. פאַרשטעהט זיך, דער אָרדען האָט דאָס אַלץ געטאָן ניט נאָר אויס ליבע צום צווייטען, אָהן שום אייגענוץ פאַר זיך גופא. דער אָרדען איז געווען אַ מיליטערישע אָרגאַניזאַציע און אַ לאַנד־באַזיצער, מיט וועמען קיינער האָט ניט געקענט קאָנקורירען; אויף אַזאַ אופן איז ער אויך געוואָרען אַ פינאַנץ־מלוכה. די קעניגען פלעגען זוכען זיין פריינטשאַפט און זיינען געוואָרען זיינע בעלי־חובות; טאַקע פיליפּ דער פערטער האָט אַליין געמוזט פאַרזוכען און ליידען פון אָט דער מעכטיגקייט פונ'ם אָרדען". (ה. פּרוטץ, „שטאַאַטסגעשיכטע דעם אבענדסלאַנדעס אים מיטעלאַלטער", בערלין, 1887, ב. 2, ז. 49, 50). דער טעמפּעל פון די קריסטליכסטע פון אַלע קריסטליך־גערמאַנישע ריטער — אַ האַנדעלס־בירזשע! אָט דער פאַקט איז נאָך אומאַנגענעמער פאַר די אַנטיסעמיטען, ווי לעסינג'ס אויסגעטראַכטער טעמפּליער, וואָס האָט זיך באַפריינדעט מיט'ן „איד" נאַטאַן.

גרייכען דורך אָפּזאָגען זיך פון'ם פויפּסט, נעמליך די קאָנפיסקאציע פון'ם קריסטליכען פארמעגען, איז אין פראַנקרייך געטאָן געוואָרען דורכ'ן פויפּסט גופא. קיין חדוש ניט, וואָס די פראַנצויזישע קע־ניגען זיינען געבליבען גוטע קאטאָליקען און נאָכפאָלגער פון פויפּסט און פלעגען פלייסיג פארפאָלגען יעדע אפיקורסות.

אין דער אויסערליכער פּאָליטיק האָבען די פויפּסטען אויך געדארפט א טובה טאָן די פראַנצויזישע קעניגען, וואָס האָבען שטענ־דיג געטראָגען אַ שנאה צו ענגלאַנד און כסדר געוואָלט פארגרע־סערען זייער מלוכה אויפ'ן חשבון פון דייטשלאַנד. דערפאר פלע־גען זיי צווינגען די פויפּסטען צו מחלוקת מיט די ענגלישע קעניגען און דייטשע קייזערס.

אגב, האָט זיך דארויף אייגענטליך קיין צוואַנג ניט געפאָ־דערט. פון יענער צייט, וואָס די פויפּסטען זיינען ארונטער אונטער דער מאַכט פון די פראַנצויזישע קעניגען, האָבען זיי אין פראַנק־רייך פארלוירען די בעסטע טייל פון הכנסה. א דאַנק זייער אָפּ־וועזענהייט פון רוים זיינען די הכנסות פון'ם קירכליכען געגענט געוואָרען אַלץ אומבאשטימטער, און אַמאָל זיינען זיי גאָר דאָרטען אויסגעטריקענט געוואָרען. אין דער זעלביגער צייט אָבער איז אינ'ם הויף פון'ם פויפּסט פונקט, ווי אין יעדער אַנדער הויף, מיט דער אַנטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע, געוואַקסען דער לוקסוס, די באדערפעניש און גירינגקייט צו געלט. וואָס ווינציגער מען האָט געקענט נעמען פון פראַנקרייך און איטאַליען, און אין גיכען אויך פון שפּאַניען, אַלץ מער איז אויסגעקומען ארויסצו־פּרעסען פון די צפון־לענדער. אין אַוויניאָן האָבען די פויפּסטען צוגעטראַכט יענע סיסטעם פון פינאַנציעלער עקספּלואַטאַציע פון דער דייטשער קירך, וואָס האָט ענדליך געפירט צו דער רעפאָרמאַציע.*)

*) דאָס אויבען־ציטירטע ווערק פון האַנס פרוטץ אַנטהאַלט אויך אַן אנזיכטיגע באשרייבונג פון די פויפּסטליכע פינאַנץ־מעטאָדען, די פי־נאַנץ־קונסט פון דער רוימישער קוריע האָט נאָך גאָר באַצייטענס דער־גרייכט אַ הויכע אַנטוויקלונג. אי די ציגזען, אי די אָפּצאָלונגען, אין אנקלאנג מיט די צאָלרייכע שטופען פונ'ם גייסטליכען ראַנג און מיט דער ענדלאָזער פארשידענארטיגקייט פון עסקים, זיינען געבראַכט געוואָרען אונטער אַ גוט באַטראַכטער סיסטעם, וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט קיין איין

ד. ה. אז דייטשלאַנד זאָל אָפּפּאַלען פון רוים. די פּויפּסטען האָבען געקענט ארויפוואַרפען אויף דייטשלאַנד, וואו די צענטראַלע מאַכט אינ׳ם 14טען י. ה. איז געוועזן זייער שוואַך, אַלץ, וואָס זיי האָבען נאָר געוואָלט. די פאָדערונגען, וואָס די פּויפּסטען האָבען אונטער די פאַרשידענסטע פּרעטענזיעס געשטעלט צו די בישאָפען און מאָ־נאַסטירען פון דייטשלאַנד, זיינען געוואָרען אַלץ גרעסער, און אין דער זעלביגער צייט זיינען זיי אויך געוואָרען מעטאָדען פון דירעק־טער עקספּלואַטאַציע, למשל, דורך דעם האַנדעל מיט מחילות און דורך געלט־פאַרגיטיגונגען, ספּעציעל דורך דער אויסשליסונג

---

צופאַל צו אויסנוצען אַ געלעגענהייט אויפ׳ן גרונט פון יעדען אַפילו פאַנטאַסטישען רעכט. אויב מען האָט נאָך פריער זיך דאַרויף געקלאָגט, איז דער איבעל איבערגעגאַנגען יעדען גרעניץ, בעת דאָס פּויפּסטענטום האָט אַנגעוואוירען די הכנסות, וואָס רוים און דער קירכען־געגענט האָט אים געבראַכט, אין דער זעלביגער צייט, ווען דער צופלוס פון גליק זוכענדע אַוואַנטוריסטען אין דער אַוויניאָנער קוריע און דאָס צולאָזענע לעבען אין דעם פרעהליכען פּראָוואַנס האָט באַדייטענד פאַרגרעסערט די באַדער־פעניש אין געלט־מיטלען. אונטער דער פאַראייניגטער ווירקונג פון אַט די אַלע באַדינגונגען האָט די פינאַנץ־קוריע דערגרייכט טאַקע פשוט אַ שטוינענדע פולקאָמענהייט אין אָפּזוכען די מיטלען פון איין זייט, און ממלא זיין צוויי מאָל און דריי מאָל אַזוי פיל, וויפיל מען האָט אַנגעוואוירען, פון דער צווייטער זייט. די קירך און די קוריע האָבען געשטרעבט זיך צו פאַרגיטיגען הויפּטזעכליך בעת׳ן אויספילען די הויך־באַצאָלטע קירכען־שטעלעס. גענומען האָבען ניט נאָר די הויכע באַאַמטע, נאָר אויך די גאַנצע אַרמיי פון די נידעריגע, פון נאָטאַריוסען, קאַנצע־ליאַריסטען, שרייבערלאַך, א. אז. וו., דורך וועמעס קלעפּיגע הענט עס זיינען דורכגעגאַנגען די דאָקומענטען בנוגע דער אויספילונג פון די הויכע קירכליכע שטעלעס, איידער זיי זיינען דערגאַנגען צום פּערזאָן, וועמען מען האָט איינגעלאַדען אויף אַט דעם פּאָסט אָדער צו זיין פאַר־טרויטען. זיך דערהויבען ביז צום פּאָסט פון אַן אַבּבאַט, אַ בישאָף אָדער ערץ־בישאָף — האָט אָפּגעקאָסט דעם פאַראינטערעסירטען פּערזאָן פריער פון אַלץ אַ ממון מיט געלט, ניט רייזדענדיג שוין וועגען די אויסגאַבען אויף מפים זיין פאַרשידענע הויך־געשטעלטע באַאַמטע כדי צו דערגריי־כען צום ציל. פאַרשטעהט זיך, יעדער איינער האָט שוין געזעהן שפּעטער זיך צו פאַרגיטיגען פאַר אַט די אַלע קרבנות און אָנגעווענדט צו זיינע אונטערגעאָרדענטע אַ סיסטעם פון טאַקסעס און אָפּצאָלונגען, ענליך צו דער, וועלכע מען האָט צו אים אָנגעווענדט. אַט פּונקט אַזוי האָט מען

פון דער קירכע, זיינען אַט די פאָדערונגען געוואָרען אַלץ חוצפהדיגער.

„אַ דאַנק די אומאויפהערליכע פאָדערונגען פון די פּויפּסטען, — זאָגט איין געטרייער קאַטאָליק, — אַ דאַנק די רייזעס קיין רוים, וואָס האָבען זעהר פיל געקאָסט, און אַ דאַנק די שטענדיגע מלחמות האָבען זיך כמעט אַלע דייטשע מאָנאַסטירען פאַרשולדיגט (אינ'ם 14טען און 15טען י. ה.) און זיינען געצוואונגען געווען צאָלען צו די איטאַליענישע באַנקירען ריזיגע הויטשינדערישע פּראָצענטען. אַט די באַנקירען אין סיען, רוים און פלאָרענץ

---

זיך נוהג געווען לויט דער אָרדנונג ווייטער, און די, וואָס זיינען געשטאַנען נידעריגער האָבען געדאַרפט ניט נאָר ממלא זיין פון זייערע באַגרעניצטע מיטלען די אויסגאַבען פון די העכערע באַאַמטע, נאָר טאַקע זיי פאַרגיטיגען און געבען דעם אַנטשפּרעכענדען פאַרדינסט. אַ באַדייטענדע ראָלע אין די הכנסות פון דער קוריע האָבען געשפּילט די ק אָ נ פ י ר מ אַ צ י אָ נ ע  אָ פּ צ אָ ל ו נ ג ע ן, ד. ה. אַ מין אָפּצאָלונג, וועלכע די ניי־געקומענע קירכליכע באַאַמטע האָבען געדאַרפט איינצאָלען פאַר דעם, וואָס דער פּויפּסט האָט זיי באַשטעטיגט אין זייערע שטעלעס. שוין ביום סוף פונ'ם 13־טען יאָרהונדערט האָט מען פאַר דעם בריקסענער בישאָפטום געדאַרפט באַצאָלען קאָנפירמאַציאָן־געלט פיר טויזענט גאָלדענע גולדענס, ניט אַריינרעכענענדיג די צוויי הונדערט גאָלדענע גולדענס טרינק־געלט צו די פּויפּסטליכע באַאַמטע. שפּעטער זיינען אַט די טאַקסעס באַדייטענד פאַרגרעסערט געוואָרען: פאַר דעם טרירער בישאָפטום, פאַר דעם מאַינצער און פאַר דעם זאַלצבורגער בישאָפטום האָט מען געדאַרפט באַצאָלען קאָנפירמאַציאָנס־געלט צו צען טויזענט גאָלדענע גולדענס, פאַר דעם רואַנער אַפילו 12 טויזענט. די פּרייז פון דעם לאַנגרער בישאָפטום איז געווען ניין טויזענט, פונ'ם קאַמבריער — זעקס טויזענט, פונ'ם טולוזער און סעווילער צו פינף טויזענט גאָלדענע גולדענס און אַפילו פאַר אַזאַ אָרים בישאָפטום, ווי דאָס מינדענער, האָט מען געצאָלט פינף הונדערט גאָלדענע גולדענס. מען פלעגט אויך פאָדערען קאָנפירמאַציאָנס־געלט פאַר דעם אַמט פון אַ קלויסטער־אויפזעהער לויט דער רייכקייט פונ'ם קלויסטער. פון יענער צייט, וואָס דעם פּויפּסט יאָהאַן דעם 22טען איז אַריין דער גליקליכער געדאַנק צו צורעכענען אַלע קירכליכע אַמטען, וואָס האָבען זיך באַפרייט דורך דער דערהויבונג פון זייערע פריעדריגע שטעלפאַרטרעטער, צו די פּויפּסטליכע פּריווילעגיעס, אַזוי דאָס זייער אויספילונג איז אָפּגעהאַנגען דירעקט פונ'ם פּויפּסט, און עס איז אויף אַזאַ אופן דערגרייכט געוואָרען די מעג־

פלעגען זיך באַנוצען מיט׳ן אויטאָריטעט פונ׳ם פויפּסט צו עקספּלואַטירען די גערמאַנישע קירך. אויב עפּעס א בישאָף האָט ניט געוואָלט באַצאָלען אין צייט, האָבען זיי געקענט ארויסקריגען פויפּסטליכע באַפעלען, וועלכע האָבען געצוואונגען די בישאָפּען אָפּצוצאָלען אָט די פּראָצענטען אונטער דער דראָהונג פון „עקסקאָמוניקאַציע און פארלוסט פון דעם פּאָסטען" (ראַנצינגער „געשיכטע דער קירכליכען אַרמענפּפלעגע", ז. 304 א. וו.).

נאָר די פויפּסטען פלעגען זיך דערמיט ניט באַנוגענען: יאָהאַן דער 22טער, וואָס איז ארויף אויפ׳ן פויפּסטליכען טראָן אינ׳ם

---

ליכקייט שטענדיג צו מאַכען אַ גאַנצע רייע דערהויבונגען, — פון יענער צייט אָן איז דאָס קאָנפירמאַציאָנס־געלט געוואָרען איינער פון די רייכסטע און זיכערסטע קוועלען פון הכנסה פאר דער קוריע. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט איז געשטאַנען דער גרויסער צואוואוקס פון הכנסות פון די אַננאַטען, ד. ה. פון די ערשטע יאָרליכע הכנסות, וואָס יעדער נייער בישאָף האָט געדאַרפט אָפּגעבען צו דער קוריע. אַחוץ דעם, קומען אָהער צו: "fructus medii temporis" כל זמן דער קירכליכער אַמט איז געבליבען ניט אויסגעפילט, פלעגען זיינע הכנסות געהערען צו דער קוריע, וועלכע פלעגט, דאַריבער, ניט אונטעראייַלענדיג זיך אויסצופילען אָט די אַמטען, קענען באַדייטענד פאַרגרעסערען אירע הכנסות. דאָס ספּאָליאַציאָנס־רעכט, לויט וועלכען דאָס באַוועגליכע פאַרמעגען פונ׳ם בישאָף פלעגט איבערגיין נאָך זיין טויט צו דער קוריע, איז שטענדיג אַנגעווענדט געוואָרען. אַ היבשען רוח האָבען ספּעציעל געבראַכט די ק אָ מ ע נ ד ע ן, ד. ה. די צולאָזונג צו אַ קאַנדידאַטור אויף אַן אַמט פון מינדעריאָריגע, וועלכע קענען נאָך ניט אויפטרעטען אין זיי, און אויך די עקספּעקטאַנצען, ד. ה. דער צוזאָג אויף אַ נאָך פאַרנומענעם פּלאַץ. דערצו דאַרף מען נאָך צורעכענען די הכנסות פון די יוניאָנס און אינקאָרפּאָראַציעס, ד. ה. די ערלויבניש צו פאַראייניגען עטליכע אַמטען אין איינע הענט, און ענדליך דער ערפאָלגרייכער האַנדעל מיט אינדולגענציעס און דיספּענסיעס פון פארשיידענע מינים, וואָס איז געפירט געוואָרען לויט אַ טאַקסע, אויסגעאַרבייט ביז די קלענסטע קלייניגקייטען.

„דורך דער חילף פון אָט דער פינאַנץ־סיסטעם פלעגט די קוריע אויפמאָנען פון די רייכע באַאַמטע ריזיגע סומען, וועלכע אָט די פערזאָנען פלעגען ארויפוואַרפען אויף די נידעריגערע און דערביי נאָך אָפּלעקען אַ ביינדעל, אזוי, אַז די גאַנצע משא איז ארויפגעוואַלגערט געוואָרען אויף דעם שוצלאָזען נידעריגען שרייבערל". (א. צ., 2, ז. 80 און די ווייטערדיגע).

יאָר 1316 נאָך קלימענטיוס דעם 5טען, האָט דערקלערט, אַז נאָכ'ן טויט פונ'ם קייזער געהט זיין מאַכט אריבער צום פּויפּסט, און אַז, פאָלגליך, דער פּויפּסט, דער שקלאַף פון פראַנקרייך, ווערט דער העכסטער הערשער פון דייטשלאַנד. דאָס האָט דער קייזער, אויב נאָר ער האָט געוואָלט בלייבען קייזער, ניט געקענט דערלאָזען. לודוויק האָט אָנגעפאַנגען אַ קאַמף ניט ווילענדיג און ניט אַנטשלאָסען. דאָס איז גאר געווען אַן אנדער מחלוקה, ניט ווי יענע, וועלכע די האָהענשטאופענס האָבען נאָך געפירט מיט די פּויפּסטען. די הויפּט־פראַגע איז דאָ געווען ניט די עקספּלואַטאַציע פון איטאַליען אָדער איר פאַרכאַפּונג, נאָר טאַקע דייטשלאַנד גופא; ניט וועגען דעם, ווער עס זאָל זיין דער הערשער פון דער קירך, נאָר וועגען דעם, צו דאַרף דער גייסטיגער הערשער אויך זיין דער הערשער איבער די ציווילע קסרים. בנוגע צו דייטשלאַנד האָט דאָס פּויפּסטענטום אָנגענומען אַן אָפענסיווע טאַקטיק, און, בעת די מאָנאַרכיסטישע מאַכט האָט אומעטום זיך שטאַרק צוהוידעט און אָנגעפאַנגען אונטעריאָכען די קירך, האָט די דייטשע קייזערליכע מאַכט געדאַרפט קעמפען פאַר אומאָפּהענגיגקייט פונ'ם פּויפּסט. אָט דער קאַמף איז געגאַנגען פּאַראַלעל מיט אַ צווייטען קאַמף. די פירשטען האָבען אָנגעהויבען ווערען זעלבסטשטענדיגע הערשער און האָבען רק געזוכט אָפּצושוואַכען די מאַכט פון דעם קייזער. דערפאַר האָבען יענע עלעמענטען, וועמען די דערהויבונג פון די פירשטען האָט געשמעקט מיט סכנה, און פאַר אַלעמען זיינען דאָס געווען די פרייע שטעט, געזעהן אין דער קייזערליכער מאַכט זייער בעסטען מיטהעלפער. זיי זיינען אויך געווען די שטאַרקסטע און געטרייסטע מיטהעלפער פון די קייזערס אינ'ם קאַמף געגען דעם פּויפּסטענטום. פאַרקערט, דער העכערער אַדעל, איז אַמערסטענס געווען גענייגט צו די פּויפּסטען. אַמאָל, יעדענפאַלס, פלעגט די חוצפה פון די לעצטע אַזוי ווייט דערגרייכען, אַז אפילו די פירשטען פלעגען קעגען זיי מאַכען אויפשטאַנדען. אָבער אין אַלגעמיין פלעגען זיי רעכענען אַלס זייער הויפּט־שונא דעם קייזער, און פלעגען העלפען דעם פּויפּסט אין זיין שטרעבונג אָפּצושוואַכען די מעכטיגקייט פון די קייזערס.

דער פּויפּסט פלעגט געברויכען קעגען דעם קייזער זיינע שטאַרק־

סטע קאנאָנען: ער פלעגט אים פאַרשעלטען און צונעמען ביי אים די מעגליכקייט פון קאָמוניאָן. נאָר די שטעט פלעגען בלויז דערפון חוזק מאַכען. „אין יענער צייט, — שרייבט אַ דעמאָלסטיגער כראָניקער, — פלעגען דאָס פאָלק זעהר פאַראכטען דעם קלערוס און אפילו אידען שעצען העכער". אין זיין שוין עטליכע מאָל ציטירטען בוך וועגען רעפאָרם־פאַרטייען באשרייבט זייער גענוי ל. קעללער די אויפפירונג פון די שטעט בנוגע צום פויפסט: די שטאָט שטראַסבורג האָט אָנגעפאַנגען דעם קאַמף דערמיט, וואָס זי האָט געצוואונגען יענע גלחים, וועלכע האָבען אויפגעהערט צו פראַווען די גאָטעס־דינסטען, לויט'ן באפעל פונ'ם פויפסט, צו פאַרלאָזען די שטאָט. די שטאָט צוריך האָט שוין פון דעם יאָר 1331 אָן ניט געקענט דולדען ביי זיך קיין פויפסטליכע גלחים. אין קאָנסטאַנץ האָט דער מאַגיסטראַט אויפגעפאָדערט די גלחים אָנפאַנגען ווידער צו ערפילען זייערע פונקציעס, און ער האָט זיי געגעבען צייט זיך צו באַטראַכטען. ווען אָט די צייט האָט זיך געענדיגט (דעם 6טען יאנואר 1339) האָבען אַלע, וואָס האָבען ניט געוואָלט פראַווען די תפילות, געמוזט פאַרלאָזען די שטאָט. אין רעגענבורג האָט דער מאַגיסטראַט דורך הונגער געצוואונגען די גלחים זיך נעמען צו זייער פאַך. אין נירענבערג, וואו די שטאָטישע אָליגארכען זיינען אמאָל געווען פאַראייניגט מיט די רוימישע גייסטליכע, זיינען זיי צוליב דעם אריין אין אַן אָפענעם קאַמף מיט די צעכען, וואָס האָט זיך געענדיגט מיט'ן פאַל פון די פאַטריציער און פון די גייסטליכע. תיכף נאָך דעם זיג, איז די שטאָט נירענבערג צוגעשטאַנען צו דער פאַרטיי פון דעם עקסקאָמוניקירטען קייזער. בכלל האָט זיך באַמערקט, אַז אַלע דייטשע שטעט, וואו דער פאַטריציאַט האָט ניט געהערשט, זיינען געווען אבסאָלוטע געגנער פון רוים און געטרייע מיטהעלפער פון לודאָוויק'ן".

אונטער אַזעלכע באַדינגונגען איז די אפיקורסות פון די באַנארדען געווען, פאַרשטייט זיך, זייער ערפאָלגרייך. גאַנץ דייטשלאַנד איז פול געווען מיט קאַמפּס־רופען געגען דעם פויפסט, און די בונדעס־גענאָסען פון די שטעט און פונ'ם קייזער פלעגען באַגריסען יעדען, וואָס האָט נאָר מיט זיי מסכים געווען.

„דאָס אויספילען די בכבודיגע שטעלעס מיט אפיקורסים, וואָס

דער קייזער לודאָוויק האָט דורכגעפירט, — שרייבט דער כראָניקער פון די פראַנציסקאַנער, וועמען מאַסהיים ציטירט, — און די שטראָפּ־לאָזיגקייט פון זייערע פאַרברעכענס האָט נאָך פאַרגרעסערט די חוצפּה און דעם קאַמפּס־לוסט פון אַנדערע אָרדענס, וועלכע פלעגען אויסנוצען די קלענסטע און פאַנטאַסטישסטע פּרעטענזיע, און זיך אָפּרייסען פונ׳ם פּויפּסט און, צום גרויסען שאָדען פונ׳ם קאַטאָ־ליציזם, מיט זיך פאַרגרעסערען די סעקטע פון די „ברידער" (ד. ה. פון די בעגאַרדען), וועלכע פלעגען חוצפּהדיג אַרויסגעהן פון זייערע באַהאַלטענע פּלעצער און גוטהייסען די מעשים פון פּעטער קאָר־באַריוס (וועמען לודאָוויק האָט געקרוינט אַלס פּויפּסט אונטער׳ן נאָמען פון ניקאָלאַס דעם פינפטען) און פון לודאָוויק׳ן גופא*).

די אויסלענדישע אפּיקורסים, וואָס זיינען געלאָפען קיין דייטש־לאַנד, האָבען אויך געפונען אַן אָפּהאַך ביי לודאָוויק׳ן. אינ׳ם יאָר 1324 האָט דער פּויפּסט יאָהאַן דער 22טער אין זיין בוללע בפירוש אָנגערופען דעם קייזער לודאָוויק׳ן באַשיצער פון אפּיקורסים, ספּע־ציעל פון די לאָמבאַרדער אפּיקורסים. דערמיט, וואַרשיינליך, האָט ער געמיינט די וואַלדענזער אָדער די אַפּאָסטעל־ברידער.

דער קייזער לודאָוויק האָט זיך פאַר זיינע צילען באַנוצט אפילו מיט דער קאָמוניסטישער אידעע, הגם ניט אין דער פאָרם פון דער בעגאַרדישער טעאָריע, נאָר אין דער וועניגער שעדליכער, אין דער פראַנציסקאַנער פאָרם. מיר האָבען שוין פריהער אָנגעוויזען אויף דעם קאַמף, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין דעם פראַנציסקאַנער אָרדען מכח דער פראַגע, צי האָט ער דאָס רעכט צו ערווערבען אייגענטום, צי ניט. פון יענער צייט, וואָס דער פּויפּסט אינאָקענטיוס דער 4טער האָט (אינ׳ם יאָר 1245) זיך געשטעלט אויף דער זייט פון דער פּראַקטיע פראַנציסקאַנער, וועלכע האָט געשטרעבט זיך צו דערשלאָגען צום אייגענטום־רעכט, איז זייער מער שטרענגע ריכ־טונג געוואָרען אַלץ פיינטליכער צום פּויפּסטענטום. דער קאָנ־פליקט צווישען דעם פּויפּסטענטום און די שטרענגע פראַנציסקאַ־נער, די ספּיריטואַלען אָדער די פראַטיטשעלען, האָט זיך ספּעציעל פאַרשאַרפט, ווען אינ׳ם יאָר 1322 האָט יאָהאַן דער 22טער, דער

*) מאַסהיים „דע בעגאַרדיס", ז. 320.

געגנער פון לודאָוויק׳ן, דערקלערט זייער לערע, אז קריסטוס און די אפאָסטאָלען האָבען נים געהאט קיין אייגענטום, אלס אפיקורסות; אגב, ער האָט נאָך פריער, אינ׳ם יאָר 1317, אויף זיי אָנגערייצט די אינקוויזיציע. אינ׳ם יאָר 1328 האָט יאָהאַן אפילו ארונטער־געזעצט פון זיין אמט דעם גענעראל פונ׳ם אָרדען, מיכאעל קאזען, וועלכער איז אריבער אויף דער זייט פון דער שטרענגערער ריכ־טונג. אָט די פראַקציע איז אנטשיידען אריבער אויף דער זייט פון לודאָוויקן, און די שטרענגע פראנציסקאנער זיינען געוואָרען זיינע פלייסיגע און מוטיגע אגיטאטאָרען. פון זייערע רייהען האָט לודאָ־וויק גענומען זיין קאָנטער־פויפסט, דעם שוין אויבען־דערמאָנטען ניקאָלאס דעם 5טען; ער האָט געצוואונגען די רוימער אים צו ער־וועהלען, אינ׳ם יאָר 1328 נאָך צוליב דעם, אגב, כדי יענער זאל אים שנעלער פארלאָזען. ניקאָלאס האָט שוין אינ׳ם יאָר 1330 זיך אונ־טערגעגעבען דעם אוויניאָנער פויפסט און מיט חרטה זיך אָפגע־זאָגט פון אלע זיינע „טעות׳ן".

אָט דער שיקזאל פון דער קייזערשער קרעאטור האָט שוין אָנ־געוויזען מיט וואָס עס וועט זיך אויסלאָזען דער קאָנפליקט צווישען פויפסט און דעם קייזער. הער לעצטער איז געווען דער באזיגטער.

## 3. די קאַטוילישע רעאַקציע אין דער צייט פון קאַרל דעם 4טען.

דער פויפסט קלימענטיוס דער 6טער, דער צווייטער פלימעניק פון יאָהאַן דעם 22טען, האָט געפונען א קאנדידאט אויף דער דייטשער קייזערליכער קרוין, א קאנדידאט, וואָס איז אבסאָלוט געטריי געווען דעם פויפסטענטום און פראנקרייך: דאָס איז געווען קאַרל, דער זון פונ׳ם בעהמישען קעניג יאָהאַן.

די שוואַכקייט פון די דייטשע קסרים האָט געפירט ניט נאָר דערצו, וואָס די פירשטען האָבען אָנגעפאנגען צו ווערען זעלבסט־הערשער, נאָר אויך דערצו, וואָס די גרעניץ־געגענדען, למשל, די שווייץ און די נידערלאנדען זיינען געוואָרען זעלבסטשטענדיג. בעהמען האָט זיך אויך אלץ מער און מער אָפגעטיילט פון דער אימפעריע. זייענדיג אין קריג מיט דער קייזערליכער מאכט, האָ־בען די בעהמישע קעניגען געזוכט שטיצע אין פראנקרייך. יאָהאַן

דער בעהמישער פון לוקסעמבורג איז געווען א קרוב פון קארל דעם 4טען פון פראנקרייך, ווייל ער, יאהאן, האט חתונה געהאט מיט זיין שוועסטער. יאהאנ'ס זון, ווענצעסלאוו, איז ערצויגען געווארען אינ'ם פראנצויזישען הויף, און אזוי ווי דער נאמען ווענצעסלאוו האט דארט נישט נושא חן געווען, האט מען אים ביי דער ערשטער קאַ־מוניאן א נאמען געגעבען קארל, און אזוי איז שוין זיין נאמען פארבליבען. די ערציהונג און די דינאסטישע אינטערעסען האבען אים פארוואנדעלט אין א געטרייען בונדעס־גענאסע פון פראנקרייך און פון דעם פויפסט. ווי נאר קארל האט ארויסגעצייגט א גרייט־קייט אנצונעמען די קייזערליכע קרוין, האט קלימענטיוס דערקלערט לודאוויק'ן אלס אראפגעזעצט און פארגעשלאגען דעם דייטשען פאלק צו ערוועהלען א נייעם קייזער. מיט דער הילף פונ'ם פויפסט און א דאנק פולע קעשענעס, האט קארל געפונען פיר קורפירשטען, וואס האבען מסכים געווען אים צו ערוועהלען (אינ'ם יאר 1346. דער נצחון האט זיך אים איינגעגעבען פיל גרינגער, ווי ער האט ערוואר־טעט, ווייל לודאוויק פון בייערן איז געשטארבען נאך פריער, ווי עס איז געקומען צו אן ערנסטען קאמף צווישען די צוויי קסרים.

קארל איז ניט געווען קיין סענטימענטאלער פאליטיקער. ער האט גרונטליך זיך אויסגעלערענט די נייסטע רעגירונגס־חכמה אין פראנקרייך און אין איטאליע. דערפאר האט ער זעהר גוט גע־וואוסט, אז די צייט פון קייזערליכער מעכטיגקייט איז אויף שטענ־דיג אוועק, און אז דער יסוד פון זיין מעכטיגקייט איז ניט די קייזערליכע קרוין, נאר זיין פאטערלאנד. זיין הויפט־זארג איז גע־ווען בעהמען. ער האט מיט אלע כחות געזוכט אויסנוצען די קייזערליכע קרוין, נאר ער האט זיך אבער געהיט צו פארפירען צוליב איר א קאמף אדער פאר איר עפעס אויפצואפפערען. פונדעסט־וועגען האבען זיך די רעשטלאך פון דער קייזערליכער מעכטיגקייט אים אויסגעצייגט צו זיין ענג פארבונדען מיט דער מעכטיגקייט פון דער פויפסטליכער קירכע; דער קסר און דער פויפסט האבען געדארפט געהן האנט אין האנט, און קארל'ן איז דאם זייער גרינג אנגעקומען צוליב זיינע פערזענליכע סימפאטיעס און פארבינדונגען.

אויף אזא אופן איז קארל געווארען דער „גלחשער קסר", ווי עס פלעגען אים רופען די איטאליענער, וועלכער האט פליי־

סיג געשטיצט אַלע פאָדערונגען פונ׳ם פּויפּסטענטום, אויף וויפיל זיי זיינען בכלל געווען אין אַנקלאַנג מיט זיין לאַגע. מער פון אַלץ האָט, פאַרשטעהט זיך, געליטען די דעמאָקראַטישע, און פאָלגליך, די קאָמוניסטישע אַפּיקורסות. אין דער צייט פון לודאָוויק׳ן האָט מען אין דייטשלאַנד כמעט אינגאַנצען אויפגעהערט צו פאַרפאָלגען אַפּיקורסים אָדער די פאַרפאָלגונגען זיינען געווען פרוכטלאָז. איצט אָבער איז אויף זיי געקומען א צייט פון בלוטיגע און אכזירותדיגע פּייניגונגען.

שוין אינ׳ם יאָר 1348 ווערען דערמאָנט די פאַרפאָלגונגען פון די אַפּיקורסים. נאָר ריכטיג צובליט האָט זיך די רעאַקציע ערשט אינ׳ם לעצטען דריטעל פון אָט דעם יאָרהונדערט, בעת די אַנטוויקלונג פון דער אַפּיקורסות אין ענגלאַנד, וועגען וועלכער מיר וועלען באַלד ריידען, האָט שטאַרק צורייצט די רוימישע קירך. קאַרל האָט ארויסגעלאָזט געגען די בעגאַרדען איין דעקרעט נאָכ׳ן אַנדערן, נאָר דער שרעקליכסטער איז געווען, וואַרשיינליך דער, וואָס איז אַרויסגעלאָזט געוואָרען דעם 10טען יוני, 1369 אין לוקק, וועלכער האָט געגעבען די אינקוויזיטאָרען א ספּעציעלע פולמאַכט.

נאָך אינ׳ם יאָר 1367 האָט דער פּויפּסט אורבאַן דער 5טער געשיקט קיין דייטשלאַנד צוויי אינקוויזיטאָרען, אָבער גאַר אין גיכען האָבען זיי שוין ניט געקענט באַהערשען זייער אַרבייט. דער נאָכפאָלגער פון אורבאַנ׳ען, גריגאָריוס דער 9טער, האָט צו זיי געשיקט נאָך פינף (אינ׳ם יאָר 1367) אַלס אַרויסהעלפער. אומעטום האָבען זיך צופלאַקערט די שייטער־הויפענס, אַפּיקורסים האָט מען פאַרברענט אין די הונדערטער.

ענדליך, דעם 30טען יאַנואַר, 1394, האָט דער פּויפּסט באָניפאַציוס דער ניינטער אַרויסגעגעבען אַן עדיקט, וואָס האָט פאַראייניגט, שטיצענדיג זיך אויף די באַפעהלען פונ׳ם קייזער קאַרל דעם 4טען, אַלע, ביז יענער צייט אַרויסגעגעבענע, פאַראָרדנונגען פון די פּויפּסטען צו פאַרניכטען די אַפּיקורסות. ער שטיצט זיך אויף דער מיינונג פון די דייטשע אינקוויזיטאָרען וועגען די דייטשע אַפּיקורסים, וואָס ווערען אָנגערופען צווישען פאָלק בעגאַרדען, לאָלאַרדען און שוועסטריאַנער און וואָס אַליין רופען זיי זיך

„אָרימע" אָדער „ברידער". ער קלאָגט זיך, וואָס אָט די אפּיקורסות עקזיסטירט שוין העכער הונדערט יאָר און וואָס עס האָט זיך ניט איינגעגעבן זי צו באַזיגען, הגם האַלץ אויף שייטער־הויפנס האָט מען ניט געקאַרגט. איצט אָבער איז שוין צייט א סוף צו מאַכן צו דער אפּיקורסות.

אינ'ם יאָר 1395 האָט דער אינקוויזיטאָר פּעטער פּיליכ־דאָרף מיט טריאומף צופּויקט, אז עס האָט זיך איינגעגעבן צו באַזיגען די אפּיקורסות*). אָבער אינ'ם יאָר 1399 האָט באַני־פּאַציום ווידער אַמאָל געמוזט פאַרגרעסערן מיט זעקס מענשן די צאָל פון די אינקוויזיטאָרן.

די סעקטע האָט פאַר זיך געפונען נייע שפּייז אין די באַ־דינגונגען פון לעבן, וואָס האָבן צו איר געפירט אַלץ נייע נאָכפאָלגער; נאָר יעדעס מאָל האָבן די אומאויפהערליכע בלו־טיגע פאַרפאָלגונגען ביי איר צוגענומען יעדע באַדייטונג.

אַלס א זעלבסטשטענדיגע סעקטע זיינען די בעגאַרדען אינגאַנצן פאַרשוואונדען. מיר האָבן געזען, אז שוין די ער־שטע פאַרפאָלגונגען אינ'ם 13טען יאָרהונדערט האָט דערנעהענ־טערט די גרעסטע טייל פון די מעסיגע בעגאַרדען צו די בעטלער־אָרדענס. איצט האָט זיך אָט דער פּראָצעס פאַרענדיגט. די זעלבסטשטענדיגע הייזער פון די בעגאַרדען זיינען פולשטענדיג פאַרשוואונדען; זיי זיינען פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין מאָנאַס־טירען, וועלכע זיינען טיילווייז אריבער אינ'ם אייגנטום פון די בעטלער־מאָנאַכען, ספּעציעל פון די פראַנציסקאַנער, טיילווייז האָבן זיי איינגעהיט זייערע פריהערדיגע נעמען, אָבער פאַקטיש זיינען זיי געוואָרען מאָנאַכיש. ענדליך, אינ'ם יאָר 1453 האָט דער פּויפּסט ניקאָלאַס דער פינפטער אָפיציעל אויפגענומען אָט די געמיינדען אינ'ם שוים פון דער קירך און האָט זיי געשיינקט די רעכט פון טערציאַרער.

די געהיימע געזעלשאַפטען האָט מען ניט געקענט אינגאַנצן פאַרניכטען, אָדער אונטעריאָכען. אָבער זייער גאַנצע העלדישקייט, זייער גאַנצע זעלבסטאויפאָפּפערונג אינ'ם משך פון א גאַנצן יאָר־

*) ל. קעללער, „דיע רעפאָרמאַציאָן", זייט 240.

הונדערט זיינען נ̃יט געווען בכח זיך צו עפּעס דערשלאָגען; זיי האָבען באַשאַפען נאָר אַן ענדלאָזע צאָל מאַרטירער.

ווי יעדע אפּיקורסישע אָפּאָזיציע, האָט די קאָמוניסטישע, וואָס איז געווען פיל שוואַכער פון די איבעריגע, געקענט ווידער אויפלעבען אין דייטשלאַנד נאָר דעמאָלט, ווען עס איז אויפ'סניי אַנטשאַנען אַן ערנסטער קאָנפליקט צווישען די ציווילע הערשער און דעם פּויפּסטענטום, ווען אַ באַדייטענדער טייל פון די דייטשע פירשטען איז געוואָרען גענוג שטאַרק צו פירען אַ קאַמף גלייכצייטיג אי מיט דער קירך, אי מיט'ן קייזער.

פון דער צייט פון לודאָוויק'ן ביז דער דייטשער רעפאָרמאַציע האָט די אפּיקורסות געפונען אָן אָבדאַך נאָר אין צוויי ערטער: אָנפאַנגס אין ענגלאַנד, און נאָכדעם, ווי מאָדנע דאָס זאָל ניט זיין, אין בעהמען, — אינ'ם לאַנד, וועמעס הערשער עס זיינען געווען די אָנפירער פון דער קאַטוילישער רעאַקציע אין דייטשלאַנד.

פינפטער קאפיטעל.

# די לאללארדען אין ענגלאַנד.

## 1. די וויקלעפער באוועגונג.

פונקט ווי אויף דייטשלאנד, זיינען די עקספלואטאטארישע נייגונגען פון די אוויניאָנער פויפסטען געווען געריכטעט, הויפט־זעכליך, אויף ענגלאנד.

עס איז געווען א צייט, ווען קיין איין לאנד איז ניט געווען מער אונטערוואָרפען צום הייליגען פאָטער און צו זיין ווילקיר, ווי ענגלאנד. אין אָנפאנג פון דעם 13טען יאָרהונדערט איז די ענג־לישע קעניגרייך געווארען פאָלקאָמען אָפהענגיג פונ'ם פויפסטענ־טום. אין דעם יאָר 1213 האָט יאָהאַן דער ערדלאָזער אפילו גע־מוזט אָננעמען זיין קרוין אלס לוין־גוט פונ'ם הייליגען פעטער און זיך מתחיב זיין צו צאָלען דעם פויפסט חזקה־געלט אין דער סומע פון טויזענט פונט זילבער. פון יענער צייט אָן איז די עקספלואטאציע פון ענגלאנד געוואָרען אלץ גרעסער. נאָך אין דער צייט פון עדווארד דעם 3טען (אינ'ם 14טען יאָרהונדערט) קלאָגט זיך דער פארלאמענט, אז די צינזען, וואָס מען צאָלט יאָרליך צו דעם פויפסט זיינען פינף מאָל גרעסער פון די, וואָס מען צאָלט צום קעניג*).

אָבער דעמאָלט איז דאָרט, ווי אין אנדערע לענדער, די צענט־ראלע שטאַטס־מאכט שוין אזוי שטארק געווען, אז זי האָט ניט

*) וו. קאנינגהעם: „דער וואוקס פון דער ענגלישער אינדוסטריע און קאָמערץ, קעמברידזש, 1890, 1, ז. 253.

נאָר געקענט ערפאָלגרייך קעמפען געגען פויפסטענטום, נאָר האָט שוין אפילו געשטרעבט צו פארבאפען צוליב אירע אייגענע צילען דעם מעכאניזם פון מאכט און עקספלואטאציע, וואָס די קירך האָט געהאט אָרגאניזירט.

מיר זאָגען די „צענטראלע שטאַטס־מאכט", און ניט די מאָנארכיע, דערפאר ווייל נעבען דער קעניגליכער מאכט האָבען זיך אומעטום אין די פעאָדאלע מלוכות דערהויבען די שטאנד־פאָרשטעהערשאפטען, די שטאַטס־אמטען, וואָס האָבען מער אָדער ווייניגער באגרעניצט די מאכט פונ'ם קעניג. די פראָפּאָרציע צוויי־שען דער מאכט פון די שטאנדען און דער מאכט פון דעם קעניג האָט זיך, אפהענגיג פון צייט און פלאַץ, שטארק געוואקעלט. מיר באגעגענען גענעראל שטאַטען, וואס זיינען פאָלקאָמען אונטער־וואָרפענע איינריכטונגען, און, פארקערט, קעניגען, וועלכע זיינען געצוואונגענע געצייג פון אָט די איינריכטונגען. נאָר ווי עס זיי־נען דאָרט ניט געווען די געגענזייטיגע באציהונגען פון די צוויי טיילען פון דער צענטראלער מאכט, אין יענער צייט איז די צענט־ראלע מאכט, אומעטום, אחוץ אין דייטשלאַנד, געוואָרען אלץ שטארקער פון די באזונדערע באשטאנד־טיילען פון דעם שטאט.

אינ'ם 14טען יאָרהונדערט זיינען דער קעניג און דער פאר־לאמענט אין ענגלאַנד שוין געווען שטארק גענוג צו ווערען זיך קעגען די פויפסטליכע פאָדערונגען. און גראד אין דער עפּאָכע זיינען זיי געוואָרען אלץ שטארקער. א קאָנפליקט צווישען דער קירך און דעם שטאט איז געוואָרען אומפארמיידליך. און ער איז נאָך שארפער געוואָרען א דאנק דער הונדערט יאָריגער מלחמה פון ענגלאַנד מיט פראנקרייך (פון 339־ ביז 1456).

דער אויסרייד צו דער מלחמה איז געווען די פראגע פון טראָן־נאָכפאָלגונג, נאָר אירע אורזאכען זיינען געלעגען א סך טיפער און פארוואנדעלט די מלחמה אין א נאציאָנאלער, ד. ה. אין א מלחמה, וואס האָט שטארק באריהרט די אינטערעסען פון די הערשענדע קלאסען פונ'ם פאָלק.

אומעטום, וואו עס האָט עקזיסטירט דער קריסטליך־גערמא־נישער אדעל, זיינען זיינע רויבערישע נייגונגען אינ'ם משך פונ'ם 13טען און 14טען י. ה. געוואָרען אלץ גרעסער. מיט דער אויפ־

שטייגונג פון דער סחורה־פראדוקציע און סחורה־אויסטויש האָ־
בען די באַדערפעניש פון דעם אדעל זיך פארגרעסערט, און די
נאטוראלע ווירטשאפט זיינע און די ווירטשאפט פון זיינע פויערים
האָבען שוין ניט געקענט באפרידיגען אַט די באַדערפעניש. דער־
פאר איז דער אדעל געצוואונגען געווען זיך צו באנוצען מיט זיינע
ספעציעלע קענטעניש, כדי אויסצובעסערן זיין פינאנציעלע
לאגע. נאָר זיינע קענטעניש זיינען אָבער ניט אריבערגעגאנגען
די גרעניצען פון הלכות־קלעפּ און ער האָט זיי געקענט אָנווענדען
צוליב זיינע אייגענע נוצען נאָר דעמאָלט, ווען ער האָט ארויס־
האָלפען, פרייוויליג אָדער אַ געדונגענער, דעם שטארקען צו קריגען
זיינע רעכט, ד. ה. רויב.

אין דייטשלאנד, וואו עס איז ניט געווען קיין שטאַרקע
צענטראלע מאכט, וואס זאָל קענען אָפּציהען די רויבערישע נייג־
גונגען פון דעם ריטערטום מיט אויסערליכע מלחמות, האָט די
אונטערברעכונג פון די רוימער און קרייץ־צוגען, וואָס זיינען באמת
געווען רויב־געיעגען, געפירט דערצו, אז די ריטער זאָלען זיך א
נעם טאָן צו די בירגער און פויערים פון דעם אייגענעם לאנד.
און אויב דאָס איז נאָך געווען ווינציג, האָבען זיי אָנגעפאנגען
פארניכטען איינער דעם אַנדערען, ווי הונגעריגע וועלף. צווישען
די שטאָט איינוואוינער און דעם אדעל איז אנשטאנען א פאר־
ביטערטע און מוראדיגע שנאה.

אין ענגלאנד איז די לאגע געווען אַנדערש. דאָרט איז די
צענטראלע מאכט געווען גענוג שטארק, כדי אָנצופאנגען א מלחמה
געגען דער שכנישער פראנקרייך. אָבער, אין געגענזאץ צו פראנק־
רייך, זיינען אין ענגלאנד די אינטערעסען פון די שטאָטישע איינ־
וואוינער זיך צוזאמענגעקומען מיט די אינטערעסען פונ'ם אדעל.
דעמאָלט און אפילו שפּעטער איז ביי זיי, אין ענגלאנד, געווען א
סך מער אלגעמיינע אינטערעסען, ווי אין דייטשלאנד.

איינער פון אָט די אלגעמיינע אינטערעסען איז געווען דער
האנדעל מיט די נידערלאנדען. ווי מיר האָבען שוין געזען, פלעגט
די נידערלאנדישע בליענדע וואָל־אינדוסטריע קריגען די רויע
מאטעריאלען, הויפּטזעכליך, פון ענגלאנד. אין דעם ערפאָלג פון
אָט דער אינדוסטריע זיינען די ענגלישע לאנד־באזיצער, אויף ווי־

פיל זיי פלעגען זיך באשעפטיגען מיט שעפסען־צוכט, אויך געווען פאראינטערעסירט, ווי די סוחרים, וואס זיינען געווען די פאר־מיטלער פונ׳ם אויסטויש, ווי דער קעניג, וועלכער האט געקראגען זיין הויפט־הכנסה פון די צינזען אויף דער עקספארטירטער וואל*).

נאר פראנקרייך פלעגט שטענדיג זיין א סכנה פאר דער בליהונג פון די נידערלאנדישע שטעט. זייער רייכטום האט צוגע־צויגען אי דעם קעניג, אי דאס ריטערטום פון אט דעם לאנד. אין דעם 13טען י. ה. זיינען זיי אנגעפאלען אויף לאנגעדאק מיט עפעס א רעליגיעזען אויסרייד; אינ׳ם 14טען י. ה. האבען זיי שוין געזוכט רויב אין פלאנדריע. און דעמאלט האבען די פארפאלגטע שטעט געפונען א זיכערע שטיצע ניט אין דער דייטשער אימפע־ריע, נאר אין ענגלאנד.

פונדעסטוועגען איז דאס ניט געווען דער איינציגער געגענ־זאץ צווישען ענגלאנד און פראנקרייך; דאס ענגלישע ריטערטום איז ניט געווען וועניגער גיהיריג, ווי דאס פראנצויזישע. בעת דאס לעצטע האט געדורשט נאך די אוצרות פון די נידערלאנדען, האט דאס ערשטע געלעכצט נאכ׳ן רייכטום פון פראנקרייך, וואס האט שטארק אריבערגעיאגט ענגלאנד אין עקאנאמישען הינזיכט. אין יענער צייט פלעגט דאס מער בארבארישע לאנד שטענדיג רויבען דאס עקאנאמיש ענטוויקעלטערע, רייכערע לאנד: גלייכ־צייטיג פלעגען די פראנצויזען רויבען די נידערלאנדער, די ענג־

---

*) שוין אינ׳ם יאר 1279 האבען די באראנען אין א פעטיציע צו עדווארד דעם 1טען דערקלערט, אז דער פדיון פון דער וואל שטעלט צו־זאמען האלב פון זייער יארליכען פארדינסט פון דער ערד. די עלטסטע ענגלישע סטאטיסטישע ידיעות מכח דעם עקספארט באציהען זיך צום יאר 1354. די אלגעמיינע סומע פונ׳ם עקספארט האט באטראפען 213,338 פונט, דערפון איז די וואל גופא ווערט געווען 196,068 פונט. די אל־געמיינע סומע פון די עקספארט־צינזען האט באטראפען 81,896 פונט. געפאלען זיינען אט די צינזען הויפטזעכליך אויף וואל. די איבריגע עקספארטירטע פראדוקטען פלעגען אריינטראגען סך־הכל 220 פונט. (ג. קראיק, „די געשיכטע פון דער ברישער קאמערץ", לאנדאן, 1844, 1, ז. 144, 148).

לענדער — די פראַנצויזען, און די שאָטלאַנדער — די ענגלענדער. און פונקט, ווי די נידערלאַנדער האָבען זיך פאראייניגט מיט ענג־לאַנד, האָבען די שאָטלאַנדער זיך פאראייניגט מיט די פראַנצויזען. זיגען פלעגען געוועהנטליך די ענגלענדער, וואָס פלעגען דערביי נעמען אַן אומגעהייערען רויב.

דער ענגלישער כראָניקער דערצעהלט, אַז נאָך דער שלאַכט נעבען קרעסס, זיינען די באַזיגטע צפון־פראַווינצען פון פראַנק־רייך אַזוי רואינירט געוואָרען, אַז דאָס אָנגערויבטע רייכטום האָט אינגאַנצען געענדערט דעם אַרט לעבען און כאַראַקטער פון די ענגלענדער.

דאָס ריטערטום האָט געקראָגען אַ סך רויב אָבער עס האָט שטענדיג בעסער געקענט רויבען ווי אָפּהיטען דאָס גערויבטע. דער בורזשואַזיע האָט זיך איינגעגעבען ביי אים אַרויסצונאַרען די אָנ־גערויבטע אוצרות, וועלכע זיינען איר צוניץ געקומען צו באַ־פרוכפּערען די אינדוסטריע און דעם האַנדעל.

די שוועריגקייטען פון אַ מלחמה פלעגען הויפּטזעכליך פאַלען אויפ'ן פּויערטום. נאָר אפילו דעם פּויערטום פלעגט אויך אַ מלחמה ברענגען נוצען. די פּויערים, ניט וועניגער פון די ערד־באַזיצער, זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין אַ שטערונגסלאָזען וואָל־האַנדעל מיט די נידערלאַנדער. די מלחמה פלעגט געבען דעם עודף פון די פּויערים־זין אי שכירות אי אַ סך רויב; נאָר פריער פון אַלץ האָט די מלחמה שוין געבראַכט אָט די נוצען, וואָס זי האָט געשטערט דעם ריטערטום צו באַגעהן אינ'ם איינגענעם לאַנד די פאַרברעכענס, וועלכע דאָס דייטשע און נאָך מער דאָס פראַנצויזישע ריטערטום האָט מיט אַזאַ ברען באַגאַנגען נאָך זיינע מפּלות פון די אויסערליכע פיינט.

עס איז קיין חידוש ניט, וואָס די מלחמה געגען פראַנקרייך איז אין ענגלאַנד געוואָרען אַ נאַציאָנאַלע אַנגעלעגענהייט, אין וועלכער דאָס גאַנצע פאָלק איז געווען בלוטיג פאַראינטערעסירט.

דערפון איז פאַרשטענדליך, פאַרוואָס גראַד אין ענגלאַנד איז אינ'ם 14טען יאָרהונדערט די שנאה צום פּויפּסטענטום אַזוי שטאַרק פאַרשאַרפט געוואָרען. דער פּויפּסט איז געווען דאָס גע־ציינ אָדער דער אונטערשטיצער פונ'ם נאַציאָנאַלען שונא: די

שטיצע צום פויפסט איז געווען א פארראט צום פאטערלאנד, דער קאמף קעגען אים — א צייכען פון העכסטען פאטריאטיזם.

אט די שטימונג האט געפירט ניט נאר דערצו, וואס דער פארלאמענט האט געזוכט צו פארקלענערן ווי מעגליך די געלט־אפצאלונגען, וועלכע ענגלאנד האט געצאלט צום פויפסט, — אגב, אינ׳ם יאר 1366 האט מען אפגעשאפט דאס חזקה־געלט, די טויזענט פונט, וואס מען פלעגט צאלען פון דער צייט פון יאהאן דעם ערדלאזען, — זי, אט די שטימונג, איז אויך געווען א פרוכטבארער באדען פאר דער אידעע גענצליך פטור צו ווערען פון דער פויפסט־ליכער מאכט. די אפיקורסות, וואס איז אונטערדריקט געווארען אין פראנקרייך און אין איטאליע, וואס איז געיאגט געווארען אין דייטשלאנד זינט קארל דער 4טער איז ארויף אויפ׳ן טראן, אין דער צווייטער האלב פונ׳ם 14טען יארהונדערט, האט זיך פריי אנטוויקעלט אויף דער צווייטער זייט פון קאנאל.

אין ענגלאנד איז די אפאזיציע צום פויפסטענטום פריער, ווי אין אנדערע לענדער, געווארען א נאציאנאלע אנגעלעגענהייט פון א מעכטיגען שטאט, אן אנגעלעגענהייט, אין וועלכער עס זיינען געווען פאראינטערעסירט אלע — די שטאטישע איינוואוינער און די פויערים, די קעניגען און דער אדעל, די העכסטע, ווי די נידע־ריגסטע און, אחוץ דעם א באדייטענדער טייל פון דעם קלערוס. דערפאר האט די רעפארמאציאנס־אידעע דוקא אין ענגלאנד צום ערשטען באקומען א באשטימטען, מען קען זאגען, א וויסענשאפט־ליכען אויסדרוק.

דער אויסגעצייכענטער גייסטיגער פארשטעהער פון אט דער פיינטליכער ריכטונג געגען פויפסטענטום איז געווען דער גע־לערנטער דזשאן וויקלעף, אנפאנגס א גלח, און דערנאך א פרא־פעסאר פון דעם ארקספארדער אוניווערזיטעט. ניט קוקענדיג אויף זיין שארפקייט און אנטשלאסענהייט, האט וויקלעף פונדעסט־וועגען זיך אפגעהיט אריבערצוגעהן די גרענעצען, וואס די אינטע־רעסען פון די הערשענדע קלאסען האבען אים אוועקגעשטעלט. ארויסגעהענדיג פון דעם שטאנדפונקט פונ׳ם אלט־קריסטענטום, פלעגט ער לויבען די ארימקייט פון קריסטוס׳ן און האט קעגען איר געגענגעשטעלט דאס רייכטום, דעם לוקסוס און גאוה פון זיינע

נאָכפאָלגער, פון וועלכע ער האָט געפאָדערט די זעלבינע אָרימ־קייט, די זעלבינע פאַנאַנדערטיילונג פון פאַרמעגנס, וואָס קריסטוס האָט געפאָדערט פון'ם רייכען יונגערמאַן. אָבער אונטער נאָכ־פאָלגער פון קריסטוס'ן האָט ער געמיינט ניט אַלע קריסטען, נאָר דעם קלערוס. וויקלעף'ן האָט זיך געדוכט, אַז עקספּראָפּריאירען איז נויטוועגדיג נאָר דעם פאַרמעגען פון'ם קלערוס, און דאָ האָט זיין לערע פולשטענדיג האַרמאָניזירט מיט די אינטערעסען פון די גרויסע גוט־באַזיצער און פון'ם קעניג, אין וועמעס הענט אָט די פאַרמעגענס וואָלטען אַריינגעפאַלען בעת דער „חלוקה". באמת האָט די אַפּיקורסות פון וויקלעף'ן געשטרעבט אַרויסצונעמען די מיטלען פון דער קירכען־הערשאַפט פון די הענט פון'ם אויסלאַנדי־שען, דעם גאַנצען לאַנד פאַרהאַסטען, פויפּסט און זיי איבערגעבען אין די הענט פון'ם קעניג און פון דער אַריסטאָקראַטיע פון'ם איינענעם לאַנד.

אָט פאַרוואָס וויקלעף האָט געהאַט די שטיצע פון'ם העכסטען אַדעל און צווישען זיי אויך פון די צוויי פאַרנעמסטע מענער פון ענגלאַנד: דזשאָהן דעם הערצאָג פון לאַנקעסטער, און פּוירסי, דעם גראַף פון נאָרטהומבערלאַנד. דזשאָהן פון לאַנקעסטער איז געווען דער יונגסטער זון פון דעם קעניג עדוואַרד דעם דריטען און דער פעטער פון זיין איינציקעל דעם יורש פון ריטשאַרד דעם צווייטען. דער לעצטער, בעת ער איז אַרויף אויפ'ן טראָן (אינ'ם יאָר 1377) איז סך־הכל געווען אַן עלף־יאָריגער איינגעל און דזשאָהן האָט אויף אים געהאַט אַן אומגעהייער שטאַרקע ווירקונג.

## 2. די לאָללאַרדען.

די אַפּיקורסישע באַוועגונג האָט זיך ניט באַגרעניצט מיט די הערשענדע קלאַסען. דער קאַמף געגען פּויפּסטענטום האָט געגע־בען אַ מעגליכקייט אַלע סאָציאַלע ווידערשפּרוכען פון אָט דער עפּאָכע זיך אַרויסצוצייגען. אין דעם נאַציאָנאַלען קאַמף קעגען אַלגעמיינעם שונא, קעגען דעם פראַנצויזישען פּויפּסט, האָבען די פאַרשיידענע קלאַסען אויך געקעמפט פאַר זייערע ספּעציעלע אינ־טערעסען, וואָס האָבען געמוזט פריער אָדער שפּעטער קומען אין

א צוזאַמענשטוים איינער מיט'ן אַנדערען. די קאַטױלישע שרייבער שטרייכען מיט פאַרגעניגען אונטער יענעם פאַקט, אַז אין יעדער רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג, פלעגען צווישען די רעפאָרמאַטאָרס פון דער קירך פריער אָדער שפּעטער שטענדיג אַנטשטעהן אינערליכע שפּאַלטונגען און אַן עקשנות'דיגער קאַמף; אָט דעם פאַקט האָבען זיי גערעכענט אַלס באַווייז דערפון, אַז די רעפאָרמאַציע איז גאָר געווען דער אויפטו פון שטן.

אונטער אַזעלכע אומשטאַנדען האָט די סעקטע פון די בעגאַרדען, אָדער, ווי די ענגלענדער פלעגען זי געוועהנטליך רופען — לאָללאַרדען, געקענט פריי וואַקסען און זיך אַנטוויקלען.

מיר האָבען געזעהן, אַז די אויפבליאונג פון דער נידערלאַנדישער וואָל־אינדוסטריע, האָט דערוועקט אין די שטעט פון אַלע לענדער פון אייראָפּאַ א פאַרלאַנג צו אַנטוויקלען אָט די אינדוסטריע ביי זיך און האָט אַרויסגערופען א נאָכפראַגע אויף פלאַמאַנדישע וועבער אין אַלע, אפילו אין די ווייטסטע לענדער.

נאַטירליך, פריער פון אַלץ איז אַנטשטאַנען די שטרעבונג איינצופירען די פלאַמאַנדישע אינדוסטריע אין דעם לאַנד, וואָס איז געלעגען נאָהענט צו די נידערלאַנדען, וואָס האָט שטענדיג געפירט א לעבעדיגען האַנדעלס־פאַרקער מיט זיי און וואָס האָט זיי צוגעשטעלט אויסגעצייכענטע רויע מאַטעריאַלען. זיי טאַקע, אָט די רוי־מאַטעריאַלען, זיינען געווען די הויפּט־אורזאַכע פון דעם יתרון פון די פלאַנדרישע און בראַבאַנטישע וועבער.

שוין אין די צייטען פון הענריך דעם דריטען זיינען געמאַכט געוואָרען פאַרזוכען אויפצוהויבען די וואָל־אינדוסטריע דורך דער אַריינמישונג פונ'ם שטאַט. אינ'ם יאָר 1261 האָט מען אַרויסגעגעבען א געזעץ, וואָס האָט פאַרבאָטען צו עקספּאָרטירען וואָל און טראָגען געוואַנטען, פאַרפערטיגט אין אויסלאַנד. נאָר אָט דעם פאַרבאָט האָט מען אין גיכען אָפּגעשאַפט פונקט, ווי א צווייטען ענליכען געזעץ פונ'ם יאָר 1271, ווייל אין דעם פרייען עקספּאָרט פון וואָל, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, זיינען געווען פאַראינטערעסירט גראַד די הערשענדע קלאַסען פון ענגלאַנד: די לאַנדבאַזיצער און די סוחרים. דער קעניג עדוואַרד דער דריטער האָט זיין פּאָליטיק געגעבען אַן אַנדער ווענדונג. מיט דעם עדיקט פונ'ם

יאָר 1331 לאַדט ער איין די פלאַמאַנדישע פאַרבער, וועבער און וואַלקער זיך צו באַזעצען אין ענגלאַנד. א סך זיינען געקומען אויף זיין רוף. עטליכע יאָר שפּעטער האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אויף אַרבייטער פון בראַבאַנט און זעלאַנד*).

אויף אַזא אופן טרעפן מיר אין ענגלאַנד אין דער צווייטער האַלב פון׳ם 14טען י. ה. אן אַנטוויקעלטע וואָל־אינדוסטריע, הויפּט־זעכליך אין דער נאָרפאָלקער גראַפשאַפט מיט דער הויפּט־שטאָט נאָרוויטש. עס איז מערקווירדיג, וואָס אָט די שטאָט איז געוואָרען די היים פון דער סעקטע לאָלאַרדען.

צוזאַמען מיט די פלאַמאַנדישע וועבער איז קיין ענגלאַנד, וואַרשיינליך, אַריבערגעגאַנגען אויך די לערע פון די בעגאַרדען. אָט די סברה לעגט זיך אַלץ מער אויפ׳ן שכל דערפאַר, ווייל קיין ענגלאַנד זיינען הויפּטזעכליך אַריבערגעקומען די אָרימסטע וועבער, ד. ה. גראַד יענע עלעמענטען, פון וועמען עס פלעגט אַרויסקומען די גרעסטע צאָל בעגאַרדען אין די נידערלאַנדען.

פוללער באַשרייבט זעהר לעבעדיג אין זיין געשיכטע פון דער קירך די ביטערקייט, דורך וועלכער די פלאַמאַנדישע וועבער פלעגען אַריינגענאַרט ווערען קיין ענגלאַנד: „אונזער קעניג פלעגט אין דעם לאַנד שיקען געהיימע משלוחים; דאָרטען פלעגען זיי קריגען דעם צוטרויען פון יענע נידערלאַנדער, וואָס האָבען גוט געקענט זייער מלאכה אָבער זיינען ניט געווען קיין זעלבסט־שטענדיגע מייסטערס, נאָר פשוט לוין־אַרבייטער אָדער לערנערס. אָט די משולחים פלעגען געוואַלדיג זיך ערגערען פון דער שקלאַפעריי פון די אָרימע אַרבייטער, וועמען די באַלעבאַטים באַהאַנדלען אויף אַן אומקריסטליכען, אויף א געצענדינערישען שטייגער און ערגער ווי מען באַהאַנדעלט פערד. זיי מוזען, נעבעך, אויפשטעהן פרי און זיך לעגען שפּעט, א גאַנצען טאָג אַרבייטען שווער און ביטער, אָפּקומען מיט שלעכטער שפּייז — עטליכע הערינג און פאַרשי־מעלטען קעז, און אַלץ, כדי רייכער צו מאַכען די פּראָסטאַקעס, זייערע מייסטערס, אָהן א נוץ פאַר זיך גופא. און ווי גליק־

*) ג. ל. קראַיק „די געשיכטע פון דער בריטישער קאָמערץ", 1. ז. 128, 148.

ליך זיי וואָלטען געוואָרען, ווען זיי קליבען זיך אריבער קיין ענג־לאנד מיט זייער גאָלדענער מלאכה, וואָס גאראנטירט זיי אומעטום אַ גוטע אויפנאמע. דאָרטען וואלטען זיי געקענט עסען רינדערן־פלייש און שאָפען־פלייש, פיל ס'וואָלט נאָר ארײַן... גליקליך וואָלט געווען דער לאנדבאַזיצער, וועמעס הויז עס וואָלט באַזוכט איינער פון אָט די נידערלאנדער, וואָס ברענגט מיט זיך פלייס און רייכטום. אַ פרעמדער וואָלט ער אין הויז אריינגענומען, ארויסגעקומען אָבער שוין אַ חתן אָדער גאָר אַן איידעם", א. אז. וו. אין דעם זין*).

עס איז קיין חדוש ניט, וואָס די משולחים פונ'ם קעניג האָבען געהאַט אַן ערפאָלג ביי די פלאַמאַנדישע פּראָלעטאריער. עס איז אויך קיין חדוש ניט, וואָס די פּראָלעטאריער, ביטער ענטוישט אין זייערע האָפנונגען, האָבען זיך אַלץ שטאַרקער אנגעכאַפּט אָן זייערע בענאַרדישע אידעאַלען, וואָס זיי האָבען מיטגעבראַכט פון דער היים. עס קען זיין, אַז זיי טאַקע זיינען דאָס געווען די איניציאַטאָרען פון דער קאָמוניסטישער אגיטאַציע אין ענגלאַנד; אַלענפאַלס זיינען זיי געווען די שטאַרקסטע שטיצע פאַר אָט דער אגיטאַציע. נאָרפאָלק, דער צענטער פון דער וואָל־אינדוסטריע, איז אויך געוואָרען דער צענטער פון דער לאָלאַרדען באַוועגונג. אָט די גראַפשאַפט, לויט ראָדזשערס באַשרייבט, האָט, וואַרשיינליך, געגעבען מער מאַרטירער פאַר דעם לאָלאַרדיזם, ווי גאַנץ ענג־לאַנד**).

פון דאַנען האָבען זיך די אגיטאַטאָרען פון די לאָללאַרדען, „די אָרימע ברידער" אָדער „די אָרימע גלחים" פאַרשפּרייט איבער'ן גאַנצען לאַנד, געפּריידיגט די אַלט־קריסטליכע פרייהייטען, גלייכהייט און ברידערליכקייט. זייער אגיטאַציע איז פיל פאַר־גרינגערט געוואָרען אַ דאַנק דער באַקוועמליכקייט צו רייזען איבער ענגלאַנד. דעמאָלט האָט נאָך געהערשט די אַלגעמיינע גאַסט־

---

*) פולער, „קירכען־געשיכטע" 3, ז. 9, קאָנינגהעם „דער וואוקס פון ענגלישער אינדוסטריע", 1, ז. 284.

**) טהאָראַלד ראָדזשערס, „זעקס יאָהרהונדערטע פון ארבייט און שכירות", לאָנדאָן, 1886, ז. 130, 136.

פריינטליכקייט, ספּעציעל אין די צאָלרייכע מאָנאַסטירען; דער רייזענדער האָט געקענט זיין זיכער, אַז ער וועט אומעטום באַקומען אַן אָבדאַך און שפּייז. די וועגען זיינען פאַלשטענדיג געווען זיכער*)

דער דערוויז פון די לאָללאַרדען, קען מען זאָגען, איז געוואָרען דאָס פאָלקס־ווערטעל: "Als Adam pflügt und Eva span wo war wohl da der Edelman?"**)

זייער הויפּט־פאָרשטעהער איז געווען דזשאָהן באָלל, וואַרשיינליך אַ פראַנציסקאַנער פון דער שטרענגער ריכטונג, וועמעס פאָרשטעהער, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, זיינען ניט זעלטען געווען די פריינט און די אונטערשטיצער פון די בעגאַרדען. זיי זיינען בכלל געווען, ווייזט אויס, אַ וויכטיגער עלעמענט אין דער באַוועגונג פון די לאָללאַרדען. וואַלסינהעם, אַ מאָנאַך פון דעם הייליגען אַלבאַן, וואָס האָט געלעבט אינ'ם 14טען יאָרהונדערט און באַשריבען אָט די עפּאָכע, איז געוואַלדיג אויפגערייצט קעגען די בעטלער־מאָנאַכען, וועלכע בונטעווען דאָס פאָלק און חנפענען די הערשענדע קלאַסען אין דער זעלביגער צייט, עקספּלואַטירענדיג אי די ערשטע, אי די לעצטע.

ער האָט אויסגעפאָרשט די אורזאַכען פון די סאָציאַלע אומרוהען און קומט צום פאָלגענדען שלוס. „מיר דוכט, אַז אין דעם אומגליק זיינען שולדיג אַלע איינוואוינער פון דעם לאַנד, אַריינרעכענענדיג די בעטלער־אָרדענס. די לעצטע האָבען פאַרגעסען זייערע שבועות און געדענקען ניט די צילען, צוליב וועלכע זיי זיינען געגרינדעט געוואָרען. ווייל זייערע גרינדער,

---

*) ערשט נאָך דער רעפאָרמאַציע פונ'ם 16טען יאָרהונדערט און די עקאָנאָמישע איבערקערענישען, וואָס האָבען איר נאָכגעפאָלגט: די אויפלייזונג פון די מאָנאַסטירען, די עקספּראָפּריאַציע פון די פּויערים, נאָכ'ן אנשטעהן פון אַ מאַסען־פּראָלעטאַריאַט, וואָס האָט געשאַפען אומצעליגע שלעפּער און גזלנים, זיינען די רייזעס געוואָרען שווערע קאָסטבאַרע אונטערנעמונגען. אַזוי זיינען זיי טאַקע שוין געבליבען ביז דעם אכטצענטען יאָרהונדערט (פרגל. טה. ראָדזשערס, „אַ געשיכטע פון אגריקולטור אין פּרייזען און ענגלאַנד", אָקספאָרד, 1886, 1, ז. 95 און ווייטערע).

**) וואו איז געווען דער פּריץ בעת אָדם האָט געאַקערט און חוה האָט געשפּונען?"

זעהר הייליגע מענשען, האָבען געוואָלט, אז זיי זאָלען ניט האָבען קיין פארמעגען, כדי דער שרעק און זאָרג פאר אָט - דעם פאַרמעגען זאָל זיי ניט זיין קיין שטערונג צו זאָגען דעם אמת. נאָר אין זייער קנאה צו די רייכע בארעכטי־גען זיי אלע פארברעכענס פון די הערשענדע קלאסען, אנטוויקלען אין דער זעלביגער צייט די פעלערען פונ׳ם איינפאַכען פאָלק און לויבען די פארדאָרבענהייט פון די און פון יענע. זיי, וואָס האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון אייגענטום, וואָס האָבען געגעבען א שבועה אויף אייביגער אָרימקייט, דערקלערען גוטס אלס שלעכטס, און דאָס שלעכטע אלס גוטס, כדי צו ערווערבען פארמעגען און זאמלען געלט. זיי פארפירען קעניגען מיט חניפה, דאָס פאָלק מיט ליגען און פירען אי די אי יענע אויף פאלשע וועגען"*).

אזוי ווי חנפענען גלייכצייטיג אי דאָס פאָלק, אי די קעניגען איז אביסעל שווערלאך מוז מען אָנקומען צו דער סברה, אז וואל־סינגהעם האָט אין זינען ביידע ריכטונגען פון די בעטלער־מאָנאַ־כען — די ריכטונג פון די געלטזיכטיגע שמייכלער, און די ריכ־טונג פון די „שונאי־בצע", וואָס בונטעווען דאָס פאָלק.

באמת האָבען די בעטלער־מאָנאַכען, ספעציעל די פראנציס־קאנער, שטאַרק נושא חן געוועען ביי די עקספּלואטירטע קלאסען. בעת דעם אויפשטאַנד פונ׳ם יאָר 1381, וועגען וועלכען מיר וועלען באַלד ריידען, האָט מען פארניכטעט א סך הויפען, אָבער די מאָ־נאַסטירען פון די בעטלער־מאָנאַכען זיינען געבליבען אומבארירט. איינער פון די אינסורגענטען־פירער, דזשעק סטראָו, האָט דער־קלערט, אז די בעטלער־מאָנאַכען זיינען די איינציגע מיטגילער פונ׳ם קלערוס, וועמען עס איז כדאי צו שוינען.**)

פון די רייען פון אָט די מאָנאַכען איז, ווי עס ווייזט אויס, אויך ארויסגעקומען דזשאָן באָלל. פּרואסאר, א צייט־גענאָסע פון

---

*) טאָמאס וואלסינגהעם, „היסטאָריא אנגליקאנא", ריל׳ס אויסגאבע, לאָנדאָן, 1863, 2, ז. 13.

**) פאר־ל. לעכלער, „י. וויקליף און די פארגעשיכטע דער רעפאר־מאציאָן" .(מיר האָבען זיך באנוצט מיט דער ענגלישער איבערזעצונג פון פּ. לאָרימער, לאָנדאָן, 1878), 2 ז. 228 און וואלסינגהעם א. צ. ז. 9.

באַלל'ן רופט אים : „דער משוגענער גלח פון קענט". ער פלעגט, אגב, פרעדיגען הויפטזעכליך אין עססעקס און אין נאָר־פאָלק. זיין אגיטאַציע האָט זיך אָנגעפאַנגען אומגעפער אין דעם יאָר 1356 און האָט שנעל צו זיך צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די גייסטליכע און ציווילע אויטאָריטעטען. דער ערצבישאָף פון קאַנטערבאַרי און דער בישאָף פון נאָרוויטש האָבען אים אויס־געשלאָסען פון דער קירך ; עדוואַרד דער 3טער האָט באַפעלען אים צו אַרעסטירען (וואַרשיינליך אין'ם יאָר 1366). ווען ער איז צוריק אַרויס אויף דער פרייהייט, האָט ער ווידער אָנגעפאַנגען צו פרעדיגען. מיט די קלויסטערס האָט ער זיך שוין ניט געקענט באַנוצען, ווייל ער איז דאָך געווען אַן אויסגעשלאָסענער, פלעגט ער פרעדיגען אויף די מאַרק־פלעצער און די קירך־בית־עלמינס. פרואַסאַר גיט איבער (אין דעם אויבענדערמאָנטען פלאַץ) איינע פון זיינע דרשות, פאַר דער ריכטיגקייט פון וועלכער מיר קענען, פאַרשטעהט זיך, ניט גאַראַנטירען. זי לויטעט : „ליבע ברידער, דאָס לעבען אין ענגלאַנד וועט ניט ווערען בעסער, כל זמן עס וועט ניט איינגעפירט ווערען קיין געמיינזאַמקייט פון פאַרמעגען און כל זמן עס וועלען ניט פאַרשווינדען די פריצים און די פאַנשטשע־וויקעס, כל זמן מיר וועלען ניט ווערען אַלע גלייך און די פריצים וועלען ניט זיין העכער פון אונז. ווי אַזוי באַהאַנדלען זיי אונז ? פאַרוואָס זיינען מיר ביי זיי אין קנעכטשאַפט ? אַלע שטאַמען מיר פון איינע און דיזעלביגע עלטערען, פון אָדם וחוה. מיט וואָס קענען אָט די הערען באַווייזען, אַז זיי זיינען בעסער פאַר אונז ? אפשר דערמיט, וואָס מיר באַזאָרגען און פאַרדינען אַלץ, וואָס זיי עסען אויף ? זיי פוצען זיך אין סאַמעט, אין זייד און אין פוטער, בעת מיר קליידען זיך אין געמיינער לייווענט. זיי האָבען וויין, טאָרט און נאַשערייען, און מיר עסען קלייען, טרינקען נאָר וואַ־סער. זייער גורל איז פוסט־און־פאַסעווען אין פראַכטפולע פּאַלאַ־צען, אָבער אונזער גורל איז פּראַצע און אַרבייט אויפ'ן ווינט און אונטער'ן רעגען אין פעלד ; זייער לוקסוס קריגען זיי דאָך פון אונ־זער אַרבייט. אונז רופט מען פועלים און מען שלאָגט אונז, בעת מיר טוען ניט געדולדיג יעדער מין אַרבייט, און מיר האָבען ניט קיין קעניג, וואָס וויל אונז אויסהערען אָדער אונז העלפען אין א

צרה. נאָר אונער קעניג איז יונג; לאָמיר געהן צו אים און אים דערציילען פון אונזער שקלאפעריי, לאָמיר אים באַווייזען, אז זי מוז זיך ענדיגען, אַ־ניט וועלען מיר זיך אליין העלפען. אויב מיר וועלען צוזאמען צו אים גען, וועלען אונז נאָכגען אלע, וואָס רופען זיך פועלים, אלע וואס געפינען זיך אין קנעכטשאפט, כדי זיך דערשלאָגען צו פרייהייט. ווען דער קעניג וועט אונז דערזען, וועט ער אונז פריווילעגיע געבען, אַ־ניט וועלען מיר זיך העל־פען מיט אנדערע מיטלען". — „אָט אזוי האָט גערעדט באָלל, — לעגט צו דער הויפּמאַן פרואסאַר. — דער ערצבישאָף האָט אים געהאַלטען עטליכע חדשים אין תפיסה; עס וואָלט געווען בעסער ער זאָל אים געוועזן הרגענען".

אָט דער ראַדיקאלער מיטעל וואָלט קוים געהאָלפען, ווייל באָלל איז געווען נאָר איינער פון די פיל אגיטאַטאָרען, וואס האָ־בען געארבייט אין דער ריכטונג, ווי ער, וועמעס נעמען עס זיינען צו אונז ניט דערגאַנגען.

די באַוועגונג פון די לאָללאַרדען האָט באקומען א שטארקען שטויס פאָרווערטס, דורך וויקלעף׳ן (ארום דעם יאָר 1360). וויק־לעף אליין איז נאָר ניט געווען קיין קאָמוניסט: ער פלעגט זיך, הויפטזעכליך שטיצען אויף דעם העכסטען אדעל, וואס איז געווען פיינטליך צו די נידעריגסטע קלאסען פון פאָלק. נאָר ער וואָלט ניט געקענט געווען דערקלערען קיין קריג דעם העכסטען אויטאָ־ריטעט פון יענער צייט ווען ער שטורעמט ניט אויף די גאַנצע מאסע פון׳ם פאָלק, ווען ער מאכט זי ניט עמפפינדליך צו די נייע אידעען. און אחוץ דעם, איז די באטייליגונג פון די נידריגסטע פאָלקס־מאסען אינ׳ם קאמף קענען רוים א געוויסע צייט געווען אפילו ווינשענסווערט.

פונדעסטוועגען איז דער נייער מיטהעלפער שנעל געוואָרען ניט נאָר אומבאַקוועם, נאָר אפילו געפערליך, ווייל די באַוועגונג פון די לאָללאַרדען האָט באקומען א גרויסע באדייטונג א דאנק דעם, וואס מיט איר האָט זיך צוזאמענגעגאָסען דער אויפשטאַנד פון דעם קריגערישען און שטארקסטען פון די דעמאָלסטיגע אַר־בייטענדע קלאסען, — דער אויפשטאַנד פון דעם פויערטום. דאָ איז פארגעקומען דאָס זעלביגע, וואָס מיר האָבען שוין געזען אין

דער געשיכטע פון דאָלצינאַ און וואָס מיר וועלן באַנגענען אין דער געשיכטע פון די הוסיטען און פון דעם גרויסן גערמאַנישען פויערים־קריג.

## 3. דער פויערים קריג פונ׳ם יאָר 1381.

אויבען, בעת מיר האָבען באַשריבען די געשיכטע פון דאָלצינאַ׳ס אויפשטאַנד, האָבען מיר שוין אָנגעוויזען, אז פונ׳ם 13טען ביז׳ן 15טען י. ה. האָט זיך די לאַגע פון די פויערים בכלל פאַרבעסערט. אין פראַנקרייך אָבער, אַ דאַנק דער מלחמה איז פאַרגעקומען פונקט דער היפוך. די מלחמה האָט געבראַכט די גרעסטע צרה אויף די אומגליקליכע פויערים: די רויבעריייען פון די ענגלישע רוצחים־באַנדעס. אין דער זעלביגער צייט האָבען די מיליטערישע מפּלות געצוואונגען דעם פראַנצויזישען אדעל צו לעבען אויסשליסליך פון דער עקספּלואַטאַציע פונ׳ם פויערטום און פון די שוואַכערע שטעט. די אָרימקייט פון די פויערים האָט דערגרייכט אַ גוואַלטיגען מאַשטאַב און האָט, ענדליך, געבראַכט, אין דעם געגענט, וואָס הייסט איל דע פראַנס (דער אומגעגענט פון פּאַריז און אויף צפון־מזרח ביז דעם היינטיגען בעלגישען גרענעץ) צו אַן אויסברוך, צו דער אזוי־גערופענער זשאַקעריי*) (אין מאַי פונ׳ם יאָר 1358). פונקט ביי אָט דעם בונט פון די הונגעריגע איז פּלוצלונג פאַרשוואונדען געוואָרען די נאַציאָנאַלע שנאה צווישען די פראַנצויזען און ענגלענדער, ווי מיט צוויי הונדערט יאָר שפּעטער, האָט דער דייטשער פויערים־קריג אָפּגעשטעלט דעם אַנטאַגאָניזם צווישען די קאַטויליקען און לוטעראַנער. מיט פאַראייניגטע קרעפטען פונ׳ם ריטערטום פון ביידע נאַציעס איז דער אויפשטאַנד לייכט דערטרונקען געוואָרען אין אַן אומגעהייערער בלוט־באָד. דער אנטשיידענער מאָמענט פונ׳ם קאַמף איז פאָרגעקומען אין דער שטאָט מאָ, וואָס האָט דעמאָלט געהערט צו די ענגלענדער. די איינוואוינער פון דער דאָזיגער שטאָט האָבען אהין אריינגעלאָזען אַ מענגע פויערים, וואָס איז באַשטאַנען

*) זשאַק—יענקל, דער צונאָמען פונ׳ם פראַנצויזישען פויער.

פון זיין טויזענט מענשען; דעמאָלט זיינען גע קו מע ן זעכציג (!) ריטער, האָבען זיך ארויפגעוואָרפען אויף די שוצלאָזע, אומבאוואָפענטע פויערים און זיי אויסגעשאָכטען ווי שעפּ־סען. זיי האָבען אַזוי לאַנג געהרגעט, ביז דאָס איז זיי נמאס גע־וואָרען. (et en occurent tant qui'ls en estoient tons ennyeg) זיי האָבען דעמאָלט אויסגעהרגעט אריבער זיבען טויזענט מענשען. נאָכדעם האָבען זיי אונטערגעצונדען די שטאָט מאָ און זי פארברענט מיט אַלע איינוואוינער, דערפאר ווייל די לעצטע זיינען געוועזען אויף דער זייט פון די בונטאָוושטשיקעס. פון יענער צייט אָן האָט דער אויפשטאַנד פארלאָרען זיין קראַפט; די צובונטעוועטע פויערים פלעגט מען אומעטום אומברחמנותדיג אויסשלאַכטען.

פרואסאר דערצעהלט וועגען דעם מיט פארגעניגען, טאַקע באַלד נאָך דער צאָרנדיגער דערצעהלונג, ווי די פויערים האָבען זיך ניט איבעריג גוט באַגאַנגען מיט אייניגע פּריצים.*)

געענדיגט האָט זיך אָט דער אויפשטאַנד מיט נאָך אַ גרע־סערער אונטערדריקונג פונ'ם פראנצויזישען פאָלק.

דער אויפשטאַנד פון די ענגלישע פויערים, וואָס איז פאר־געקומען מיט צוויי צענדליג יאָר שפּעטער, מאָלט מען געוועהנטליך מיט די זעלביגע פארבען, נאָר מיר האַלטען פאר אַ זיכערען אמת,**) אַז דער כאַראַקטער פון דעם ענגלישען פויערים קריג איז געווען גאַנץ אנדערש.

אין ענגלאַנד איז די אַלגעמיינע טענדענץ אויפצוהויבען דעם וואוילזיין פון די פּוערים ניט אוועק צוריק, נאָר האָט זיך נאָר פארשטאַרקט. לייב־אייגענטום האָט אָנגעהויבען צו פארשווינדען, אָפּצאָלונגען מיט פערזענליכער ארבייט איז פארביטען געוואָרען אויף געלט־צאָלונגען. דערביי האָבען די גרויסע ערד־באַזיצער, על פּי נויט, געמוזט פארבייטען די ארבייט פון די לייב־אייגענע מיט ארבייט פון געדונגענע ארבייטער. נאָר אינ'ם 14טען י. ה. איז נאָך אפילו קיין רייד ניט געווען וועגען אַ

*) טהאראלד ראדזשערס, אין די אויבען ציטירטע ווערק.
**) פרואסאר, א. צ., ז. 190 און ווייטער.

באדייטענדען דאָרפס־פּראָלעטאַריאַט. „די דאָרפס־ווירטשאַפטלי־כע געדונגענע אַרבייטער זיינען טיילווייז געווען פּויערים, וואָס האָבען אויסגענוצט זייער פרייע צייט אויף אַרבייט ביי די גרויסע ערד־באַזיצער, טייל ווייז אָבער האָבען זיי פאַרגעשטעלט א זעלבסטשטענדיגען, רעלאַטיוו און אַבסאָלוט ניט קיין צאָלרייכען, קלאַס פון לוין־אַרבייטער. די לעצטע זיינען פאַקטיש אויך געווען פּויערים מיט א געוויסער באַלעבאַטישקייט, ווייל אחוץ דער געלט־באַלוינונג פלעגען זיי באַקומען פיר אַקערס לאַנד אָדער אַמאָל מער און אויך א שטיבעל. אויסער דעם, האָבען זיי צוזאַמען מיט אַלע פּויערים זיך באַנוצט מיט דעם געזעלשאַפטליכען לאַנד, וואו זיי פלעגען פּאַשען פיה, און וואו זיי פלעגען אין דערזעלביגער צייט קריגען באַהייצונג: טאָרף, האָלץ א. אז. וו.״*). אָט די באַדינ־גונגען האָבען געבראַכט יענעם גוואַלטיג אומאַנגענעמענעם פאַר דעם ערד־באַזיצער (אָדער פאַר זיין אַרענדאַר) פּועל יוצא, וואָס ער האָט געמוזט צאָלען זעהר א גרויסען לוין. דאָס האָט, פאַר־שטעהט זיך, באַדייטענד פאַרקלענערט די רענטע אויף לאַנד. דער גרעסטער טייל פונ׳ם קליין־אַדעל איז דורך דעם טאַקע רואינירט געוואָרען.

די באַדינגונגען זיינען געוואָרען נאָך אומגינסטיגער פאַר די גרויסע ערד־באַזיצער נאָך דער שוואַרצער פּעסט, וואָס האָט זיך באַוויזען אינ׳ם יאָר 1348 איבער גאַנץ אייראָפּא און גע־בושעוועט מיט איניגע אונטערברעכונגען אינ׳ם משך פון צוויי צענדליג יאָר. מען קלערט, אז זי האָט פאַרשלונגען אַרום פינף־און־צוואַנציג מיליאָן לעבענס. אין פראַנקרייך האָט די שוואַרצע פּעסט פאַרשטאַרקט די אָרימקייט פון דער דאָרפישער באַפעלקע־רונג, אין ענגלאַנד איז זי געווען א מיטעל אויפצוהויבען איר וואוילזיין.

אמת, די שוואַרצע פּעסט האָט געהאַט איין מעלה, וואָס איז אייגענטימליך צו ענליכע עפּידעמיעס אויך אין דער מאָדערנער צייט: זי האָט געבושעוועט הויפּטזעכליך צווישען די אָרימסטע

---

*) ק. מאַרקס, קאַפּיטאַל, 1, צווייטע אויסגאַבע, ז. 745 און ווייטער.

קלאַסען און געשווינט די רייכע*), נאָר צום באַדויערען, איז די ציוויליזאַציע דעמאָלט נאָך ניט געהאַט אַזוי ווייט, אַז אומצעהליגע מאַסען אַרבייטער זאָלען זיך אַרומוואַלגערען אַרבייטסלאָז אויף די גאַסען. דאָס לעבען פון די רייכע האָט די עפּידעמיע טאַקע געשווינט, זי האָט אָבער באַרירט זייער לעבענס־נערוו — די קעשענע. נאָך דער שוואַרצער פּעסט איז דער פּרייז פון אַרבייט שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרען; אָט דער צושטאַנד איז געווען אומדערטרעגליך פאַר די ערד־באַזיצער. דערפאַר איז שוין אינ׳ם יאָר 1349 געקומען דער באַפעל פון דעם קעניג עדוואַרד דעם דריטען, וואָס פאַרפליכטעט יעדען ערד־אַרבייטער און פּועל צו אַרבייטען, ווען מען לעגט אים פאָר אַרבייט און טאַקע פאַר אַ באַשטימטען לוין אינ׳ם משך פון אַ באַשטימטער צייט. דער וואָס האָט געצאָלט אַ העכערען לוין איז באַשטראָפט געוואָרען, פּונקט ווי דער, וועלכער האָט אים באַקומען.

אָט דער געזעץ, וואָס האָט געשיצט די ערד־באַזיצער מיט דער באַשטימונג פון אַ מאַקסימאַלען לוין און פון אַ מינימאַלען אַרבייטסטאָג, איז פונדעסטוועגען געבליבען ניט דורכגעפירט אין דער ווירקליכקייט, פּונקט ווי די געזעצען פון 1350 און 1360, וואָס האָבען אים נאָכגעפאָלגט. ער האָט דאָך ניט געקענט פאַרגרעסערען די צאָל פון די פּראָלעטאַריער, און דערמיט מאַכען, אַז דער

---

*) „מען דערציילט, אַז אין ענגלאַנד האָט די שוואַרצע פּעסט געבושעוועט הויפּטזעכליך צווישען די אָרימע און אַז די העכערע קלאַסען האָבען ווייניגער פון איר געליטען". (ט. ראָדזשערס, „די געשיכטע פון אַגריקולטור", 1, ז. 295). „די סטאַטיסטיק פון די פאַרוויסטונגען, וואָס די שוואַרצע פּעסט האָט געמאַכט איז כמעט אומגלויבליך; למשל, אין ווענעציע זיינען אויסגעשטאָרבען הונדערט טויזענט מענשען, אין לובעק ניינציג טויזענט, אין שטראַסבורג זעכציג טויזענט. אין ווין האָט מען אין איין טאָג אָנגעציילט אַריבער ניינציג געשטאָרבענע; מען זאָגט, אַז אין אַ סך ערטער איז אויסגעשטאָרבען ניין־צענטעל פון דער באַפעלקערונג. פונדעסטוועגען האָט *דער גורל באַטראָפען מערסטענס די אָרימסטע קלאַסען* און עס איז, למשל, ניט באַקאַנט אפילו איין פירשט, וואָס איז אומגעקומען דורך דער שוואַרצער פּעסט". (פר. פּאַלאַצקי, „געשיכטע פון בעהמען", 2, ז. 303.)

לוין פאר דער ארבייטס־קראפט זאל זיך צופאסען צו די באדערפנישען פון די ערד־באזיצער.

די מלחמה קעגען פראנקרייך, וואס האט פארוואנדעלט א סך ארבייטער אין גערונגענע סאלדאטען, האט ניט געקענט מילדערען די ארבייטער פראגע פאר די ערד־באזיצער. נאר פון דער צווייטער זייט, האט די „נויט" פון די ערד־באזיצער אוממיטעלבאר זיי געוועקט צו דעקען דעם דעפיציט פון זייער קאסע מיט דער גוט־באצאלטער מיליטער־דינסט און מיט אלץ נייע רויבערייען אין פראנקרייך. אט די „נויט" איז, ווארשיינליך, געווען איינע פון די הויפט אורזאכען, וואס האבען אזוי פארצויגען די מלחמה מיט פראנקרייך; ווען אבער נאך די אומגעוועהנטליכע אנשטרענגונגען פון דער באוועגונג, וואס איז פארבונדען מיט דער יונג־פרוי פון ארלעאנס, זיינען די ענגלענדער פארטריבען געווארען פון פראנקרייך, האט דער ענגלישער אדעל זיך גופא געפייניגט מיט ענדלאזע רויבערייען און הריגות, אין דער צייט פון דעם דרייסיג־יאהריגען בירגער־קריג פון דער רויטער און ווייסער ראזע.

פון דער צווייטער זייט, האט די „נויט" געמוזט מאכען שטארק פאפולאר צווישען די ערד־באזיצער די אידעען פון דער וויקלעפער רעפארמאציע, ד. ה. באמת די פאדערונג צו קאנפיסקירען דאס קירכליכע פארמעגען טאקע פאר זיי גופא.

גאר אין דער זעלביגער צייט האבען זיי אויך פרובירט צו לייזען די „ארבייטער־פראגע", וואס איז ניט געלייזט געווארען אויף דעם נעזעצגעבערישען שטייגער, דורך אפענער אונטערדריקונג. זיי האבען אנגעפאנגען צוריק איינצופירען די אמאליגע באציאונגען פון לייב־אייגענטום און פארבייטען די לוין־ארבייט מיט דער געצוואונגענער ארבייט פון די פויערים.

די צורייצקייט פוןביידע זייטען האט געהאלטען אין איין וואקסען. אט די שטימונג פון די פויערים איז געווארען א פרוכטבארער באדען פאר דעם פרעדיגט פון די לאלארדען־אגיטאטארם. אמת, די אינטערעסען פון די פויערים זיינען געווען גאנץ אנדערע, ווי די אינטערעסען פון די ניט־פארמעגליכע שטאטישע קלאסען, נאר די נעגנער זיינען ביי זיי געווען איינע און די זעלביגע, דער נאהענטסטער ציל איז געווען איינער: די פארניכטונג פון די אונ־

טערדריקונגען פון די רייכע און מיט זיי אויך די פארניכטונג פון דער רעגירונגס־מאכט. וואס איינע האבען הויפטזעכליך אין זינען געהאט די ערד־באזיצער, און די אנדערע די רייכע סוחרים — דאס האט דער זאך ניט געשטערט.

אמת, די באוועגונג פון די לאללארדען, א דאנק דער צונויפ־גיסונג פון די פויערים מיט נידעריגע שטאטישע קלאסען, האט פארלארען איר באשטימטען כאראקטער; זי האט אויפגעהערט צו זיין א ריין קאמוניסטישע באוועגונג און איז געווארען דעמא־קראטיש, אפאזיציאנעל, וואס האט אריינגענומען א מענגע פאר־שיידענע ריכטונגען; זי האט זיך אבער גוואלדיג פארשטארקט.

די פויערים האבען אנגעפאנגען זיך צו ארגאניזירען, כדי זיך קעגענשטעלען קעגען די ערד־באזיצער. מען דערצעהלט, אז זיי האבען געגרינדעט פארבאנדען און געזאמעלט געלט, כדי צו אר־גאניזירען די מיטלען אין דער פארטיידיגונג פון זייערע אינטערע־סען. לויט דער מיינונג פון ט. ראדזשערס'ן, וואס האט א סך אויפגעטאן כדי צו דערקלערען אט די באוועגונג און וואס האט אונז א סך ארויסגעהאלפען אין דער צוזאמענשטעלונג פון אט דעם קאפיטעל, זיינען די ארגאניזאטארס הויפטזעכליך געווען די „ארימע גלחים” פון די לאללארדען; זיי האבען דאס אריינגע־טראגען אין אט דער באוועגונג איינינקייט.

אין אנפאנג פון דער הערשאפט פון ריטשארד דעם צווייטען, האבען זיך די געגענזאצען צווישען די פויערים און די ערד־באזי־צער פארשארפט ביז גאר. אין די לעצטע יארען פון דער הער־שאפט פון עדוואורד דעם דריטען האט דאס קריגס־גליק פארלאזען די ענגלענדער; אינ'ם יאר 1374 זיינען זיי געצוואונגען געווען צו שליסען א וואפענשטילשטאנד, וועלכער האט זיי איבערגעלאזט נאר עטליכע פונקטען אויף אריבערצושיפען זיך — קאלע, בארדא און באיאנו. בעת ריטשארד דער צווייטער איז ארויף אויפ'ן טראן איז ער סך הכל אלט געווען עלף יאר. אונטער אזא קעניג איז אוממעגליך געווען צו פירען א גרויסע מלחמה. פון דער צווייטער זייט, איז פראנקרייך געווען צו ערשעפט, אז זי זאל אויסנוצען איר גינסטיגע לאגע. דער וואפענשטילשטאנד איז אפילו געבראכען געווארען, נאר געקומען איז דאס נאר צו אומ־

באדייטענדע צוזאמענשטויסען. איצט האָט דער ענגלישער אדעל זיך געמוזט באנוגענען אויסשליסליך מיט דער הכנסה פון זיינע גיטער און האָט געקאָנט אָנווענדען אַלע קרעפטען אויף דער עקספּלואַטאַציע פון זיינע פּויערים.

אויב דער ווילקיר פון די פּריצים איז געוואקסען, האָט אָבער פון דער צווייטער זייט, דער אָפּשטעל פון דער מלחמה, וואָס האָט אומגעקערט אַזוי פיל סאָלדאַטען צוריק צום אקער און פארגרע־סערט די צאָל פון די, וועלכע קאָנען האַלטען געווער אין די הענט, אויך פארגרעסערט די חוצפּה פון די פּויערים. עס איז קיין חידוש ניט, וואָס עס איז שנעל געקומען צו אַ בלוטיגען צוזאַמענשטויס צווישען די צוויי פיינטליכע קלאַסען.

די פּויערים זיינען געשטופּט געוואָרען צום אויפשטאַנד, ווייל די אויטאָריטעטען האָבען אָנגעפאַנגען ארויסצואווייזען אַ ווידער־שטאַנד צו דער דעמאָקראַטישער באוועגונג און גרויזאַם פארפאָל־גען די לאָלאַרדישע אַגיטאַטאָרס, צווישען זיי, פארשטעהט זיך, אויך דזשאָן באָל, וואָס איז פארשפּארט געוואָרען אויפ׳ן באַ־פעל פון דעם ערצבישאָף פון קאָנטערבארי אין דער מאידסטאָנער תפיסה. בעת׳ן ארעסט זאָל ער כלומרשט האָבען געזאָגט, אַז אין גיכען וועלען אים צוואַנציג טויזענט פון זיינע פריינט באַפרייען. די נבואה איז מקוים געוואָרען.

געוועהנטליך דערצעהלט מען, אַז די אורזאַך פון דעם פּויערים־אויפשטאַנד איז געווען פּשוט אַ צופעליגע: אַן אויפמאָנער פון אָפּצאָלונגען האָט געשענדעט די טאָכטער פון וואַט טיילאָר; אוים נקמה האָט אים וואַט טיילאָר דערהרגעט און גערופען דאָס פאָלק אָפּצושטעלען דעם ווילקיר דורך גוואַלט.

באמת איז דער אויפשטאַנד אַנטשטאַנען אין פארשיידענע פלעצער גלייכצייטיג, נעמליך, דעם 10טען יוני 1381. די גרעסטע באדייטונג האָט דער אויפשטאַנד געהאַט אין נאָרפאָלק, אינ׳ם צענטער פון דער וועבעריי, און אין קענט, וואו דאָס לייב־איי־גענטום איז שוין געהאַט פולשטענדיג פארשוואונדען. די קענטער באוועגונג האָבען געפירט וואַט טיילאָר, וואָס האָט אַן אַנטייל גענומען אין דער מלחמה געגען פראַנקרייך און וואָס איז געווען באהאווענט אין תכסיסי־מלחמה, און דער גלח דזשעק סטראָו. די

אינסורגענטען האָבן זיך אַ לאָז געטאָן קיין לאָנדאָן, אויפ'ן וועג באַפרייט דזשאָן באַלל פון דער טורמע און אויפגעשלאָגן זייערע געצעלטען אויף דער שוואַרצער לאָנקע נעבן לאָנדאָן. זיי האָבן איינגעלאַדען דעם קעניג זיי צו באַגעגענען; דער קעניג איז מיט דער טעמזע אויף אַ שיף צוגעפאָרען צו זיי, נאָר ער האָט ניט געוואַגט אַראָפּגעהן און האָט זיך אומגעקעהרט מיט גאָרניט. דערמאָלט האָבן זיך די פויערים אַריינגעריסען קיין לאָנדאָן (דעם 12טען יוני), וואוהין עס האָבן זיי אַריינגעלאָזט חברים, וועלכע זיינען געווען אין שטאָט. צו זיי זיינען צוגעשטאַנען די נידעריגסטע קלאַסען און די אינסורגענטען האָבן אויסגעגאָסען זייער כעס צו די פּאַלאַצען פון זייערע אונטערדריקער, וועמען זיי האָבן ניט געהאַט קיין מעגליכקייט צו כאַפּען. צווישען אַנדערע האָבן זיי פאַרברענט דעם פּאַלאַץ פון דעם הערצאָג פון לאַנקעסטער, וועמען זיי האָבן אַם שטאַרקסטען געהאַסט. נאָר זיי האָבן ניט געפּלינדערט, „און כאַפּענדיג עמיצען ביי אַ גנבה, האָבן זיי אים גלייך געקעפּט, ווייל ערגער פון אַלץ האָבן זיי געהאַסט גנבים“ *).

דער יונגער פּופּצעניאָריגער קעניג האָט זיך פאַרשפּאַרט מיט זיינע יועצים און עטליכע פּריצים און מיט'ן קאָנטערבאָרער ערצבישאָף אינ'ם „טורם“. אומזיסט האָט דער לאָנדאָנער לאָרד מאַיאָר באַלסוואָרטה זיך ביי אים געבעטען צו מאַכען אַן איבערפאַל אויף די בונטאָווטשיקעס, זאָגענדיג, אַז די רייכע לאָנדאָנער בירגער וועלען צושטעהן צו זיין חיל. דער גראַף סאַלסבאָרי האָט אָנגעוויזען, אַז אַלץ וועט פאַרלאָרען געהן, אויב דער קעניג וועט פאַרלירען אַ שלאַכט אויף דעם אָפענעם פעלד צו די אינסורגענטען, און דעם גראַפ'ס מיינונג איז אָנגענומען געוואָרען, הגם דער קעניג האָט געהאַט אַכט טויזענט גוט־באַוואָפענטע לייט. דער פּחד פאַר די פויערים האָט פּאַראַליזירט ערפאַרענע מיליטערלייט. דער אויפשטאַנד איז ניט אונטערדריקט געוואָרען מיט מיליטערישער קראַפט, דער קעניג האָט אָנגעבאָטען שלום. דאָס איז אַ גאַנץ אַנדער בילד, ווי דאָס בילד פון דער פראַנצויזישער זשאַקעריי!

---

*) וואַלסינגהעם, „היסטאָריאַ אַנגליקאַנאַ“, 1, ז. 456.

ריטשארד האָט געהאַט געניגענדע אורזאַכען צו זיין נאָכ־געביג, ווייל די אינסורגענטען האָבען מיט שטורם גענומען דעם „טורם“ (דעם 14טען יוני), האָבען געהרגעט דעם ארכיבישאָף (דעם זעלביגען, וואָס האָט פארשפּארט אין תפיסה דזשאָן באָלל), און אויך אַנדערע אונטערדריקער, וועלכע זיינען זיי אריינגעפאַלען אין די הענט.

אביסעל פריער, איידער מען האָט פארכאַפּט דעם „טורם“, איז דער קעניג אַוועק אין מייל־ענד אָנצופאַנגען פארהאַנדלונגען מיט די בונטאָוושטשיקעס. זיי האָבען דערקלערט, אַז זיי ווילען זיין פרייע פּויערים און ווילען דארויף אַ שריפטליכע גאַראַנטיע. נאָכדעם האָבען זיי געפאָדערט די אָפּשאַפונג פון די פּריווילע־גיעס פון׳ם אַדעל אויף געיעג און פיש־כאַפּען און אויך אַנדערע ענליכע הנחות. דער קעניג האָט מסכים געווען צו אַלע פאָדע־רונגען און אויסגעדריקט אַ גרייטקייט שוין צו געבען די נויטיגע דאָקומענטען. מיט אָט דער ארבייט האָבען זיך באַשעפטיגט דרייסיג שרייבער.

אויף אַזאַ אופן האָבען די פּויערים דערגרייכט, וואָס זיי האָבען געוואָלט. דער גרעסטער טייל פון זיי איז אַוועק אַהיים. איינע פון די אורזאַכען פון זייער אַוועקגאַנג האָט געמוזט זיין דער מאַנגעל אין לעבענסמיטלען, ווייל זיי האָבען מיט זיך גע־בראַכט ווינציג פּראָוויאַנט; לויט דער דערצעהלונג פון פרואַסאַר׳ן האָט אַ פערטל־חלק פון די פּויערים שוין געהונגערט צוליב מאַנגעל אין שפּייז נאָך איידער מען האָט פאַרנומען לאָנדאָן, בעת זיי זיינען נאָך געווען אויף דער שוואַרצער לאָנקע. נאָר אַ גרויסער המון, אונטער דער פירערשאַפט פון וואַט טיילאָר, דזשעק סטראָו און דזשאָן באָלל איז איבערגעבליבען, כדי נאָכצופאָלגען די צו־גרייטונג פון די דאָקומענטען און אפשר אויך צוליב דעם, כדי זיך צו דערשלאָגען ווייטערדיגע הנחות.

אויפ׳ן צווייטען טאָג האָבען זיך די פארהאַנדלונגען באַנייט. די אינסורגענטען האָבען זיך באַגעגענט מיט דעם קעניג און מיט זיין סוויטע אין סמיטפילד. ריטשארד האָט איינגעלאַדען וואַט טיילאָרען אויף פארהאַנדלונגען אין דער אַנוועזענהייט פוןביידע אַרמייען און יענער האָט אָנגענומען די איינלאַדונג.

בעת זיי האָבען געפירט די פאַרהאַנדלונגען, זיינען צו זיי צו־געקומען די ריטער און, ווען טיילאָר האָט אָנגעפאַנגען געגען דעם צו פּראָטעסטירען, האָט ריטשארד אים געהייסען אַרעסטירען. אַ מענגע סאָלדאַטען, מיט דעם אונז שוין באַקאַנטען לאָרד־מאַיאָר וואָלוואָירטה בראש, האָט זיך אויף אים אַ וואַרף געטאָן און ער איז געפאַלען, פאַררעטעריש דורכגעשטאָכען מיט אומצעהליגע שווערדען. ריטשארד, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס ער איז געווען אַזוי יונג, איז דאָך געווען גוט באַקאַנט מיט דער שלויקייט און מיט דער היפּאָקריטסווע, וואָס מען האָט דעמאָלט גערופען שטאַטס־חכמה; אַליין איז ער צוגעפאָרען צו די דערשטוינטע אינסורגענ־טען, זיך באַקלאָגט, אַז וואָט טיילאָר איז געוועט אַ פאַררעטער, וואָס האָט אים געוואָלט הרגענען, און דערקלערט, אַז ער וועט אַליין זיין זייער פירער. מיט אָט די בבאָ־מעשיות האָט ער זיי אביסעל צושטרויט, דערווייל זיינען געקומען די באַוואָפענטע בירגער פון לאָנדאָן. נאָר אפילו איצט האָבען נאָך ריטשארד מיט זיינע נאָכ־פאָלגער ניט געוואַגט אַרויס אין אָן אָפענער שלאַכט. זיי האָבען זיך באַנוגענט דערמיט, וואָס זיי האָבען אָפּגעשניטען די אינסור־גענטען פון לאָנדאָן און איינגעשטעלט „אָרדנונג" אין שטאָט. די פּויערים האָט מען אַרויסגעגעבען פּרייהייטס־דאָקומענטען און זיי זיינען זיך צוגאַנגען.

דער אויפשטאַנד אין נאָרפאָלק האָט געהאַט נאָך אַן ערגערן אויסגאַנג. די פּויערים, אונטער דער פירערשאַפט פון עפּעס איי־נעם אַ דזשאָהן ליטלסטריט, האָבען פאַרכאַפּט דעם 14טען יוני די שטאָט נאָרוויטש. נאָר דער נאָרוויטשער בישאָף, הענרי ספּענסער, האָט שנעל צוזאַמענגעקליבען אַרום זיך אַ חיל, איז אָנגעפאַלען אויף די אינסורגענטען און זיי צוקלאַפּט אין אַ שלאַכט, אין וועל־כער ער האָט פיל געטויט מיט די אייגענע הענט. די געפאַנגענע האָט ער באַפעהלען גלייך צו באַשטראָפען; צווישען זיי איז אויך געווען דזשאָהן ליטלסטריט. דערביי האָט דער פרומער בישאָף זיך נאָכגעגעבען דעם פאַרגעניגען פּערזענליך זיי געבען די לעצטע טרייסט פון דער רעליגיע.

די קלענערע אויפשטאַנדען האָבען זיך מייסטענס געענדיגט מיט נאָרניט. ווען די פּויערים האָבען זיך באַרוהיגט, האָט ריי־

טשארד אָנגעפאַנגען צו קלערן ווי אַזוי צו פאַרראַטען דאָס „קע־ניגליכע וואָרט", וואָס ער האָט לכתחילה געגעבן מיט דעם אַב־זיכט ניט צו האַלטען, מיט'ן ציל אָפּצונאַרען די פּויערים. דאָס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע.

די דיפּלאָמאַטיע האָט זיך נאָך דעמאָלט געפונען אין אירע ווי־קעלאַך, ליגן באַטרוג און פאַרראַט האָט מען פּראַקטיצירט אַ סך פרייער ווי שפּעטער, ווען מען האָט געמוזט, אונטער דער מורא פון פאָלקס־קריטיק, פאַרדעקן דעם דיפּלאָמאַטישן שווינדל מיט אַ צודעק פון זיטליכקייט. פונ'ם 14טן ביז 17טן י. ה. — און אפילו נאָך שפּעטער — האָט דאָס האַלטן פון וואָרט און בכלל אָרענטליכקייט זיך גערעכנט פאַר אַ שוואַכקייט, פון וועלכער אַ גרויסער הערשער האָט ניט געטאָרט באַהערשט ווערן.

ווי נאָר דער קעניג האָט אַרום זיך צונויפגעזאַמלט אַן אַר־מיי פון אַ 40 טויזנט מענשן, — „אַן אַרמיי, וואָס איז נאָך ביז דעמאָלט אין ענגלאַנד ניט געווען" (וואַלסינגהעם), — האָט ער אַראָפּגעוואָרפן די מאַסקע און איינגעאָרדנט געריכטן צו באַ־שטראָפן די אינסורגענטן. די באַפעלקערונג פון עססעקס האָט צו אים געשיקט שלוחים אים דערמאָנען אָן זיין צוזאָג. נאָר פון דער צייט, וואָס ער האָט אַרום זיך צונויפגעזאַמלט אַ גרויס חיל, איז ער געוואָרן אַזוי מוטיג, אַז ער האָט געענטפערט: „שקלאַ־פן זייט איר געווען און שקלאַפן וועט איר פאַרבלייבן. איר וועט בלייבן אונטער דער הערשאַפט פון לייב־אייגנטום, ניט אַזאַ, ווי ביז איצט, נאָר אַן אומענדליך ערגערער. ווייל כל זמן מיר וועלן לעבן און הערשן מיט גאָטס גנאָד איבער דער קעניגרייך, וועלן מיר אויסנוצן אונזער פאַרשטאַנד, כח און מעכטיגקייט, כדי אייך אַזוי צו מוטשען, אַז אייער שקלאַפעריי וועט ווערן אַ וואָרנונגס־ביישפּיל פאַר די דורות."

אָט דער אַרויסרוף האָט דערגרייכט זיין ציל. די פּויערים פון עססעקס האָבן ווידער געמאַכט אַן אויפשטאַנד מיט געווער אין די הענט נאָר, בלייבנדיג אַליין, — די אַנדערע גראַפשאַפטן זיינען פאַרבליבן רוהיג, — האָט זיי דאָס חיל פון קעניג צו־קלאַפּט.

אויגנשיינליך, האָבן די אינטערעסן פון „אָרדנונג" געזיגט.

נאָך די ענגלישע שטאָטסלייט האָבען ניט געקענט פאַרדעקען פאַר זיך גופא, אַז זיי האָבען ניט אונטערדריקט דעם הויפּט־אויפשטאַנד אין אַן אָפענעם קאַמף, און אַז זיי האָבען נאָר אָפּגעווענדט דעם שטורם דורך ליגען, פאַרראַט און כיטרעקייט.

אויף אַזאַ אופן, איז דער אויפשטאַנד, ניט קוקענדיג אויף זיין מיסערפאָלג, געווען ניט אינגאַנצען פּרוכטלאָז. די פּריצים האָבען אויסגעמיידט זיך צו באַנוצען מיט זייער נצחון, ווייל דאָס וואָלט געקאָנט געווען ארויסרופען אַ צווייטען אויפשטאַנד פון דעם גאַנצען פויערטום. די באַפרייאונג פון די פויערים פון לייב־אייגענטום איז פאַרגעזעצט געוואָרען און ביים סוף פון׳ם יאָרהונדערט איז זי כמעט פאָלשטענדיג פאַרענדיגט געוואָרען.

נאָך צום אויפשטאַנד פון די פויערים אין לאָנדאָן און אין נאָרוויטש זיינען אויך צוגעשטאַנען די נידעריגסטע קלאַסען פון דער שטאָטיגער באַפעלקערונג; זיי זיינען געווען אַ סך מער שוצלאָז פון די פויערים, און טאַקע אויף זיי האָט זיך אויסגעגאָסען די גאַנצע נקמה פון די זיגער. ווען מען זאָגט אונז, אַז נאָכדעם ווי דער אויפשטאַנד האָט זיך געענדיגט, האָט מען זיך בלוטיג אָפּגערעכענט מיט זיינע פירער, און אַז פופצען הונדערט מענשען, צווישען זיי אויך דזשאָהן באָלל און דזשעק סטראָו זיינען געטויט געוואָרען, קענען מיר זיך משער זיין, אַז דאָס האָט מער באַרירט די שטאָטישע בונטאָווששיקעס ווי די פויערים. אין די פּאַרלאַמענטאַרישע אַקטען זיינען פאַרבליבען די נעמען פון צוויי הונדערט ניין־און־אכציג באַשטראָפטע פירער פון די בונטאָווששיקעס, פון זיי זיינען הונדערט איין־און־פופציג געווען לאָנדאָנער איינוואוינער, און הונדערט אכט־און־דרייסיג, ד. ה. ווינציגער פון האַלב — איינוואוינער פון אַנדערע שטעט און אויך דאָרפסלייט.

דער אומגליקליכער אויסגאַנג פון׳ם אוויפשטאַנד האָט נאָך אויף אַ קורצער צייט אָפּגעהאַלטען די באַפרייאונג פון די פויערים. דערפאַר האָט ער זיך ארויסגעצייגט אַלס קלאַפּ, וואָס האָט כמעט פולשטענדיג פאַרניכטעט די באַוועגונג פון די לאָלאַרדען, און בכלל יעדע אָפּאָזיציע צום פּויפּסטענטום.

ווירקליך, דעם קעניג און דעם אַדעל האָט זיך אויסגעצייגט צו ריזיקאַליש אליין זיך נעמען צו אַ רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג,

זיך אָפּזאָגען פונ׳ם פּויפּסט און קאָנפיסקירען די קירכליכע גיטער, בעת הינטער זיך איז פאַראַן אַזאַ קריגערישע באַפעלקערונג. אַ קאָמ־פּראָמיס מיט׳ן פּויפּסטענטום האָט שטאַטגעפונען שוין לייכטער דערפאַר, ווייל פונקט אין יענער צייט האָט דאָס אויפגעהערט צו זיין אַן אויסשליסליך געצייג פון דער פראַנצויזישער פּאָליטיק. אינ׳ם יאָר 1378 האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע צושפּאַלטונג אין דער קירך, וועגען וועלכער מיר וועלען ריידען ווייטער. די וועלט האָט זוכה געווען צו צוויי פּויפּסטען: צום פראַנצויזישען און צום רוימישען, וואס איז געשטיצט געווארען פון דייטשלאַנד און פון ענגלאַנד.

אויב די רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג וואָלטווירקליך געווען אַ פּועל יוצא פון דער מאָראַלער ענטריסטונג געגען דער פאַרדאָר־בענהייט פון דעם פּויפּסטענטום, ווי עס פאַרזיכערען אונז די אי־דעאָלאָגען, די היסטאָריקער פון דעם פּראָטעסטאַנטיזם, וואָלט די וויקלעף־באַוועגונג געדאַרפט געווען זיך אַ הויב טאָן גראָד אין דער צייט פון דער קירכען שפּאַלטונג, ווייל דעמאָלט איז דאָס פּויפּסטענ־טום מאָראַליש זעהר שטאַרק געפאַלען. נאָר די געשיכטע ווערט באַשטימט דורך די אינטערעסען און דורך דעם קאַמף פון די קלאַ־סען, און פון דעם יאָר 1381 זיינען די אינטערעסען פון די הערשענ־דע קלאַסען פון ענגלאַנד געווען אין אַ ווידערשפּרוך מיט די שטרע־בונגען פון וויקלעף׳ן. אמת, ער און זיינע אונטערשטיצער האָבען ניט געהאַט קיין שום שייכות צו דעם אויפשטאַנד, אדרבא, זיין פּאַרטיידיגער דזשאהן פון לאַנקעסטער איז געווען אַ מענש, אַממער־סטען געהאַסט פון די אינסורגענטען. אָבער דאָך איז זיין לערע גע־ווען מער רעוואָלוציאָנער, ווי דאָס איז געווען ווינשענסווערט פאַר די הערשענדע קלאַסען פון ענגלאַנד. שוין אין דעם יאָר 1382 האָט די לאָנדאָנער אסיפה פאַרדאַמט פיר־און־צוואַנציג פון זיינע תקנות אַלס אַפּיקורסישע. טאַקע אין אָט דעם יאָר האָט דער פּאַרלאַמענט דורך אַ ספּעציעלען געזעץ באַפעהלען די ציווילע געריכטען אונטער־שטיצען די גייסטליכע. וויקלעף׳ן האָט ניט געהאָלפען די אויסגאַבע פונ׳ם ווערק "De blasphemia", וואָס איז ערשינען אין דעם יאָר 1382, אין וועלכען דער אויפשטאַנד פון די פּויערים איז פאַרדאַמט געוואָרען. אפילו זיין אַמאָליגער באַשיצער, דער הערצאָג פון לאַנ־

קאסטער איז געווארען זיין געגנער. מען האט ביי וויקלעף'ן צוגענומען זיין טיטול פראפעסאר פון אקספארדער אוניווערזיטעט און ער האט אנגעווארען זיין ראנג; ער האט געמוזט אוועק צו זיין קירכען־געמיינדע, קיין לוטערוואירטה, וואו ער איז געשטארבען אינ'ם יאר 1384.

די לאללארדען האבען נאך מער געליטען. פון דעם פויערים־אויפשטאנד אן, אויף וועלכען עס האט זיך אזוי שטארק אפגעשפיגעלט די טעטיגקייט פון די לאללארדישע אגיטאטארם, פלעגט יעדער לאללארד, ווען מען האט נאר אנטדעקט, זיך רעכענען פאר א פארברעכער און באשטראפט ווערען מיט'ן טויט. אין ענגלאנד האט זיך אנגעפאנגען פונקט אזא עפאכע פון פארפאלגונגען אויף די לאללארדען, ווי אין דייטשלאנד, בעת קארל דער 4־טער איז ארויף אויפ'ן טראן. פארניכטען די לאללארדען האט זיך ניט איינגעגעבען, דאך האבען זיי שוין ניט געקענט באקומען נאך אמאל יענע באדייטונג, וואס זיי האבען געהאט פונ'ם יאר 1360 ביז'ן יאר 1381. ווי אין דייטשלאנד, אזוי אויך אין ענגלאנד, האבען זיי נאר געקאנט ארויסשטעלען אן אומענדליכע רייע פון מארטירער.

דער אויפשטאנד פונ'ם יאר 1381 האט נויטווענדיגערווייזע געווירקט אויך אויף די אנדערע אייראפייאישע לענדער און אומעטום פארשטארקט די פארפאלגונגען געגען די לאללארדען און וואלדענזער. ביים סוף פון אט דעם יארהונדערט איז פאר זיי שוין ניט געווען קיין איין זיכערער מקום מקלט. דעמאלט, אין דער גרעסטער האפנונגסלאזיגקייט, איז פלוצלונג געקומען פאר די פארפאלגטע און דערנידעריגטע א פרעכטיגע צייט, וואס האט זיי וואונדערליך באוויזען, ווי „גרויס גאט קען זיין אין קליינע". אן עפאכע פון העלדען, ענליך צו דער עפאכע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציע, וואס האט זיך אנגעפאנגען אינ'ם יאר 1793, האט זיך אנגעפאנגען פאר די קאמוניסטישע שטרעבונגען אין בעהמען צוזאמען מיט די הוססיטישע מלחמות.

## זעקסטער קאפּיטעל.

# די טאַבאָריטען

### 1. די גרויסע שפּאלטונג

די אנשטעהונג פון דער וויקלעף־באוועגונג איז געווען אן ערנ־סטע ווארנונג צום פּויפּסטענטום. ווען דאָס פּויפּסטענטום וואָלט ווייטער געדינט אלס געצייג פון פראנקרייך, וואָלט זיין עקזיסטענץ אין גאנץ אייראפּא געען אין דער גרעסטער סכנה. דערפאר האָבען די פּויפּסטען אָנגעפאנגען צו שטרעבען זיך ארויסצורייסען פון זייער אוויניאָנער גלות צוריק קיין רוים, וואו זיי וואָלטען געווען אביסעל ווייטער פון דעם פראנצויזישען איינפלוס.

ווייטער, די וויקלעף־באוועגונג האָט באוויזען די פּויפּסטען, ווי ווייט אומזיכער עס איז זייער לאגע אלס פירער פון דער קירך. זי האָט אָנגעוויזען אויף דער נויטוועגדיגקייט צו זוכען פאר זיך א קרעפטיגען שטיצפּונקט אין דער ציווילער מאכט. וואס מער עס האָט זיך ארויסגעליטשט די קירכען הערשאפט און עקספּלוא־טאציע אין ענגלאנד, פראנקרייך און שפּאניען (קאסטילאניע און אראַגאָניע) פון די הענט פון די פּויפּסטען און אריבער אין די הענט פון דער ציווילער מאכט, אלץ וויכטיגער איז פאר זיי גע־וואָרען, צוגלייך מיט דער וועלט־הערשאפט, דער באזיץ פון אַ ציווילער מלוכה, פ:ן א קירכליכער טעריטאָריע.

אויב די פּויפּסטען האָבען געהאט אלע גרונדען צו שטרעבען קיין רוים, האָבען אויך די איטאַליענער, פון זייער זייט, נאָך זיי געבענקט. דער אזוי גערופענער „גלות בבל” פון די פּויפּסטען אין אוויניאָן האָט זיי קלאָר באוויזען, ווי וויכטיג עס איז פאר איטאַליע די אָנוועזענהייט פון די פּויפּסטען, און ס'אַרא פאר־

לוסטען זי ליידט צוליב זייער אָבּוועזענהייט. רוים איז שטאַרק געזונקען.

דער הייסער וואונש אומצוקערען די פּויפּסטען ווערט אויסגעצייכענט אויסגעדריקט דורך פּעטראַרק׳ן. מיט העלע פאַרבען מאָלט ער אין זיינע לידער און בריף, ווי דער פּויפּסטליכער פּאַלאַץ און די הייליגע אַלטאַרען פון רוים זיינען פאַראַרימט און פאַרנאַכלעסיגט געוואָרען זינט מען האָט איבערגעטראָגען דעם הייליגען טראָן, ווי עס איז געפאַלען די אייביגע שטאָט, אַקוראַט ווי א פרוי, פאַרלאָזט פון איר מאַן, און ווי דער וואָלקען, וואס הענגט איבער אירע זיבען בערג, וועט צושוואומען ווערען, ווען איר געזעצליכער הערשער וועט זיך אומקערען. די אייביגע גלאָרי פונ׳ם פּויפּסט, דאָס גליק פון רוים און דער שלום פון איטאַליע — דאָס זיינען די רעזולטאַטען, וואס וועלען קומען, ווען דער פּויפּסט וועט ריזיקירען זיך צו באַפרייען פון דער פראַנצויזישער געפאַנגשאַפט. אין אַוויניאָן אָבער וועט דאָס פּויפּסטענטום, דורך דער מאַכט פון נאַטירליכער נויטוועדיגקייט, פאַרזונקען אין לוקסוס און זינד און ארויפציהען אויף זיך דעם האַס און די פאַראַכטונג פון דער גאַנצער וועלט*). קיינער האָט ניט געמוסרט דאָס פּויפּסטענטום אַזוי שאַרף, ווי פּעטראַרקאַ, נאָר ער האָט דאָס געטאָן ניט מיט׳ן צוועק עס צו דערנידעריגערען אָדער אומברייננגען, נאָר כדי צוצוציהען אים צוריק, קיין איטאַליע. לויט זיין מיינונג, זיינען די פעלערען פון דער פּויפּסטליכער קוריע געלעגען ניט דערין, וואס זי האָט אויף דעם שאַנדלאָזסטען אופן באַראַבעוועט די וועלט, נאָר דערין, וואס די פרוכטען פון אָט דער עקספּלואַטאַציע זיינען אויפגעגעסען געוואָרען אין אַוויניאָן, און ניט אין רוים. דער קלימאַט פון אַוויניאָן האָט געווירקט צושטערענד אויפ׳ן גייסטיגען געזונט פונ׳ם פּויפּסטענטום; קומט עס קיין רוים צוריק, מוז דאָס באַלד געזונט ווערען.

---

*) פּעטראַרקאַ האָט גוט געקענט דאָס פאַרדאָרבענע לעבען פונ׳ם פּויפּסטליכען הויף, ווייל ער האָט אליין געלעבט אין אַוויניאָן פופצען יאָר (צווישען די יאָרען 1326—1352). זיין האַס צו אָט דער שטאָט ציגט זיך ארויס אין איינער פון זיינע סאָנעטען, געווידמעט צו אַוויניאָן.

• חוץ די עקאָנאָמישע אורזאַכען, וואָס האָבען צוגעצויגען די איטאַליענער צום פּויפּסטענטום (אַט די אורזאַכען האָבען מיר שוין באַטראַכט אויבען), האָבען נאָך עקזיסטירט אויך פּאָליטישע, וואָס האָבען געווירקט אין דער זעלביגער ריכטונג.

דאָס אויפוואַכען פון׳ם נאַציאָנאַלען באַוואוסטזיין איז ענג פאַרבונדען מיט דער אַנטוויקלונג פון דער סחורה פּראָדוקציע. ווי נאָר אַט די פּראָדוקציע דערגרייכט די הויך, אויף וועלכער זי ווערט קאַפּיטאַליסטיש, פאַנגען אָן אירע אינטערעסען, און פריער פון אַלץ די אינטערעסען פון די קאַפּיטאַליסטען, צו פאָדערען אַ נאַציאָנאַלע, און אויב מעגליך, אַ צענטראַליזירטע רעגירונג, וואָס זאָל פאַרזיכערען פאַר די קאַפּיטאַליסטען דעם אינערליכען נאַציאָנאַלען מאַרק און אויסקעמפען פאַר זיי אַ פּאַסיגען פּלאַץ און פרייהייט אויף דעם וועלט־מאַרק. אַט די ערשיינונג האָט זיך פולשטענדיג קלאָר ארויסגעצייגט אין דעם 17טען יאָרהונדערט. יעדענפאַלס, אין יענע צייטען האָט זי זיך נאָר ארויסגעצייגט אין ספּעציעלע צופאַלען, בעת ספּעציעלע באַדינגונגען האָבען זי געוועקט, נאָר האָט נאָך ניט דערגרייכט די קראַפט פון אַן אינסטינקט.

דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין האָט אויפגעוואַכט צום ערשטען אין דער הויכאַנטוויקעלטער איטאַליע. אין דעם 14טען יאָרהונדערט האָט אַט דאָס לאַנד דערפילט אַ דרינגענדע נויטווענדיגקייט אין פאַראייניגונג, אין קאָנצענטרירען אַלע אירע קרעפטען אונטער איין מאַכט, ווייל דערביי וואָלטען געמוזט געווען אויפהערען אַלע פאַרניכטענדע מלחמות פון די קליינע מלוכהלאַך, און עס וואָלטען געקומען רוהיגקייט און אָרדנונג, אַט די ווינקעל־שטייגער פון דעם בורזשואזען וואוילזיין, און דאָס לאַנד וואָלט שוין מער ניט געווען דאָס רויב פון פרעמדע, ווי עס איז באמת טאַקע געווען און ווי עס איז פאַרבליבען אויך אינ׳ם 19טען יאָרהונדערט.

נאָר דער איינציגער כח, דאַכט זיך, וואָס וואָלט געווען מסוגל צו פאַראייניגען איטאַליע און זיך דערשלאָגען צו דער העכסטער מאַכט איבער פאַרשיידענע סואווערענען, איז געווען דאָס פּויפּסטענטום. דערפאַר האָבען די ווייטזיכטיגע איטאַליענישע פּאַטריאָטען אַזוי ארויסגעקוקט אויף דעם פּויפּסט׳ס צוריקקומען פון אַוויניאָן.

צו דעם אַלעמען איז נאָך איצט צוגעקומען די מפּלה פון פראַנק־רייך אין דער מלחמה מיט ענגלאַנד, וואָס האָט געמעסיגט די סכנה צו זיין מיט איר אין פיינטליכע באַציהונגען.

אויף אַזאַ אופן, האָט מען, נאָך דער אַנטשטעהונג פון דער וויקלעף־באַוועגונג, אין די פּויפּסטליכע קרייזען אָנגעפאַנגען זיך ערנסט צו פאַרקלערען וועגען אומקערען זיך קיין רוים. דעם ער־שטען פּאַרזוך צו אַנטלויפען פון אַוויניאָן האָט געמאַכט אורבאַן דער 5טער. ניט קוקענדיג אויף דעם פּראָטעסט פון דעם פראַנצויזישען קעניג קאַרל דעם 5טען און פון די קאַרדינאַלען, וואָס זיינען מייג־סטענס געווען פראַנצויזישע קרעאַטורען, האָט ער זיך אין מאַי פונ׳ם יאָר 1367 אין מאַרסעל אויפגעזעצט אויף אַ שיף און זיך אוועק־געלאָזט דורך גענוא קיין רוים, וואו מען האָט אים באַגעגענט ענטוזיאַסטיש. אָבער שוין אינ׳ם 1370 האָבען די פראַנצויזישע קאַרדינאַלען ווידער געקראָגען די אויבערהאַנט. פאַר זיי איז דאָס לעבען אין אַוויניאָן געווען אַנגענעמער (גיבּבאָן באַשטעטיגט, אַז די הויפּט אורזאַך דערפון איז געווען דער בורגונדער וויין, וואָס זיי האָבען אין איטאַליע ניט געקאָנט באַקומען), און אורבאַן האָט זיך אומגעקערט קיין אַוויניאָן.

דעם צווייטען פּאַרזוך האָט געמאַכט גריגאָריוס דער עלפטער, אינ׳ם יאָר 1376. ער איז געבליבען אין רוים שוין ביז׳ן טויט (אינ׳ם יאָר 1386). דאָס רוימישע פאָלק האָט מורא געהאַט, אַז די פראַנצויזישע קאַרדינאַלען זאָלען ווידער ניט וועהלען אַלס פּויפּסט קיין פראַנצויזען־פריינט, האָבען זיי אַרומגערינגעלט דעם קאָנקלאַוו*) מיט געוועהר אין די הענט און מיט געשרייען: „טויט אָדער אַן איטאַליענישער פּויפּסט!" האָבען זיי געצוואונגען די קאַרדינאַלען צו דערוועהלען דעם איטאַליענער אורבאַן דעם 6טען. אָבער ווי נאָר עס האָט זיך געמאַכט אַ מעגליכקייט, זיינען די פראַנ־צויזישע קאַרדינאַלען אוועק פון רוים, האָבען דערקלערט די וואַלען פאַר געצוואונגענע און ניט גילטיג און האָבען דערוועהלט אַלס נייעם פּויפּסט קלימענטיוס דעם זיבעטען.

*) דעם פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון די קאַרדינאַלען.

אַט אַזוי איז אַנטשטאַנען די גרויסע קירכליכע שפּאַלטונג. מיר האָבען אַזוי זאָרגפעלטיג אויסגעפאָרשט אירע אורזאַכען דער־פאַר, ווייל זי איז זעהר וויכטיג פאַר דער געשיכטע פון דעם פּויפּ־סטענטום און, פאָלגליך, אויך פאַר דער געשיכטע פון די אפּיקורסי־שע סעקטען.

די עקזיסטענץ פון צוויי פּויפּסטען גלייכצייטיג איז ניט גע־ווען קיין אומגעהערטע זאַך. ניי איז נאָר געווען, וואָס זיי זיינען ערשינען אַלס פאָרשטעהער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטען: איינעם האָבען געשטיצט פראַנקרייך און שפּאַניע, דעם אַנדערען, דעם איטאַליענישען — דייטשלאַנד און ענגלאַנד. שפּעטער איז צוזאַמען מיט אַט די צוויי געקומען נאָך אַ דריטער פּויפּסט, וועמען עס האָבען אַנערקענט כמעט נאָר די שפּאַניער אַליין. אַזוי האָט אַט די קירכליכע שפּאַלטונג שוין געדינט אַלס פּראָלאָג צו דער צופאַלונג פון דעם קאַטוילישען קלערוס אויף נאַציאָנאַלע קירכען. די פראַגע איז דאָ געווען ניט קיין דאָגמען, אָבער אויך ניט קיין ריין־פּערזענליכע באַשטרעבונגען, נאָר נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע גענענזאַצען.

צווישען די געגנערישע פּויפּסטען האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ היציגער קאַמף, אין וועלכען קיינער פון זיי אָדער פון זייערע נאָכ־פאָלגער האָט ניט געזיגט. די גאַנצע קאַטוילישע קירך איז צו־טרייסעלט געוואָרען; דאָס זעלבע האָט אויך געדראָהעט דער געזעלשאַפט, אין וועלכער עס זיינען גראַד דעמאָלט אַנטשטאַנען שאַרפע גענענזאַצען, ווי עס האָבען באַוויזען די זשאַקעריי אין פראַנקרייך און דער פּויערים־אויפשטאַנד אין ענגלאַנד. פאָלגליך, כדי צו מאַכען אַן ענד צו די אומאָרדנונגען, וואָלט מען גענדאַרפט געווען אָרגאַניזירען די קירך אויף נייע יסודות אָדער, ווי מען פלעגט דעמאָלט זאָגען, „רעפאָרמירען זי פון קאָפּ ביז די פיס". אַזוי ווי דאָס פּויפּסטענטום איז דאַרויף געווען לחלוטין אומפעהיג, האָבען זיך פאַר אַט דער אַרבייט גענומען גענומען אַנדערע קרעפטען. עס זיינען פאָרגעקומען אַ גאַנצע רייע אינטערנאַציאָנאַלע קאָנגרעסען, די אַזוי גערופענע קירכליכע אסיפות, אויף וועלכע פאָרשטעהער פון די ציווילע הערשער האָבען, פונדעסטוועגען, גערעט פּונקט אַזוי

פיל, ווי די פאַרשטעהער פון פאַרשיידענע קירכליכע אָרגאַניזאַ־
ציעם *).

דאָס פּויפּסטענטום, וואָס איז געשאַפן געוואָרען נאָך אָט די אסיפות, איז געשטאַנען אַ סך נידעריגער פון יענעם, וואָס האָט אַמאָל באַזיגט די האָהענשטאַופענס. אמת, איצטער זיינען די פּויפּסטען ניט אונטערגעפאַלען אונטער דעם איינפלוס פון איין נאַציע אַזוי שטאַרק, ווי בעת זיי זיינען געווען אין אַוויניאָן, נאָר דערפאַר איז זייער ווירקונג אויף יעדער באַזונדער נאַציע באַדייטענד פאַרקלענערט געוואָרען. עס האָבען אָנגעהויבען אַנטשטעהן נאַציאָנאַלע קירכען, וואָס זיינען געווען אונטערוואָרפען צו די אָרטיגע ציווילע הערשער. דער פּויפּסט איז געצוואונגען געווען זיך טיילען מיט זיי די מאַכט און די הכנסות, אויב ער האָט נאָר ניט געוואָלט זיי אינגאַנצען פאַרלירען; זיין טייל דערין איז געווען באַשטימט דורך ספּעציעלע פּאָליטישע אָפּמאַכען (דער קאָנקאָרדאַט אָדער די פּראַגמאַטישע סאַנקציע).

אַזוי איז געווען די לאַגע אין פראַנקרייך, ענגלאַנד און שפּאַניע; אין איטאַליע האָט די רוימישע קירך, זעלבסטפאַרשטענדליך, פאַרגעזעצט צו זיין נאַציאָנאַל. נאָר די דייטשע אימפּעריע האָט זיך ניט געשאַפען קיין נאַציאָנאַלע קירך אין דער עפּאָכע פון די קירכליכע אסיפות. איר שוואַכקייט איז געווען צו גרויס, אַז זי זאָל קאָנען רעגולירען און באַגרעניצען די פּויפּסטליכע מאַכט איבער דער דייטשער קירך און די עקספּלואַטאַציע פון דער לעצטער. דייטשלאַנד איז גענצליך געוואָרען דער אָביעקט פון די מאַכטליבענדע און גיהיריגע שטרעבונגען פון די פּויפּסטען און איז אַזוי געבליבען אין דעם משך פון אַ גאַנצען יאָרהונדערט.

איין טייל פון דער דייטשער אימפּעריע איז, פונדעסטוועגען, געווען אַ יוצא מן הכלל: דאָס בעהעמישע קעניגרייך.

*) אויף דער קאָנסטאַנצער אסיפה אינ'ם יאָר 1417 האָט מען דערוועהלט אַלס פּויפּסט אויפ'ן פּלאַץ פון די פאַרשיידענע אַנדערע פּויפּסטען, מאַרטין דעם פינפטען, וועמעס דערוועהלונג עס האָט אַ סוף געמאַכט צו דער קירכליכער שפּאַלטונג. געוועהלט האָבען אים ניט נאָר די קאַרדינאַלען אַליין, נאָר אַ קאָלעגיום, אין וועלכען, צוזאַמען מיט די 23 קאַרדינאַלען זיינען אויך געווען 30 דעלעגאַטען פון פינף קריסטליכע מלוכות: פון איטאַליע, פראַנקרייך, דייטשלאַנד, שפּאַניע און ענגלאַנד.

## 2. די סאָציאַלע באַדינגונגען אין בעהמען פאַר די הוסיטישע מלחמות.

קיין איין לאַנד, אַ חוץ ענגלאַנד, קאָן זיך ניט באַרימען מיט אַזאַ שנעלער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג אינ׳ם 14טען יאָרהונדערט, ווי בעהמען. אין ענגלאַנד איז אָט די אַנטוויקלונג אַרויסגערופען געוואָרען דורך דעם וואָל־האַנדעל און דורך די ערפאָלגרייכע אָנ־פאַלען אויף פראַנקרייך; אין בעהמען אָבער איז זי געקומען אַ דאַנק די זילבער־מינען, צווישען וועלכע דעם ערשטען פּלאַץ האָבען פאַרנומען די קוטענבערגער; אַנטדעקט זיינען זיי געוואָרען אינ׳ם יאָר 1237 און ביז דעם 15טען יאָרהונדערט זיינען זיי געווען די רייכסטע זילבער־מינען אין אייראָפּאַ; אינ׳ם אָנפאַנג פונ׳ם 14טען יאָרהונדערט פלעגען זיי אַריינברייגנען יאָרליך אַרום הונדערט טוי־זענט מאַרק (איין מאַרק איז אַ האַלב פונט). ביי די פאַרשיידענע טייכען פון בעהמען פלעגט מען אויך וואַשען גאָלד, למשל, אויף דער מאָלדאַווע און לוזשניצע, נעבען וועלכער עס ליגט דער טאַבאָר*). פון אָט די מינען איז הויפּטזעכליך אָפּגעהאַנגען די אַנטוויקלונג פון דער מעכטינקייט פון בעהמען אין יענער עפּאָכע און דער גלאַנץ פון דער הערשאַפט פון אָטטאָן דעם צווייטען (1253—1278) און קאַרל דעם ערשטען (אַלס גערמאַנישער אימפּעראַטאָר קאַרל דער פערטער, 1346—1378). אויב קאַרל דער ערשטער האָט דערגרייכט דעם קייזערליכען טראָן האָט ער עס געהאַט צו פאַרדאַנקען, צוגלייך מיט דער פויפּסטליכער שטיצע, הויפּטזעכליך די זילבער־מינען פון קוטענבערג, וואָס האָבען אים פאַרשאַפט די מיטלען אָפּצוקויפען די וואַל־שטימען פון די קורפירשטען. אויף דעם זעלביגען, זעהר גע־וועהנליכען אין יענער צייט, שטייגער איז אויך דורכגעגאַנגען די דערוועהלונג פון זיין זון ווענצעל**).

---

*) ענעאַס סילוויוס פּיקאָלאָמיני, 1551 ז. 109.

**) לויט די ווערטער פון ענעאַס סילוויוס, האָט קאַרל בלומרשט געהאַט צוגעזאָגט יעדען קורפירשט צו הונדערט טויזענט גולדען, נאָר אָט די מיטטיילונג ווערט אָפּגעלייקענט. זיכער איז נאָר, אַז די קור־פירשטען פון קעלן און פון טריר האָבען באַקומען לכל הפּחות צו פערציג

א דאַנק דער שפּע אין קוטענבערג, האָבען זיך אין בעהמען אָנגעפאַנגען צו אַנטוויקלען דער האַנדעל און די אינדוסטריע, די ווימענשאַפט און קונסט, ספּעציעל אין פּראַג, וואָס האָט זיך דע־מאָלט גערעכענט פאַר דעם „גאָלדענעם פּראַג" און פלעגט שטאָל־צירען מיט די שעהנע געביידעס; דאָרטען טאַקע איז אַנטשטאַנען דער ערשטער אוניווערזיטעט אין די גרעניצען פון דייטשלאַנד (אינ'ם יאָר 1348). די קירך איז אויך אָרים ניט געווען. די מאָ־נאַסטירען און קלויסטערס אין בעהמען זיינען געווען אומגעהייער רייך, אין דער צייט פון קאַרל דעם פערטען, וועלכען מען פלעגט רופען, ווי מיר האָבען שוין אויבען געזעהן, דער „גלחשער קיסר".

די פּראַגער ערצבישאָפען „האָבען באַזעסען 17 גרויסע גיטער אין בעהמען; אויסער דעם, דאָס גוט קאָעטען און מאָראַוויע, לוגגע אין בייערן און אַ מענגע קלענערע גיטער. זייער הויף פלעגט קאָנ־קורירען מיט'ן קעניגליכען אין פּראַכט און לוקסוס, און די חילות פון זייערע וואַסאַלען פלעגען שטענדיג וואַרטען אויף זייער באַ־פעל". דער פּערזאָנאַל פון קאַנאָניקעס פון דעם הייליגען וויטט איז

טויזענט גולדען. אַ קבלה פונ'ם לעצטען איז פאַראַן מיט'ן דאַטום פונ'ם 12טען יוני 1376. וויזט אוים, די מענשען זיינען דעמאָלט געווען ניט איבעריג פּאַרזיכטיג. אָט די צייט צייגט זיך אונז אוים צו זיין אַזוי באַרבאַריש דערפאַר, ווייל זי שטעלט ארוים אָפען די פעלערען פון דער ציוויליזאַציע. די הערשענדע קלאַסען האָבען נאָך באַזעסען צו פיל זעלבסטווירדע, כדי זיך נעמען איינפירען אין דער מאָדע היפּאָקריטסטווע. אָפען פלעגט מען קויפען ניט נאָר די וואַל־שטימען, נאָר אפילו אַ קירכ־ליכען ראַנג. דעם געגנער אָדער דעם קאָנקורענט פלעגט מען צופּאַטשען אויף דעם עפענטליכען מאַרק, אָדער מען פלעגט אים רואינירען און ברענגען צו זעלבסטמאָרד דורך פרידליכע און געזעצליכע פינאַנציעלע ספּעקולאַציעס. די קירכליכע און ציווילע הערשער פלעגען גאַנץ אָפען לעבען מיט זייערע קעבס־ווייבער (עלים פאררע, אַ קעבס ווייב פון עד־וואַרד דעם דריטען פון ענגלאַנד, פלעגט אפילו אַן אַנטייל נעמען אין די זיצונגען פון דעם העכסטען געריכט); ווען עפּעס אַ היגער־שער פלעגט באַזוכען איינע פון זיינע „גוטע געטרייע שטעט" פלעגט מען אים ארויס־שיקען אַנטקעגען די פּראָסטיטוטקעס פון שטאָט, כדי אים פּויערליך אויפ־נעמען און צושטרויען. אָט אַזוי איז געווען דער מנהג ביי אונזערע „אויפריכטיגע עלטערען".

באשטאנען סך הכל פון דריי הונדערט גלחים, „און מער פון הונדערט דערפער זיינען איינגאנצען אדער טיילווייז געווען אונטערוואָרפען צו אים, אלס קוואל פון חיונה. דער אויבער־פריסטער פונ׳ם קלויס־טער פלעגט זיך באנוצען מיט דעם גוט וואלט אין מיט נאך צוועלף קלענערע גיטער", א. אז. וו. (פאלאצקי, געשיכטע פון בעהמען, III, 2, ז. 41). ענעאס סילוויוס, וואס איז שפעטער געווען דער פויפסט פיוס דער עלפטער, און וואס איז געווען א בקי אין די קירכען־רייכטימער, שרייבט אין זיין „געשיכטע פון בעהמען": „איך קלער, אז אין אונזער צייט איז אין גאנץ איירא͏פּא ניטא קיין לאנד, וואו מען זאל קאנען געפינען אזוי פיל שעהנע און רייך־פארפוצטע קלויסטער, ווי אין בעהמען. די קלויסטער דערגרייכען מיט זייערע קופאלען די וואלקענס... די הויכע אלטארען זיינען באלאדען מיט גאלד און מיט זילבער, וואס באצירען די רעליקוויען פון די הייליגע, די בגדים פון די גלחים זיינען באצירט מיט פערעל, די קלויסטער זיינען אויפגעפוצט רייך, די אויסשטאטונג איז זעהר קאסטבאר... אט די וואונדערבארע רייכקייט עקזיסטירט ניט נאר אין די שטעט און האנדעלס־פלעצער, נאר אויך אין די דערפער".

וואס רייכער עס איז געווארען די בעהמישע קירך, אלץ גרע־סערע הכנסות פלעגט זי אריינברייינגען דעם פויפסט.

צוזאמען מיט דער קירך און קעניג, מיט זיינע הויפלייט, פלע־גען די קוטענבערגער צעכען אויך האבען אומגעהייערע הכנסות; אין דעם 14טען יארהונדערט זיינען שוין ניט געווען קיין איינצעלנע מינען־ארבייטער־געווערבען, עס זיינען נאר געווען די פראגער און קוטענבערגער סוחרים און קאפיטאליסטען, וואס האבען געצוואונגען די מינען־ארבייטער אויף זיך צו הארעווען און וואס האבען זיך, א דאנק דער מינען־אונסטריע, דערשלאגען צו עושר און כבוד.

די אנטוויקלונג פון דער האנדעלס־פראדוקציע און אויסטויש האט געמוזט, פארשטעהט זיך, ארויסרופען אין בעהמען די זעלביגע ערשיינונגען, וואס אין אנדערע לענדער; צוזאמען מיט׳ן אנטא־גאניזם צווישען דער פויפסטליכער מאכט און די מאסען פון דער באפעלקערונג, זיינען אנטשטאנען ווידערשפרוכען צווישען די סוחרים און קאנסומער, צווישען די באלעבאטים און פועלים, צווי־

שען די קאפּיטאַליסטען און געוואָרבען. דער גענענזאַץ צווישען די פּריצים און פּויערים איז אַלץ שאַרפער געוואָרען. אמת, אין בעה־מען האָט מען אויך געקאַנט אויפכאַפּען די אַלגעמיינע טענדענץ פון יענער עפּאָכע צו באַפרייען די פּויערים פון לייב־אייגענטום און צו פאַרבייטען די פערזענליכע ארבייט מיט אָפּצאָלונגען, — נאָר די אורזאַכען און דעם כאַראַקטער פון אָט דער דערשיינונג האָבען מיר שוין באַשריבען פיל מאָל. ביים סוף פון דעם 14טען און אָנפאַנג פונ׳ם 15טען יאָרהונדערט האָט דאָס לייב־אייגענטום אין בעהמען פּאַקטיש אויפגעהערט צו עקזיסטירען. אָבער פּונקט ווי אין ענג־לאַנד איז אין בעהמען אויך ניט געווען קיין מאַנגעל אין קיין פאַר־זוכען מצד די פּריצים דאָס ווידער איינצופירען, און זייערע שטרע־בונגען אין אָט דער ריכטונג זיינען דאָס געווען די ערנסטע אור־זאַכען פון סאָציאַלער אומצופרידענהייט *).

די גרעסטע אומצופרידענהייט, פונדעסטוועגען, האָט זיך אַנט־וויקעלט צווישען דעם קליין־אַדעל, וואָס איז ניט ווייט אַוועק פון די פאַרמעגליכערע פּויערים, באַזעסען נאָר אומבאַדייטענדע גיטער מיט אַ קליינער הכנסה און ניט געווען אַזוי מעכטיג ווי די גרויסע באַראָנען, וועלכע האָבען געהאַט די מעגליכקייט ארויסצוקוועטשען אַלע זאַפטען פון די פּויערים; מיט דער אַנטשטעהונג פון דער האַנדעלס־פּראָדוקציע און אויסטויש האָבען אָט די פּריצים שנעל אָנגעוואוירען זייער אַמאָליגע גלייכגילטיגקייט צו די באַקוועמליכ־קייטען פונ׳ם לעבען און ווי די רייכע סוחרים און באַראָנען האָבען זיי באַקומען אַ פאַרשטעלונג וועגען „לעבען לויט׳ן שטאַנד”. אָט דער קלאַס האָט אָנגעפאַנגען שנעל צו זינקען ביים ענד פונ׳ם 14טען יאָרהונדערט. די קעניגליכע מאַכט איז שוין געווען צו שטאַרק, אַז עס זאָל זיך קאָנען אַנטוויקלען דער שטאַנד פון ריטער־גזלנים, הגם עס איז ניט געווען קיין מאַנגעל אין פאַרזוכען, וואָס זיינען מאַנכעס מאָל גאַנץ ווייט אַוועק. אַזוי ווי די אָנגעהעריגקייט פון בעהמען צו דער דייטשער אימפּעריע האָט געשטערט אַן איינטרעג־ליכען נאַציאָנאַלען קריג, האָט דאָס בעהמישע ריטערטום, כדי צו

*) פאַלאַצקי א. צ. 2, ז. 34 און ווייטער; 2, 2, ז. 30, 3, 2, ז. 38.

רעקען זיין דעפיציט, געמוזט זיך נעמען צו מיליטער דינסט, פאר־דינגען זיך אלס סאלדאטען.

דאס בעהמישע פויערטום, פונקט ווי דאס פויערטום פון דעם גרעסטען טייל לענדער פון יענער צייט, האט אויך צוגעשטעלט א סך געדונגענע סאלדאטען.

די אנטוויקלונג פון די זילבער־מינען האט ניט נאר ניט גע־דינט אלס מעכטיגער מיטעל צו דער אנטוויקלונג פון דער סחורה־פראדוקציע און אויסטויש, האט ניט נאר ארויסגערופען צום לעבען די אויבען דערמאנטע געגענזאצען, נאר האט אויך ארויסגערופען א ר ע װ א ל ו צ י ע א י ן פ ר י י ז ע ן, וועלכע האט נאך מער פארשארפט אט די געגענזאצען.

דער פרייז פון א פראדוקט איז די סומע פון דעם איידעלען מעטאל — גאלד אדער זילבער, אויף וועלכער ער קאן אויסגעביטען ווערען. אט די סומע ווערט אלץ גרעסער, וו״זם קלענער עס איז דער ווערט פונ׳ם איידעלען מעטאל, וואס ווייניגער עס קאסט די ארבייט אים צו באקומען. דערפאר האט די אנטדעקונג און די באארבייטונג פון די רייכע זילבער־מינען אין בעהמען געמוזט מאכען אין דעם לאנד א רעוואלוציע פון פרייזען, פונקט ווי דאס איז פארגעקומען ביים סוף פונ׳ם 15טען יארהונדערט אין גאנץ דייטשלאנד, א דאנק דער אנטוויקלונג פון די מינען אין זאקסען און אין טיראל, אדער אין מיטען פונ׳ם 16טען יארהונדערט אין גאנץ אייראפע, א דאנק דער אנטדעקונג און דער באארבייטונג פון די גאלד־ און זילבער־אדערן אין אמעריקע. אונז האט זיך ניט איינגעגעבען אפצוזוכען קיין באווייזען פאר דעם אין דער געשיכטע פון בעהמען, נאר דאך קאן מען ניט צווייפלען, אז אינ׳ם 14טען יארהונדערט האט בעהמען דורכגעלעבט א רעוואלוציע פון פרייזען, אויב עס איז נאר ריכטיג די סברה, אז אונטער גלייכע באדינגונגען ברייננען גלייכע סבות די זעלביגע רעזולטאטען.

די פארשיידענע קלאסען פון דער באפעלקערונג זיינען פון דער ערשיינונג געטראפען געווארען אויף פארשיידענע אופנים: איי־ניגע האט זי געבראכט שאדען, אנדערע — נוצען, אייניגע האט זי קוים־קוים באריערט, אנדערע — טיף אויפגעטרייסעלט. אבער אין אלע געזעלשאפטליכע באציהונגען, וואו געלט איז געווען דער פאר־

מיטלער, זיינען די סאָציאַלע געגענזאַצען נאָר פאַרשאַרפט געוואָרען, אַ דאַנק דער העכערונג אין פּרייזען. מער פון אַלע האָבען דערפון געליטען יענע קלאַסען, וואָס האָבען געלעבט נאָר פון געלטליכע הכנסות און האָבען ניט געהאַט קיין מעגליכקייט זיי צו פאַרגרעסערען אויף אַ פּאַסיגען אופן; אין די שטעט זיינען דאָס געווען די נידעריגסטע שיכטען פון דער באַפעלקערונג, וואָס לעבען פון לוין־אַרבייט, אין די דערפער — די קליינע פּריצים.

פונדעסטוועגען, האָט איבער אָט די אַלע סאָציאַלע געגענזאַצען געהערשט איין וויכטיגער געגענזאַץ — דער נאַציאָנאַלער און, פּונקט ווי אין ענגלאַנד, גיסט ער זיך אין בעהמען אויך צוזאַמען מיט דעם קירכליכען.

אין דעם 13טען יאָרהונדערט איז בעהמען געווען אַ זעהר צוריקגעשטאַנען לאַנד אין עקאָנאָמישען הינזיכט; אירע דייטשישע מערב־שכנים האָבען איר ווייט אַריבערגעיאָגט אין געזעלשאַפטליכער אַנטוויקלונג. די גלענצענדע אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדעל, פון וויסענשאַפט און קונסט אין בעהמען זיינען, מיט דער אַנטוויקלונג פון די קוטענבערגער מינען, מעגליך געוואָרען ערשט אַ דאַנק דעם, וואָס די בעהמישע קעניגען האָבען צו זיך צוגעצויגען דייטשישע קאָלאָניסטען. טאַקע אָט די צוויי קעניגען, וואָס זיינען אַזוי באַליבט ביי די בעהמישע פּאַטריאָטען, אָטטאָן דער צווייטער און קאַרל דער ערשטער (דער פערטער), האָבען מער פון אַלעמען געטאָן אין דעם הינזיכט; זיי האָבען סטימולירט צו קאָלאָניזאַציע די גערמאַנישע פּויערים, האַנטווערקער, סוחרים, גערמאַנישע קינסטלער און געלערטע.

קוטענבערג איז געווען אַ ריין־דייטשע שטאָט, פּונקט ווי אַנדערע בערג־שטעט, למשל, דייטשבראָד און איגלאַו *). אַ חוץ דעם

---

*) פון דער צייט, וואָס די דייטשען האָבען איבער אַ נייס אָנגעפאַנגען צו באַאַרבייטען די אַלטע מינען אין איגלאַו, און עס זיינען אַנטדעקט געוואָרען די מינען פון קוטטענבערג, „האָבען די דייטשען זיך באַפעסטיגט אין בעהמען, — דערצעהלט אַן אַלטער כראָניקער, — אַ דאַנק זיי, האָט דער קעניג (אָטטאָן דער צווייטער) ערוואָרבען אומגעהייערע אוצרות פון די גאָלד־ און זילבער־מינען, צוגויפגעזאַמעלט גאַנצע בערג גאָלד און זילבער" (פּאַלאַצקי א. צ. II, 1, ז. 158).

זיינען געווען א סך אַנדערע שטעט, וואָס זיינען איבערגעבויט געוואָרען דורך די דייטשען אָדער וואָס זיינען דורך זיי אַזוי פאַרדייטשט געוואָרען, אַז די גאַנצע פאַרוואַלטונג איז איבערגעגאַנגען צו זיי אין די הענט, נאָך מער, ווייל זיי האָבען מיט זיך פאָרגעשטעלט די פאַרמעגליכע שיכטען פון סוחרים און פּריווילעגירטע האַנטווערקער. די קליינע האַנטווערקער, די מאַסע לוין־אַרבייטער און דער איבעריגער איינפאַכער עולם, זיינען געווען די איינגעבאָרענע טשעכען *).

דער פּראַגער אוניווערזיטעט איז אויך געווען אין די הענט פון די דייטשען. געבויט געוואָרען לויט דעם מוסטער פון דעם פּאַריזער, איז ער צוטיילט געווען אויף פיר נאַציאָנאַליטעטען. דער אוניווערזיטעט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט א זעלבסטפאַרוואַלטענדע געמיינדע און יעדע נאַציאָנאַליטעט האָט אין דער פאַרוואַלטונג געהאַט איין שטימע. נאָר בעת די פראַנצויזען האָבען אינ׳ם פּראַגער אוניווערזיטעט פּאַקטיש געהאַט דריי שטימען, ווייל זיינע פיר נאַציאָנאַליטעטען זיינען געווען: פּ ר אַ נ צ ו י ז ע ן, פּ י ק אַ ר ד י ע ר, נ אָ ר מ אַ נ ד ע ר און ע נ ג ל ע נ ד ע ר — האָבען די טשעכען אין פּראַג געהאַט נאָר איין שטימע; דער אוניווערזיטעט האָט זיך צוטיילט אויף דער בעהמישער, בייערישער, זאַקסישער און פּוילישער נאַציאָנאַליטעטען; די לעצטע איז מיינסטענס אויך באַשטאַנען פון דייטשען (די סילעזער). דאָס איז געווען זעהר וויכטיג, ווייל דער אוניווערזיטעט איז געווען אין יענער צייט א וויסענשאַפטליכע און פּאָליטישע קראַפט פון׳ם ערשטען ראַנג, ער האָט געהאַט פּונקט אַזאַ באַדייטונג, ווי די מאָדערנע פּרעסע און די העכסטע שולען צוזאַמענגענומען.**)

*) פּאַלאַצקי רופט אָן די נעמען פון די בכבודיגסטע פאַמיליעס פון פּראַג; דאָס זיינען אַלץ געווען, ווי די נעמען זאָגען עדות, פולבלוטיגע דייטשען: שטוק, וואָלפלין, טאַוזענדמאַרק, פירקנער, טאַפּעלרונג, קאָרנבאַל, ערטעל, אַלערליי האַגען און שטיינען א. אַז. וו. (א. צ. II, 2 ז. 24).

**) קאָנסטאַנטין העפלער, דער היסטאָריקער פון די אַוויניאָנישע פּויפּסטען, דענקט, אַז דער פּאַריזער אוניווערזיטעט האָט געקענט, פון צייט צו צייט, ווערען שטאַרקער פון׳ם קעניג פון פראַנקרייך. לויט זיין

די אויסערליכע אָרגאַניזאַציע זיינע איז אויך געווען זעהר שטאַרק. די אוניווערזיטעטס־געביידען און וואוינונגען פון די פּראָ־פעסאָרען און סטודענטען האָבען געבילדעט אין פּראַג, ווי אין פּאַריז, א באַזונדערען טייל פון שטאָט און האָבען, וואַרשיינליך, געהאַט אפילו זייערע באַזונדערע פעסטונגען*); די צאָל פון די סטודענטען האָט נאָך אין אָנפאַנג פונ׳ם 15טען יאָרהונדערט דער־גרייכט אין די הי ב ש ע טויזענטער.

לויט די מאָדערנע, וואַרשיינליך, איבערטריבענע ידיעות, איז אינ׳ם יאָר 1408 אין פּראַג געווען צוויי הונדערט דאָקטוירים און מאַגיסטערס, פינף הונדערט באַקאַלאַווורען און זעקס און דרייסיג טויזענט סטודענטען. בעת די דייטשע סטודענטען האָבען אינ׳ם יאָר 1409 אָנגעפאַנגען צו פאַרלאָזען פּראַג, זיינען אין איין טאָג אַוועקגעגאַנגען, ווי ענעאַס סילוויוס דערצעהלט אין זיין „געשיכטע פון בעהמען" צוויי טויזענט מאַן; דריי טויזענט זיינען אַוועק אין עטליכע טעג אַרום און געגרינדעט אַן אוניווערזיטעט אין לייפּציג. אַלענפאַלס, קאָן מען אָננעמען אַלס קרוב לאמת, אַז די אַלגעמיינע צאָל פון סטודענטען אינ׳ם אוניווערזיטעט אין יענער צייט איז געווען ניט ווינציגער פון צען טויזענד.**)

דער אוניווערזיטעט האָט געהאַט אַ סך פאַרשיידענע איינריכ־טונגען, גיטער און הייזער, וואָס מען האָט אים געשיינקט פאַר די פּראָפעסאָרען און אָרימסטע סטודענטען, — קיין שטאַטס־סטי־

---

מיגונג, האָט ער ערפאָלגרייך געלעזט אַלע זיינע צופעליגע קאָנפליקטען מיט׳ן פּויפּסט און מיט׳ן קעניג טאַקע אַ דאַנק אָט דער קראַפט זיינער, און ניט אַ דאַנק דעם מיטעלאַלטערליכען פּרינציפּ „פון פרייען וויסען", ווי עס דענקט לאַסאַל („די וויסענשאַפט און די אַרבייטער", רעדעס און בריף פון לאַסאַל׳ן, בערנשטיין׳ס אויסגאַבע II ז. 65). איינע פון די וויכטיגסטע אויפגאַבען פון די מיטעלאַלטערליכע אוניווערזיטעטען איז געווען די אויספאָרשונג פון אפּיקורסות.

*) מאָורער, „שטאַדטפאַרפאַסונג", 2, ז. 27.

**) איניגע מחברים גיבען אָן כמעט אומגלויבליכע צאָלען. אזוי זאָגט, למשל, פאַלקענשטיין אין זיין „היסטאָריע פאָן ערפורטה" ז. 290 (איך ציטיר לויט אולמאַנס „רעפאָרמאַטאָרען עטצ." I, ז. 246): עס זיינען אַוועק (פון פּראַג 40,000 סטודענטען, און 20,000 פון זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט קיין לייפּציג.

פענדיעס האָבען דעמאָלט ניט עקזיסטירט — און אַלע רייכטימער, די גאַנצע קראַפט פון דעם אוניווערזיטעט, זיינען געווען אין די הענט פון די דייטשען. די מאַגיסטערס פון טשעכישער אָפּשטאַמונג באַקלאָגען זיך ביטער, וואָס זיי קומט אויס צו הונגערען, פאַרנעמענדיג שטעלעס פון דאָרפישע שול־לערער, בעת זייערע דייטשע קאָלעגען קריגען אַלע פיינע הכנסות פון דעם אוניווערזיטעט; ווען די אינטערעסען פון די טשעכען האָבען זיך אָנגעשטויסען אָן די אינטערעסען פון די דייטשען, פלעגט דער אוניווערזיטעט זיך שטענדיג שטעלען אויף דער זייט פון די לעצטע.

א חוץ דעם, איז די קירך אויך געווען א קוואַל פון הכנסה פאַר די דייטשען. די אָרימסטע קלויסטערס, פאַרשטעהט זיך, פלעגט מען לאָזען פאַר די טשעכען, נאָר די מאָנאַסטירען זיינען הויפּטזעכליך געווען אין די הענט פון די דייטשען, אקוראַט ווי די העכסטע שטעלעס צווישען דעם ווייסען קלערוס. די אויבער־פּריסטער פונ׳ם פּראַגער קלויסטער, וועגען וועלכע מיר האָבען גערעט אויבען, זיינען געווען אַם מיינסטענס דייטשען. דער פּראַגער ערצבישאָף, קאָנאַרד פאָן בעכטא, אין וועמעס צייטען עס האָט אויסגעבראָכען דער הוסיטישער אויפשטאַנד, איז געווען א „פאַנאַטישער דייטש פון א פאַרוואָרפענעם ווינקעלע אינ׳ם מינסטער באַצירק” (שלאַסער).

פאָלגליך, האָט די גאַנצע מאַסע פון דער באַפעלקערונג פונ׳ם לאַנד, — די נידריגסטע קלאַסען פון די שטאָט־איינוואוינער, דער נידעריגער קלערוס, די גאַנצע דאָרפישע באַפעלקערונג, די פּויערים, ריטער און פּריצים — זיך אָנגעשטויסען אָן די דייטשען, ווי אָן עקספּלואַטאַטאָרס אָדער קאָנקורענטען אין דער עקספּלואַטאַציע. דער קאַמף קעגען דער קירכליכער עקספּלואַטאַציע פון איין זייט און די שטרעבונג צו די קירכליכע רייכטימער פון דער צווייטער זייט האָבען זיך פאַראייניגט אין דעם קאַמף קעגען דער דייטשער עקספּלואַטאַציע מיט דער שטרעבונג צו די רייכטימער פון די דייטשען.

דערפאַר האָט דער נאַציאָנאַלער געפיל ערוואַכט אויך אין בעהמען. נאָר אַט דער געפיל נעמט אָן, ביי זיין אנטשטעהונג, אין יעדען לאַנד איינגענאַרטיגע פאָרמען, וואָס זיינען אָפּהענגיג פון

די באַדינגונגען, וועלכע האָבען אים אַרויסגערופען; אין איטאַליע און אין דייטשלאַנד האָט ער זיך אַרויסגעצייגט פריער פון אַלץ אין דער פאָרם פון אַ שטרעבונג צו שטאַטליכער פאַראייניגונג פון דער נאַציע; אינ׳ם ערשטען לאַנד האָט ער געבראַכט די פּאַטריאָטען צום קולט פונ׳ם פּויפּסטענטום, אין דעם צווייטען — צו אַ מיסטישער שטרעבונג צו אַ שטאַרקער אימפּעריע; אין פראַנקרייך און אין ענגלאַנד האָט דער נאַציאָנאַלער געפיל זיך אויסגעדרוקט הויפּטזעכליך אין האַס צו אַ פיינטליכער נאַציע; אין בעהמען אָבער האָט ער זיך אויסגעדרוקט, אין אַ ספּעציעלען מין קלאַסען־האַס.

דעם שטאַרקסטען אויסדרוק האָט ער, וואַרשיינליך, געקראָגען אינ׳ם בוך, וואָס איז הגם ערשינען ערשט נאָך דער הוסיטישער מלחמה (אינ׳ם יאָר 1437), אָבער וואָס האָט דאָך ריכטיג איבערגעגעבען דעם גייסט פון דער גאַנצער הוסיטישער באַוועגונג. אָט דאָס בוך איז „קראַטקע סעבראַני קראָניק טשעסקיך ק וויסטסאַזע ווערניך טשעכיוו" (אַ קורצע זאַמלונג פון טשעכישע קראָניקעס, צוליב אַ וואַרנונג פאַר די געטרייע טשעכען). „די טשעכען — ווערט דאָרט געזאָגט — דאַרפען זיך זעהר היטען און זיך פלייסען מיט אַלע כחות ניט אַרונטערצופאַלען אונטער דער הערשאַפט פון די דייטשען; ווייל לויט די פאַקטען פון די בעהמישע כראָניקעס איז אָט די נאַציע דער שרעקליכסטער שונא פון די טשעכען און סלאַווען". דאָס ווערט ווייטער באַוויזען מיט ציטאַטען פון טשעכישע כראָניקעס. דער קעניג קאַרל דער פערטער „האָט דערהויבען בעהמען, פאַרברייטערט די שטאָט פראַג, פאַרשפּרייט די וויסענשאַפט א. אז. וו. נאָר ער האָט אויך אומעטום געשטיצט דייטשען. ווער זיינען געווען די בורגמייסטערס און ראַטמענער אין אַלע קעניגליכע שטעט פון בעהמען? — דייטשען. ווער די ריכטער? — דייטשען. וואו פלעגט מען האַלטען דרשות פאַר די דייטשען? — אין די קלויסטער. וואו פאַר די טשעכען? — אויף די קלויסטער־בית־עולמס און אין די הייזער. אין דעם ליגט אַ דירעקטער באַוויז, אז ער האָט געוואָלט, צוזאַמען מיט די דייטשען, פון וועלכע ער אליין האָט געשטאַמט, באַהערשען און ווי ווייט מעגליך אויסוואָ־צלען אַלץ וואָס איז טשעכיש; אונטער זיין דראַנג האָט מען אין די

ראַטושען אָנגעפּאַנגען אויסצוהערען קלאַגען אין דער דייטשער שפּראַך און ניט אין דער טשעכישער" א. אז. וו.

ווי אַזוי אָט דער נאַציאָנאַלער געגענזאַץ האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט דעם קירכליכען, איז קלאָר פון דעם אַלץ, וואָס עס איז געזאָגט געוואָרען. די דייטשען האָבען געהאַט דעם פאָרצוג ביים פאַרנעמען די מער איינטראָגענדע פלעצער צווישען דעם ווייסען קלערוס, אין די מאָנאַסטירען, אין אוניווערזיטעט, וואָס איז אין יענער צייט הויפּטזעכליך געווען אַ טעאָלאָגישע איינריכטונג. אויב די טשעכען האָבען געהאַט אַלע גרונדען צו באַגרעניצען די קירכליכע עקספּלואַטאַציע און זיך דערשלאָגען צום קירכליכען רייכטום, האָבען די דייטשען, פון זייער זייט, געהאַט פונקט אַזוי פיל גרונדען זיך קעגענשטעלען אַזעלכע באַשטרעבונגען. די שטרעבונג צו אַ קירכליכער רעפאָרמאַציע אינ׳ם 15טען יאָרהונדערט האָט אומעטום פאַר זיך געפונען ביי די טשעכען אַ גוטען באָדען און האָט זיך אָנגעשלאָגען אָן אַ זעהר אַנטשיידענער געגענווירקונג פון די בעהמישע דייטשען.

אָט אַזאַ איז געווען די סביבה, אין וועלכער עס האָט זיך אַנטוויקעלט די הויפּטען- און דייטשען-פיינטליכע באַוועגונג, וואָס ווערט גערופען די הוסיטישע, אויף׳ן נאָמען פון איר וויכטיגסטען ליטעראַרישען פאָרשטעהער, איוואַן הוס.

### 3. דער אָנפאַנג פון דער הוסיטישער באַוועגונג.

אירע וויכטיגסטע גרונטלאַגען און פאָדערונגען האָט די הוסיטישע באַוועגונג אַנטנומען ביי איר אַנטשטעהונג פון די וויקלעפיטען; ווי נאָר די לערע פון דעם ענגלישען רעפאָרמער האָט דערגרייכט בעהמען, איז זי דאָרטען שנעל אויפגענומען און פאַרשפּרייט געוואָרען. הוס אַליין פלעגט זיך סומך זיין אויף וויקלעפ׳ן. פונדעסטוועגען זיינען זיך שטאַרק טועה די מענשען, וואָס פאַרזיכערען, אַז די הוסיטישע באַוועגונג איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך וויקלעפ׳ס לערע. אמת, אָט די לערע האָט צוגעשטעלט דער הוסיטישער באַוועגונג די שטאַרקסטע אַרגומענטען, האָט געווירקט אויף דער פאָרמולירונג פון די פאָדערונגען, וואָס אָט די באַוועגונג האָט אַרויס-

געשטעלט, נאר איר דעם יסוד, כח און ציל האבען זיך טיף געווארצעלט אין די ארומיגע באדינגונגען; דאס איז ניט געוועזן קיין איבערגעבראכטע, נאר א גאנץ זעלבסטשטענדיגע באוועגונג. שוין אין דער צייט פון קארל דעם פערטען איז זי געקומען צום אויסדרוק דורך מיליטש'ן פון קאזימיר און יאקאב'ן פון יאנאוו נאך א סך פריער, ווי וויקלעפ'ס ווערק זיינען פארטראגען געווארען קיין בעהמען, וואס איז ערשט געשעהן אין די לעצטע יארען פון דעם לוטערווארטער גלח (ארום דעם יאר 1380).

דער זון פון קארל דעם פערטען, ווענצעל דער פערטער, דער בעהמישער קעניג, וואס האט געטראגען אט דעם נאמען (ער האט געקעניגט פון דעם יאר 1378 ביז דעם יאר 1419), האט זיך געפלייסט, אויף וויפיל דאס איז נאר מעגליך געוועזן, צו פארגלעטען די ווידערשפרוכען, וואס זיינען אנטשטאנען. אזוי ווי די דייטשע קייזערליכע קרוין האט אים ניט נאר ניט צוגעצויגען, נאר איז אים אפילו געוועזן אומאנגענעם, ווייל זי האט קיין מאכט ניט געגעבען, האט ער שוין אויך געקאנט זיין ניט קיין „גלחשער קיסר", ווי עס איז געוועזן זיין פאטער. ער האט זיך געפלייסט צו אונטערווארפען די קירך אונטער זיין מאכט און איז זיך צוזאמענגעקומען אין אט דער שטרעבונג מיט טשעכישע פאטריאטען און קירכליכע רעפארמער. נאר פון דער צווייטער זייט האט ער געוואוסט, אז די דייטשען זיינען דער יסוד פון דעם בליהענדען עקאנאמישען צושטאנד פון בעהמען און, אין א באדייטענדער מאס, פון זיין אייגענער מעכטיגקייט. ער פלעגט באפרידיגען די פארלאנגען פון די טשעכען, אבער אין דער זעלביגער צייט האט ער ניט געוואלט, אז דאס זאל ברייגנען שאדען צו די דייטשען. צו אט דער מאדנער און אומאנזשויישער לויט דארף מען צושרייבען די אומבאשטענדיגקייט פון ווענצעל'ס פאליטיק, זיין שטיצע היינט צו די טשעכען און צו די רעפארמער, למשל, אין דער פראגע פון'ם אוניווערזיטעט, און זיין חשק מארגען זיי אפצוהאלטען, וואס האט זיך, אגב, ניט שטענדיג איינגעגעבען.

די באדייטונג פון די דייטשען אין זיין צייט איז שוואכער געווארען, נאר זיין וואקלענדער, ווידערשפרעכענדער, אפט מאדנער

פּאָליטיק האָט זיך פונדעסטוועגן איינגעגעבן אָפּצוציען די אומ־פאַרמיידליכע קאַטאַסטראָפע כמעט ביז צום סוף פון זיין לעבען.

צו אַ קאַטאַסטראָפע איז דאָס ערשט געקומען דעמאָלט, ווען אין דער לאַגע פון בעהמען האָבען זיך אַריינגעמישט אויסערליכע קרעפטען און אַנשטאָט דער פּאָליטיק פון וואַקלעניש און קאָמפּראָמיסען האָבען זיי אָנגעוווענדעט אַ שטרענגע פּאָליטיק, ווען אין זייער פאַרזוך צו פאַרלעשען דאָס פייער מיט אַן אַנטשיידענעם שריט האָבען זיי געבראַכט דערצו, אַז די גאַנצע געביידע זאָל אַרומ־געכאַפּט ווערען מיט אַ העלען פלאַם.

צום גרעסטען ליטעראַרישען פאַרשטעהער פון דער אַנטי־פויפּסטליכער און אַנטי־דייטשישער באַוועגונג, איוואַן הוס, פון׳ם יאָר 1398 אַ פּראָפעסאָר פון׳ם פּראַגער אוניווערזיטעט, נאָכדעם פון׳ם יאָר 1402 אַ גלח פון׳ם וויפלעמער קלויסטער, איז ווענצעל געווען גאַנץ פריינטליך און אים אָנגעשטעלט אַלס גייסטיגען לערער פון דער קיניגין סאָפיע. פריער פון אַלץ איז קעגען הוס׳ן און וויקלעפ׳ן, וועמעס לערע הוס האָט פאַרשפּרייט, אַרויסגעטראָטען דער אוניווערזיטעט, וואָס איז געווען אין די הענט פון די דייטשען. ער האָט אַנערקענט פינף־און־פערציג וויקלעף־טעזיסען אַלס אַפּיקורסיש. די אוניווערזיטעטס־שטרייטיגקייט איז פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ נאַציאָנאַלער, אין וועלכער די טשעכען און די אַנ־דענגער פון רעפאָרמען האָבען געהאַט די אויבערהאַנט. סוף־כל־סוף האָט זיך ווענצעל אַריינגעמישט און האָט, אינ׳ם יאָר 1409, געגעבען דער טשעכישער נאַציע אינ׳ם אוניווערזיטעט דריי שטימען, און די איבריגע, אַלע צוזאַמען, נאָר איין שטימע: נאָך דעם איז די מערהייט פון די דייטשע פּראָפעסאָרען און סטודענטען אַוועק, דער אוניווערזיטעט איז אַריבער אויף דער זייט פון הוס׳ן און אים דער־וועהלט אַלס רעקטאָר.

נאָר איצט איז שוין הוס׳ן אויסגעקומען האָבען צו טאָן מיט׳ן פּראַגער ערצבישאָף און, סוף־כל־סוף, מיט׳ן פּויפּסט גופא. דער קאַמף איז געוואָרען אַלץ עקשנותדיגער, דער אָפּגרונט צווישען אים און דער קירך אַלץ טיפער. דער קאָנפליקט איז ספּעציעל פאַר־שאַרפט געוואָרען, ווען דער פּויפּסט יאָהאַן דער דריי־און־צוואַנ־ציגסטער האָט זיך געגויטיגט אין געלט און האָט ווידער איינגעפירט

אינ׳ם יאָר 1411 דעם האַנדעל מיט אינדולגענציעס, ד. ה. מיט מחילות. אינ׳ם יאָר 1412 האָט מען אָנגעפאַנגען צו פאַרקויפען מחילות אין פּראַג. הוס איז מיט דער גרעסטער היציגקייט ארויס־געטראָטען קעגען אָט דעם האַנדעל און אויך קעגען דעם פּויפּסט, דעם עקספּלואַטאַטאָר, וועמען ער האָט ערקלערט אַלס אַנטי־קריסט. אין פּראַג איז דאָס געקומען ביז צו אַן אָפענעם צוזאַמענשטויס צווישען די הוסיטען־טשעכען, וואָס האָבען פאַרברענט די פּויפּסט־ליכע בולעס און זיך געוואָרפען אויפ׳ן קלערוס, און די קאַטויליקען־דייטשען.

שוין דעמאָלט איז דאָס קלאָר געוואָרען, אַז די פיינטליכע צדדים וועלען זיך מוזען מעסטען אין קרעפטען אין אַן אָפענער שלאַכט. דערווייל האָט זיך ווענצעל׳ן ווידער אַמאָל איינגעגעבען איינצוהיטען דעם שלום מיט דער הילף פון זיין פאַרברעכערישער נייטראַליטעט. ער האָט ארויסגעשיקט הוס׳ן פון פּראַג (דעצעמ־בער 1412), נאָר טאַקע באַלד נאָך דעם האָט ער מיט דעם זעלביגען גורל מזכה געווען אויך פיר טעאָלאָגען, וואָס זיינען געווען געשטימט פאַר׳ן פּויפּסט. און טאַקע דעמאָלט האָט ער געמאַכט אַ סוף צו דער הערשאַפט פון די דייטשען אין פּראַג: ער האָט ארויסגעגעבען אַ פאַראָרדנונג (דעם 21טען אָקטאָבער 1413), אַז אין דער צו־קונפט מוז האַלב פון די ראַטמענער ערוועלט ווערען פון די טשעכען.

אינ׳ם יאָר 1414 האָט זיך אין קאָנסטאַנץ צוזאַמענגעקליבען אַ גרויסע קירכליכע אסיפה, וועגען וועלכער מיר האָבען שוין גערעט. איר ציל איז געווען איבער־אַ־ניים צו אָרגאַניזירען און פאַראייניגען די פּויפּסטליכע קירך. דאָס האָט כולל געווען ניט נאָר די ארונ־טערזעצונג פון די דריי עקזיסטירענדע פּויפּסטען און די דערוועהלונג פון אַ נייעם, נאָר אויך די אונטערדריקונג פון דער בעהמישער אַפּיקורסות. זיגיזמונד, ווענצעל׳ס ברודער, פונ׳ם יאָר 1410 דער דייטשער אימפּעראַטאָר (ווענצעל איז נאָך אינ׳ם יאָר 1400 ארונ־טערגעזעצט געוואָרען דורך די דייטשע קורפירשטען) און דער וואַר־שיינליכער יורש זיינער אין בעהמען, איז ספּעציעל געווען פאַראינ־טערעסירט אין דער אונטערדריקונג פון דער הוסיטישער באַוועגונג, ווייל זי איז געווען אַ סכנה, אַז בעהמען זאָל ניט נאָר זיך אָפּרייסען פון דער קירך, נאָר אויך פון דער אימפּעריע.

מען האט איינגעלאדען הוס'ן צו דער אסיפה. ער האט זיך אוועקגעלאזט אין וועג אריין, קיין קאנסטאנץ, זיכער אין ערפאלג (אקטאבער 1414). ער האט געגלויבט ניט אין דעם שמירה־צעטעל, וואס זיגיזמונד האט אים געגעבען, נאר הויפטזעכליך אין דער גערעכטיגקייט פון זיין אידעע. ווי א סך אידעאלאגען, פאר און נאך אים, האט ער געזעהן אן אונטערשייד נאר אין מיינונגען און מיספארשטענדנישען דארטען, וואו עס האבען באמת עקזיסטירט טיפע אומקאמפראמיסליכע געגענזאצען. ער האט געטראכט, אז מען דארף נאר באלייכטען די מיספארשטענדנישען און אפלייקענען די פאלשע מייגונגען און גלייך וועט קלאר ווערען די מאכט פון זיין זיגרייכער אידעע. נאר עס האט זיך אים ניט איינגעגעבען צו איבערצייגען די פרומע פאטערס ניט אין דער נויטווענדיגקייט פון אפאסטעל־ארימקייט פאר די נאכפאלגער פון קריסטוס'ן, ניט אין דעם, אז די מאכט, סיי די גייסטליכע, סיי די ציווילע, מעג דאס זיין דער פויפסט אדער דער קעניג, הערט אויף צו זיין געזעצליך, ווי נאר זי באגעהט א טויטליכע זינד.

דער לעצטער דעמאקראטישער פרינציפ האט זעהר דערצארנט זיגיזמונד'ן.

אט דער אומשטאנד, וואס פאר הוס'ן האט זיך אויפגעהויבען גאנץ בעהמען און פריער פון אלץ דער גאנצער אדעל, האט נאר באוויזען די געפערליכקייט פונ'ם מענשען, פאר וועלכען זיי האבען זיך אנגענומען, און האט געדינט אלס איבעריגער תירוץ פאר דער אסיפה צו מאכען אים אומשעדליך. נאך די ערפאלגלאזע פארזוכען צו צווינגען הוס'ן זיך אפצוזאגען פון זיינע מיינונגען דורך א לאנגען טערמין אין תפיסה און אנדערע באדראהונגען, האט מען אים מיט זיין לערע, דעם 6טען יולי 1414, פארמשפט און איבערגעגעבען אין די הענט פון די ציווילע ריכטער. זיגיזמונד איז געווען אויף אזוי פיל כאראקטערלאז, אז ער האט געבראכען זיין ווארט, און הוס, ניט קוקענדיג אויף זיין שמירה־צעטעל, איז פארברענט געווארען אויפ'ן שייטער־הויפען.

אט דער אומשטאנד האט פאר די טשעכען אוועקגעשטעלט די אלטערנאטיווע: אן אויפשטאנד אדער אונטערטעניגקייט. זיי האבען אויסגעקליבען דאס ערשטע.

נאָך בעת'ן משפט איבער הוס'ן זיינען איינינע פון זיינע מער אַנטשלאָסענע נאָכפאָלגער דערגאַנגען דערצו, אַז זיי האָבן זיך עפענטליך אָפּגעזאָגט פון דער קירך. זיי האָבן אויפ'ס ניי אַרויסגעשטעלט די פאָדערונג, וואָס מאַטוויים פון יאַנאָוו האָט נאָך אויסגעאַרבייט, אַז קאָמוניאָן זאָל געגעבן ווערן דעם פאָלק אויף ביידע אופנים. אין דער קאַטוילישער קירך איז געווען אַ מנהג, אַז בעת קאָמוניאָן זאָל מען דעם איינפאַכן מענשן געבן ניט קיין ברויט און וויין, נאָר ברויט אַליין. די קאָמוניאָן אויף ביידע אופנים פלעגט נאָר זיין פאַר גלחים. די לערע, וואָס האָט געוואָלט אָפּשאַפן די פריווילעגיעס פון דעם קלערוס, איז גאַנץ נאַטירליך אַרויסגעטראָטן קעגן דעם אויסערליכן סימן פון זיין פריווילעגירטער לאַגע. דער כוס, דער כוס פאַר איינפאַכע מענשן איז פון יענער צייט געוואָרן דער סימבאָל פון די הוסיטן. לויט דעם אַלגעמיין אָנגענומענעם בליק, איז אין דעם גאַנצן ריזיגן הוסיטישן קאַמף, די זאַך באמת, כלומרשט, געגאַנגען נאָר אום דעם, צי דאַרף מען קריגן קאָמוניאָן אויף ביידע אופנים אָדער ניט, און די „געבילדעטע מוחות" לאָזן קיינמאָל ניט פאַרביי די געלעגנהייט אָנצואווייזן דערביי מיט געפיל פון באַפרידיגונג, ווי באַגרעניצט עס זיינען געווען די מענשן פון יענער עפּאָכע און ווי געבילדעט עס זיינען די מאָדערנע פריידענקער.

נאָר אַזאַ בילד פון דער הוסיטישער באַוועגונג איז אומגעפער אַזוי פאַרנונפטיג און גרונטליך, ווי ריכטיג עס וואָלט געווען אין אַ יאָרהונדערט אַרום אָפּצומאָלן דעם מאָדערנעם רעוואָלוציאָנערן קאַמף, למשל, אַזוי: די מענשן פונ'ם 19טען יאָרהונדערט זיינען געווען זעהר נאַריש; געוויסע פאַרבן פלעגן זיי צוגעבן אַ מיסטישע באַדייטונג; זיי פלעגן אָנפאַנגען אַ בלוטיגן קאַמף צוליב דעם, וועלכע קאָלירן עס זאָל האָבן די פראַנצויזישע פאָן — וויים, בלוי־וויים־רויט אָדער רויט, די אונגאַרישע פאָן — שוואַרץ־געלב אָדער רויט־וויים־גרין; אין דייטשלאַנד פלעגט מען אַ געוויסע צייט אַרעסטירן און פאַרשיקן אין טורמע אויף אַ לאַנגען טערמין יעדען, וואָס האָט געטראָגן אַ שוואַרץ־רויט־גאָלדיגע קאָקאַרדע.

דער כוס האָט ביי די הוסיטען געהאַט די זעלביגע באַדייטונג,

וואָס עס האָבען אין דער געגענוואַרטיגער צייט פאַרשיידענע פאָנען ביי פאַרשיידענע נאַציעס און פּאַרטייען. ער איז מער ניט געווען ווי די שלאַכטס־פאָן, אַרום וועלכער זיי האָבען זיך גרופּירט און פאַרטיידיגט ביז'ן לעצטען טראָפּען בלוט, אָבער ניט דער א ב־ יעקט פון קאַמף.

דאָס זעלביגע קאָן מען זאָגען וועגען די פאַרשיידענע פאָרמען פון קאָמוניאָן, וואָס זיינען אויפגעקומען אין דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע פון'ם 16טען יאָרהונדערט.

דאָס אָפּזאָגען זיך פון דער קאַטוילישער קירך איז נאָך דעם טויט־שטראָף פון איוואַן הוס געוואָרען אַן אַלגעמיינע ערשיינונג; זיין סימבאָל איז געווען: „דער כוס פאַר דעם פּשוט'ן עולם". דאָס אייז האָט געפּלאַצט, און אין גיכען האָבען זיך באַוויזען די פאָלגען פון אָט דעם אָפּזאָגען זיך פון דער קירך, די פאָלגען, וואָס זיינען באמת געווען די יסודות פון'ם גאַנצען קאָנפליקט. אין פּראַג האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ סדרה פון מאַסען־אומרוען פון'ם פּראָסטען המון, וואָס האָבען זיך אויסגעדרוקט ניט נאָר אין אומשעדליכע דעמאָנ־ סטראַציעס, נאָר אַמאָל טאַקע אויך אין פאַרפאָלגונגען אויף דעם וויסען קלערוס און מאָנאַכען, אין רויבערייען פון קירכען און מאָ־ נאַסטירען. אַמבעסטען האָבען זיך מיט די אומשטאַנדען באַנוצט די פּריצים; ניט אומזיסט זיינען זיי געוואָרען די היציגסטע נאָכ־ פאָלגער פון הוס' לערע. כדי זיך נוקם זיין פאַר דעם טויט פון הוס'ן, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו שיקען — פאַרשטעהט זיך, אינ'ם ברען פון רעליגיעזען אייפער — שריפטליכע צוריקווייזונגען פון'ם פאַרבאַנד צו די בישאָפען און מאָנאַסטירען און אָנגעפאַנגען צו פאַרכאַפּען פאַר זיך, וואו נאָר עס איז מעגליך געווען, דאָס קירכ־ ליכע פאַרמעגען.

ווענצעל איז געווען מאַכטלאָז אין דעם קאַמף. אומזיסט האָבען דער פּויפּסט און זיגיזמונד פּרובירט אים צורייזען צו ענער־ גישע שריט קעגען די בונטאָוושטשיקעס. אים האָט זיך געדוכט, אַז קלוגער פון אַלץ איז צו האַנדלען אַזוי, ווי ער וואָלט בלומרשט דאָס ניט באַמערקט. סוף־כל־סוף איז דאָס געקומען דערצו, אַז זיגיזמונד האָט אָנגעפאַנגען צו סטראַשען דעם ברודער מיט אַ מלחמה, אויב ער וועט זיך ניט אַריינמישען אין די הוסיטישע אומ־

אָרדנונגען. די דראָהונג האָט געווירקט, וואָנצעל האָט זיך גע־שטעלט קעגען די הוסיטען און פּרובירט אומצוקערען דעם פּאַר־טריבענעם קלערוס. דעמאָלט האָט אין פּראַג אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד, און דער המון, אונטער דער פירערשאַפט פון איוואַן זשיזשקע, האָט פּאַרכאַפּט די שטאָט (דעם 30טען יולי 1419).

בעת וואָנצעל, וואָס איז אַנטלאָפען פון׳ם דראָהענדען אויפ־שטאַנד אין זיין שלאָס וואָנצעלשטיין, האָט באַקומען אַ ידיעה וועגען דעם, איז ער אַריין אין אַ גוואַלטיגען צאָרן; אַט דער צאָרן האָט פאַראורזאַכט אַן אַפּאָפּלעקטישען שטורץ, פון וועלכען ער איז אין עטליכע טעג אַרום געשטאָרבען.

בעהמען איז געבליבען אָהן אַ קעניג און אין די הענט פון דער הוסיטישער אפּיקורסות.

## 4. די פּאַרטייען אין דער הוסיטישער באַוועגונג.

כל זמן די אַפּיקורסות אין בעהמען איז געווען אַ געהיימע לערע, זיינען אין דער עפענטליכקייט אַרויסגעטראָטען נאָר זיינע נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע זייטען. דער נאַציאָנאַלער און רעליגיע־זער שונא איז געווען איינער און דער זעלביגער פּאַר אַלע קלאַסען פון דער באַפעלקערונג; די אַלגעמיינע שנאה האָט פּאַראייניגט אַט די אַלע קלאַסען.

איצט, ווען דער אַלגעמיינער פיינט איז געווען אונטערדריקט און דאָס „ריינע געטליכע וואָרט” האָט געזיגט, האָט זיך אַרויס־געצייגט, אַז דאָס וואָרט, הגם עס האָט אַלץ איינס געקלונגען פּאַר אַלעמען, איז אָבער פון פאַרשיידענע קלאַסען, לויט זייערע ספּע־ציעלע אינטערעסען, פאַרשטאַנען געוואָרען אויף פאַרשיידענע אופנים און אָפט אפילו פּונקט פאַרקערט.

בכלל האָבען זיך צווישען די הוסיטען פאָרמירט צוויי ריכ־טונגען, צוויי פּאַרטייען. יעדע פון זיי האָט געהאַט אַלס צענטר אַ באַזונדערע שטאָט, פּונקט ווי די צווייטע, איבער בעהמען, רעשט־לאַך פון׳ם קאַטוילִיציזם. אַט די שטעט זיינען געווען: פּ ר אַ ג, ט אַ ב אָ ר און ק ו ט ע נ ב ע ר ג.

די דייטשע צעכען און מינען־אַרבייטער פון קוטענבערג, וואָס

איז דעמאָלט געווען די גרעסטע און שטאַרקסטע שטאָט נאָך פּראַג, האָבען געהאַט געננג גרונט צו בלייבען קאַטויליקען. אין פּאַל פון אַ הוסיטישען זיג, וואָלט קיינער מער ניט פאַרלאָרען, ווי זיי; צוליב דעם טאַקע, האָט דער קאַטויליציזם אין ערגעץ זיך ניט אַרויסגעצייגט אַזוי פאַנאַטיש, ווי צווישען זיי. יעדען הוסיט, וואָס איז אַריינגעפאַלען צו זיי אין די הענט, האָבען זיי געטויט, און אַריינגעפאַלען זיינען פיל. די טשעכען באַהויפּטען אפילו, אַז די איינוואוינער פון קוטענבערג האָבען באַשטימט אַ געלט־באַלוינונג פאַר כאַפּען די הוסיטען, — נעמליך, זעכציג פּראַגער גראָשען פאַר אַן איינפאַכען אפיקורס און דריי הונדערט פאַר אַן אַפּיקורסישען גלח.

אַ חוץ קוטענבערג, זיינען געווען נאָך עטליכע שטעט, וואו עס האָט זיך איינגעגעבען די דייטשען צו פאַרבלייבען און וועלכע זיינען דערפאַר געבליבען טריי צום קאַטויליציזם. אין דעם משך פון דער הוסיטישער מלחמה איז דער גרעסטער טייל פון אָט די שטעט, צווישען זיי אויך קוטענבערג, אַריינגעפאַלען אין די הענט פון די הוסיטען און זיינען דורך זיי פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין טשעכישע שטעט. נאָכדעם, ווי דער קאַטויליציזם האָט אינגאַנצען פּאַרלאָרען זיין מאַכט אין קוטענבערג (אינ'ם יאָר 1422), איז דער צענטר פון דער קאַטוילישער פּאַרטיי איבערגעטראָגען געוואָרען קיין פּילזען.

אַ חוץ אָט די עטליכע שטעט איז צו דעם אַלטען גלויבען טריי געבליבען אַ קליינער טייל פון די פּריצים, טיילווייז צוליב דער האָפנונג קריגען גרעסערע טובות ביים קעניגליכען הויף, טיילווייז אויס עקעל צו דער דעמאָקראַטישער ריכטונג, וואָס האָט זיך אַנטוויקעלט צווישען די הוסיטען.

נאָר דער גרעסטער טייל פון די פּריצים האָט געהאַלטען שטאָל און אייזען פאַר די הוסיטען; דערצו האָבען זיי געצוואונגען די קירליכע פאַרמעגענס, וואָס זיי האָבען געהאַט פּאַרכאַפּט. זייער אידעאַל, ספּעציעל פון דעם העכערען אַדעל, איז געווען אַן אַריסטאָקראַטישע רעפּובליק מיט אַ פיקטיווען קעניג בראש. אַזוי ווי זיגיזמונד האָט ניט געטויגט פאַר אַזאַ ראָליע, האָבען זיי אָנגעפאַנגען זוכען אַ קאַנדידאַט אויף דעם פּלאַץ אין

פוילען און אין ליטא. פונדעסטוועגען האָט זיך קיין בכבודיגער פירשט ניט געוואָלט פאַרקלייבען אין אָט דער נעסט.

אויף דער זייט פון דער אריסטאָקראַטישער פאַרטיי איז אויך געשטאַנען דער גרעסטער טייל פון די פּראַגער איינוואוינער. פונ־דעסטוועגען איז אויך דאָרטען, נאָך א גאַנצער רייע פון אויפשטאַנ־דען, נאָכדעם ווי מען האָט צוטריבען דעם דייטשען קלערוס און די פּאַטריציער, און די מאכט האָבען פאַרכאַפּט אין זייערע הענט די נידעריגסטע שיכטען — איז אויך דאָרטען, צוגלייך מיט דעם ראַט אָרגאַניזירט געוואָרען א שטאָטישע פאַרזאַמלונג, אין וועלכער יע־דער זעלבסטשטענדיגער בעל־מלאכה פון שטאָט האָט געהאַט שטים־רעכט. די ראַטמענער פלעגען, וואַרשיינליך ערוועהלט ווערען דורך אָט דער פאַרזאַמלונג.

פונדעסטוועגען האָט זיך אין פּראַג שנעל באַוויזען א נייע הע־בערע בורזשואַזיע. אָט די שטאַרקע שטאָט, פּונקט ווי דער אַדעל, האָט זיכער אויסגענוצט די מעגליכקייט אריינצוכאַפּען אין אירע הענט דאָס קירכליכע פאַרמעגען. דער רויב איז געווען אַזוי באַ־דייטענד, אַז א לאַנגע צייט איז ער געווען די אורזאַך פון קריגערייען צווישען די צוויי געזעלשאַפטען פון די שטאָטישע איינוואוינער, פון וועלכע פּראַג איז באַשטאַנען, — צווישען דער אַלטער און נייער שטאָט. דאָס קאָנפיסקירטע פאַרמעגען, דער רויב פון קלויסטערס און מאָנאַסטירען, וואָס מען פלעגט פאַרקויפען, צוטיילען, אוועק־געבען פאַר א דבר שיבוש, פלעגט געבען א באַקוועמע געלעגענהייט דעם פּראַקטישען מוח זיך אַרויסצוטיילען פון דער מאַסע. נאָכ־דעם ווי מען האָט פאַרכאַפּט קוטענבערג איז די עקספּלואַטאַציע פון זיינע מינען איבערגעגאַנגען צו פּראַג, פאַר וועלכער זי איז געוואָרען דער הויפּט קוואַל פון הכנסה. אָט דער אומשטאַנד האָט אויך אַרויסגערופען א סך כיטרע ספּעקולאַנטען. אויף אַזאַ אופן איז אַנטשטאַנען א נייער טשעכישער פּאַטריציאַט, וועלכער איז זיך שנעל צוזאַמענגעקומען מיט'ן אַדעל און האָט אָהן חשק זיך אונ־טערוואָרפען דער מאכט פון דער „גרויסער פאַרזאַמלונג".

אין גיכען האָבען ערוואַכט אַריסטאָקראַטישע סימפּאַטיעס אויך צווישען די האַנטווערקער און אפילו צווישען די נידעריגסטע קלאַ־סען פון דער באַפעלקערונג פון פּראַג, ווייל זי איז געווען א שטאָט

פון לוקסוס. די אינדוסטריע און האנדעל פלעגען בליען אין פראג, ווייל דער הויף און די פני פלעגען דא פארשווענדען אלץ, וואס זיי האבען אויסגעזויגען פונ'ם גאנצען לאנד. פונקט ווי די רוימער פלעגען שטענדיג בענקען נאכ'ן פויפסט, אפילו ווען זיי האבען אים אליין פארטריבען, אזוי האבען אויך די איינוואוינער פון פראג אנגעפאנגען צו רעכענען די קעניגליכע מאכט און דאס גיהיריגע אדעל אלס אבסאלוט נויטווענדיגע אטריבוטען פון דער געזעל־שאפט. די דעמאקראטישע עלעמענטען פון שטאט זיינען אלץ שוואכער געווארען, די אריסטאקראטישע זיינען שטארקער געווא־רען. בונטען, אינטריגעס, אויסערליכע אריינמישונג פלעגען אל־טערנאטיוו פארשטארקען דאס איינעם, דאס א צווייטען פון די עלעמענטען, נאר אלס אונטערשטיצערין פון די דעמאקראטען, איז פראג שטענדיג געווען זעהר אומזיכער, אלס זייער פיינט — זעהר אנטשלאסען; ביים סוף פון די הוסיטישע מלחמות איז זי געווא־רען טאקע אויסשליסליך א שונא.

די איינוואוינער פון פראג און דער הוסיטישער אדעל, הויפט־זעכליך, דער העכערער האבען צוזאמענגעשטעלט די „מעסיג פאר־טיי"—וואס טראגט אט דעם נאמען, ווארשיינליך דערפאר, ווייל זיי אלע פלעגען קאנפיסקירען די קירכליכע גיטער גוואלדיג אוממעסיג— די פארטיי פון די קאליקסטינער אדער אוטראקוויסטען*).

קעגען זיי ווערט אוועקגעשטעלט אן אנדער ריכטונג, וואס מען קען רופען א ד ע מ א ק ר א ט י ש ע, אי לויט דער צוזאמענ־שטעלונג פון אירע מיטגלידער, אי לויט אירע אלגעמיינע טענ־דענצען.

די מאיאריטעט פון נאכפאלגער האט די ריכטונג נעקראגען צווישען די פ ו י ע ר י ם, וועלכע האבען צוזאמענגעשטעלט דעם צאלרייכסטען קלאס פון דעם לאנד.

די הוסיטישע רעוואלוציע האט אויפגעדעקט דעם אנטאגא־ניזם צווישען די פויערים און ערד־באזיצער. די קאנפיסקירטע

*) קאליקסטינער פונ'ם לאטיינישען ווארט קאליקס — כוס; אוט־ראקוויסטען, ווייל זיי פלעגען נעמען קאמוניאן א ו י ף ב י י ד ע א ו פ נ י ם.

קירכליכע ערד האָט די פּריצים קיין נוצען ניט געקענט ברענגען אָהן די קירכליכע פּויערים, וועלכע פלעגען זיי צאָלען צינזען. נאָר די פּויערים האָבען ניט צוליב דעם געמאכט אן אויפשטאַנד קעגען דער קירך, כדי זיי זאָלען איבערבייטען איין האר אויף א צווייטען, נאָך דערצו אויף א שטרענגערען. זיי האָבען געוואָלט זיין פרייע פּוירים ערד־באַזיצער, פרייע אייגענטימער. די רעוואָלוציע אויבען האָט אויך געמוזט ארויסרופען א רעוואָלוציע אונטען. עס זיינען פאר־ניכטעט געווארען אלע שטערונגען, וואס האָבען נאָך דערוויל אפּ־געהאלטען ביז א געוויסען גראד א שארפען צוזאמענשטויס צווישען די קלאסען. אלע טראדיציעס, וואס האָבען אונטערוואָרפען אי די עקספּלואַטאַטאָרס, אי די עקספּלואַטירטע אונטער שטרענגע רעגעלען, וואָס האָבען באגרעניצט די מאַכט, וואָס האָבען געצוימט אי די באראָנען, אי די פּויערים, זיינען פארניכטעט געווארען. די פּויערים האָבען געפילט, אז אויב איצטער וועט זיך ניט איינגעבען צו פארניכטען די מעכטיגקייט פון די פּריצים, אראפּוואַרפען זייער יאָך, וועלען זיי זיך מוזען אונטערוואַרפען אונטער זייער אומבא־גרעניצטע מאַכט. זיי האָבען געדאַרפט אויסקלייבען צווישען פול־שטענדיגע פרייהייט און פולשטענדיגע פארשקלאַפונג.

אין אחדות מיט די פּויערים זיינען אויך געווען די קליין־ביר־גער און די פּראָלעטאַריער, טיילווייז, ווי מיר האָבען שוין געזעהן, אין פּראג, נאָר הויפּטזעכליך אין יענע קליינע שטעט, וואו עס האָט זיך זיי איינגעגעבען אויסצואוואָרצלען די „בכבודיגע” דייטשען, ד. ה. די גרויס־בורזשואזיע. יעדע פון אָט די שטעט איז, לויט איר באַדייטונג, געשטאַנען א סך נידעריגער פון פּראג. צושפּלי־טערטע, זיינען זיי ניט געווען בכח זיך קעגענצושטעלען, ווי פּראג, אנטקעגען דער קראַפט פון די באַראָנען, וועמעס גיהירינקייט עס האָט גאָר קיין גרעניץ ניט געוואוסט. די שוואַכקייט פון דער קעניגליכער מאַכט אין דייטשלאַנד האָט נאָך פריער געהאט גע־צוואונגען די שטעט זיך פאראייניגען אין פאַרבאַנדען, כדי צו קאָנען זיך ווערען קעגען די עקספּלואַטאַטאָרישע נייגונגען פון די פּריצים; אָט אזוי האָבען איצטער געהאַנדעלט אויך די בעהמישע קליינע שטעט — מיט'ן אויסנאַם פון עטליכע, וואָס זיינען איבערגעבליבען אין די הענט פון די קאַטויליקען.

דער קליין־אדעל, וואָס פאַרנעמט אַ צווישען־לאַגע צווישען דעם פויערטום און גרויסען אדעל, פונקט ווי אין אונזער צייט שטעהט די קליין־בורזשואַזיע צווישען דעם קלאַס קאַפּיטאַליסטען און דעם פּראָלעטאַריאַט, האָט זיך געהאַלטען עפּעס אַזוי אומאַנטשלאָסען און אומזיכער, ווי אין אונזער צייט די מאַסע פון דער קליין־בורזשואַזיע. די קליינע פּריצים, כמעט אַזוי ווי די גרעסערע פרייע פויערים, האָבען טיילווייז פאַרלאָרען, נאָר טיילווייז אויך עטוואָס געוואונען. די באַפרייאונג פון די פויערים האָט זיי גע־דראָהעט מיט אַ פאַרקלענערונג פון הכנסות, נאָר דער אונטערגאַנג פונ׳ם גרויסען אדעל האָט זיי באַפרייט פון געפערליכע קאָנקורענטען און געגנער, וואָס פלעגען זיי אַלץ מער אונטערדריקען; דערפאַר איז דאָס באַרויבען פונ׳ם גרויסען אדעל געווען ווינשענסווערט אי פאַר די ריטער, אי פאַר די פויערים. אַ טייל פונ׳ם קליינעם אדעל איז צוגעשטאַנען צו דער אַריסטאָקראַטישער פּאַרטיי, אַ צווייטער— צו דער דעמאָקראַטישער, נאָר דער גרעסטער טייל פון זיי האָט זיך געוואַקעלט און געבויגען אַהין, וואוהין אַ׳ן אַ געוויסען מאָמענט עס האָט זיי געצויגען דער זיג און האָפנונג אויף רויב.

צווישען די ריטער, וואָס זיינען תמיד געבליבען געטריי צו דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט זיך אויסגעצייכענט דער שוין אויבענדערמאָנטער זשיזשקאַ פון טראָנצאָוו, וואָס האָט אַלס געדונגענער סאָלדאַט מלחמה געהאַלטען קעגען די פּאָליאַקען, טערקען און ,בעת ער איז געווען אין דער ענגלישער דינסט, קעגען די פראַנצויזען. ער האָט אָוועקגעגעבען דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי זיין מיליטערישע ערפאַרונג און געוואָרען דער פּאָפּולאַרסטער און פורכט־באַרסטער מיליטערישער פירער. נאָר אַזוי ווי ער איז צו זיי ניט צוגעשטאַנען גאַנץ נאָהענט, איז ער פאַר זיי געווען ניט קיין פּאָליטיקער, נאָר אַ סאָלדאַט, ווייל זיי האָבען גע־שאַפען אַן אַרמיי, וואָס האָט צו זיך קיין גלייכען ניט געהאַט. אַלס פּאָליטיקער, האָט ער, ווי אויך אַ סך ריטער און דער גרעסטער טייל פון דעם פּראַגער קליין־בירגערטום, פאַרנומען אַ מיטעל־פּלאַץ צווישען די דעמאָקראַטען און די קאַליקסטינער.

נאָך זיין טויט האָבען זיך איינינגע פון זיינע נאָכפאָלגער אָפּגעטיילט פון די דעמאָקראַטען און געבילדעט זייער אַן אייגענע, אַ

מיטעלע פארטיי, די פארטיי פון „יתומים" — אזוי האָבען זיי זיך גערופען דערפאר, ווייל זיי האָבען פארלוירען זייער פאָטער, זשיזשקאָ'ן.

די דעמאָקראטען האָבען זיך אָנגעפאנגען צו רופען טאבאריטען, אויפ'ן נאָמען פון זייער פּאָליטישען און מיליטערישען צענטער, די קאָמוניסטישע שטאָט טאבאָר. די קאָמוניסטען זיינען געווארען דער אוואנגארד פון דער דעמאָקראטישער באַוועגונג.

## 5. די קאָמוניסטען אין טאבאָר.

אין בעהמען, ווי אויך אין אנדערע לענדער, האָבען זיך צו־זאמען מיט דער אנטוויקלונג פון דער האנדעלס פּראָדוקציע און צירקולאציע פון סחורות אויך אנטוויקעלט קאָמוניסטישע אידעען. די פארשפּרייטונג פון דער וואָל־אינדוסטריע אינ'ם 14־טען י. ה., וואס האָט זיך באוויזען אין בעהמען צוערשט אין פּראג, איגלאו און פּילזען, האָט ספּעציעל, ווארשיינליך געהאָלפען, אז די אידעען זאָלען אויפקומען און זיך פארשפּרייטען.*)

עס האָט אויך ניט געפעלט קיין אויסערליכער איינפלוס, וואָס האָט אונטערגעהאַלטען אָט די אידעען. קיין בעהמען זיינען געקו־מען בעגאַרדען (דאָרטען האָבען זיי זיך גערופען פּיקאַרהען); די קאָ־לאָניזאציע פון די דייטשע האנט־ווערקער, וואָס די בעהמישע קע־ניגען האָבען געשטיצט איז אויך, ווארשיינליך, ניט אריבער אָהן ווירקונג אויף דער ערשיינונג פון דער בעגאַרדישער לערע אין בעה־מען.

די וואלדענזער (אלביגעזער) זיינען אויך געלאָפען פון דרום־פראנקרייך קיין בעהמען נאָך אין דער צייט פון די ערשטע פאר־

---

*) שוין אינ'ם יאָר 1337 זיינען אין פּראג געווען טוך־וועבער, וואָס פלעגען אים צוגרייטען גאַנץ זעלבסטשטענדיג. עס איז דערפאר ווארשיינליך, אז עס האָבען שוין געמוזט עקזיסטירען גרעסערע אונטער־נעמער, וואָס האָבען באשעפטיגט פּועלים, וועלכע האָבען געמאַכט אָט די ארבייט ביי זיך אין הויז. (הילדעבראנד, צור געשיכטע דער דויטשען וואָללענאינדוסטריע", א. צ. ז. 104).

פאַלגונגען און, געפינענדיג דאָרט אַן אָפּדאַך, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו פאַרשפּרייטען זייער לערע.*)

ווען עס איז אַנטשטאַנען דער קאָנפליקט צווישען בעהמען און דער פּויפּסטליכער קירך, פלעגען די געגנער אירע ניט נאָר געדולדעט ווערען, נאָר זיי האָבען אפילו אָנגעפאַנגען צו קריגען אַ מין ספּעציעלען שוץ; דעמאָלט, פאַרשטעהט זיך, האָט די קאָמוניסטישע אפּיקורסות אויפגעהויבען איר קאָפּ, און די קאָמוניסטען, וואָס זיינען פאַרפאָלגט געוואָרען אין די ארומיגע מלוכות, האָבען אָנגעפאַנגען צו זוכען רעטונג אין בעהמען. דאָ האָט זיך דער קאָמוניזם געקענט אַנטוויקלען אַ סך גרינגער, ווייל אין זיין אַרגומענטאַציע און, אין די מערסטע פאַלען, אין זיינע פאָדערונגען איז ער זיך גאָר נאָהענט צוזאַמענגעקומען מיט די אַנדערע אפּיקורסישע ריכטונגען: אַלע האָבען זיי געלעכצט צוריקברענגען דאָס אַלטע קריסטענטום, ווידער אויפצולעבען די ריינע לערע; די ויכוחים וועגען איר אויסטייטשונג זיינען ערשט שפּעטער אַנטשטאַנען.

די קריגס־ערקלערונג אין בעהמען מצד דער קירך און דער רעגירונג דורך דער פאַרברענונג פון איוואַן הוס, האָט געפירט צו דער קאָנפיסקאַציע און באַרויבונג פון דעם קירכליכען פאַרמעגען און, דורך דעם, צו אַ פאָלשטענדיגען קראַך פון די פאָרמען פון געזעלשאַפט און אייגענטום, וואָס האָבען עקזיסטירט ביז יענער צייט. דאָס איז געווען די פּאַסיגסטע צייט פאַר דער אַנטוויקלונג פון די קאָמוניסטישע סעקטען, און זיי האָבען זי מוטיג אויסגענוצט. ביז יענער צייט פלעגען אָט די סעקטען גוואַלטיג זיך מאַטערן, געהיים און אין באַהעלטעניש, און נאָר פון צייט צו צייט, צוליב דעם פאַרראַט פון עמיצען פון זייערע נאָכפאָלגער, פלעגט די וועלט זיך דערוויסען וועגען זייער עקזיסטענץ.*) איצט, ווען זיי האָבען גע־

*) פ. בענדער, „געשיכטע דער וואַלדענזער", ז. 46 און ווייטערע.

*) פון די פּיעמאַנטער טאָלען, וואו עס האָבען זיך נאָך איינגעהאַלטען געמיינדען פון וואַלדענזער, זיינען ביים סוף פון'ם 14טען י. ה. געקומען קיין בעהמען, צו די וואַלדענזער, וואָס האָבען דאָרטען געוואוינט, צוויי פּרעדיגער. בענדער („געשיכטע דער וואַלדענזער", ז. 47), מיט וועמעס ווערק מיר באַנוצען זיך, ברענגט ניט קיין גענויערע דאַטען, נאָר אַלענפאַלס איז דאָס געשעהן אונטער קאָרל דעם 4טען. די צוויי איטאַ־

קאָנט אָפּען ארויסטרעטען, האָט זיך ארויסגעצייגט, ווי אונגעפער גרויס זיי זיינען געוואָרען.

אין פּראַג זיינען די קאָמוניסטען, פאַרשטעהט זיך, געווען צו שוואַך, און די געגנער זייערע צו שטאַרק, אַז די ערשטע זאָלען זיך קאָנען פריי אַנטוויקלען. גאַנץ אַנדערש איז דאָס אָבער געווען אין די קלענערע שטעט.

די קאָמוניסטישע פּרעדיגער פּלעגען דערקלערען, אַז עס איז אָנגעקומען די טויזענט יאָריגע קעניגרייך פון קריסטוס; פּראַג וועט פאַרברענט ווערען דורך א געטליכען פייער, ווי סדום, נאָר די רעפּטפּאַרטיגע וועלען נצול ווערען און געפינען רעטונג אין אַנדערע שטעט; קריסטוס וועט ערשיינען אין גלאַנץ פון זיין רום און וועט גרינדען א קעניגרייך, וואו עס וועלען ניט זיין קיין הארען, קיין דינער, קיין זינד, קיין צרות און ליידען און עס וועט ניט זיין קיין אַנדערע געזעצען, א חוץ דעם „געזעץ פון דעם פרייען גייסט". די וואָס וועלען לעבען אין יענער צייט וועלען זיך אומקערען צום צו־שטאַנד פון גן עדן אומשולדיגקייט. זיי וועלען מער ניט וויסען פון קיין פיזישע ליידען און באַדערפעניששען און פאַר זייער רעטונג וועלען זיי זיך ניט נויטיגען אין קיין קאָמיוניאָן.

אין פאַרשידענע שטעדט האָט מען אָנגעפאַנגען צו גרינדען קאָ־מוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. וועגען קאָמוניסטישע איינריכטונגען אין די דערפער האָבען מיר ניט קיין שום ידיעות, נאָר אַלץ צייגט דאַרויף, אַז די אידעען פון קאָמוניזם זיינען נאָר פאַרווירקליכט גע־וואָרען אין די שטעט. פון אַט די שטעט דאַרף מען אָנרופען פּיסעק, וואָדניאַן און טאַבאָר. אין דער לעצטער האָבען די קאָמוניסטען דערגרייכט אַן אויסערגעוועהנטליכע קראַפט.

טאַבאָר איז אויפגעבויט געוואָרען נעבען דעם שטעטעלע אוס־טי, אויף דעם טייך לוזשניצאַ, וואָס איז געוואָרען באַוואוסט צו־ליב איר נאַלד־זאַמד. אַט די גאָלד־שפּע האָט שטאַרק געהאָלפען

ליענער האָבען זיך ארויסגעצייגט צו זיין פאַררעטער, זיי האָבען אויסגע־געבען צום קאַטוילישען קלערוס דאָס פּלאַץ, וואוהין די וואַלדענזער פלעגען זיך געוועהנליך פאַרזאַמלען, און דערמיט ארויסגערופען ברוטאַלע פאַרפאָלגונגען געגען זייערע חברים.

דער אנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האנדעל אין אוסטי, און האט אויך ארויסגערופען די אלע געגענזעצען וואס זיינען מיט זיי פאר־בונדען; עס איז באוואוסט, אז די קאמוניסטישע אגיטאטארם האבען פון דעם יאר 1415 געקראגען שטיצע הויפטזעכליך ביים רייכען טוך פאבריקאנט און סוחר פיקעל, — אן אומשטאנד, וואס ערלויבט אונז צו קומען צום שלוס, אז דארט האט עקזיסטירט א באדייטענדע וועבער־באפעלקערונג. די באפעלקערונג פון טאבאר איז הויפטזעכליך באשטאנען פון וועבער, ווי עס טיילט מיט ענעאס סילוויוס אין א בריעף, וועגען וועלכער מיר וועלען שפעטער ריידען. אין דעם יאר 1419, אין דער צייט פון דער קורצער רעאקציע אונטער ווענצעל'ן זיינען די אגיטאטארם פארטריבען געווארען פון אוסטי, וואו עס האט עקזיסטירט א שטארקע קאטוילישע פאר־טיי. די פארטריבענע האבען זיך באזעצט ניט ווייט פון דארטען, פאזע דעם טייך לוזשניצא, אויף א היבשען בערגעל, וועלכער פארמירט א האלב אינזעל מיט קרומע, משופע ברעגען און פאראייניגט זיך מיט דער יבשה נאר דורך א שמאלען פאס ערד. אט דאס ווינציג צוגענגליך פלאץ האבען זיי זיך ער־וועהלט אלס פעסטונג און זיי האבען דאס אנגערופען „דער בארג טאבאר"; דעם נאמען האבען זיי גענומען פון דעם אלטען טעסטא־מענט וועלכען זיי, ווי די אנאבאפטיסטען און פוריטאנער, וואס זיינען געקומען ערשט שפעטער, האבען זעהר פלייסיג געלייענט.

פון אלע זייטען האבען אהער געשטראמט די קאמוניסטען כדי אפצוהאלטען דארט אהן שטערונגען זייערע פארזאמלונגען. אויף איינער פון אט די פארזאמלונגען דעם 22טען יולי, 1419, זאגט מען, האבען אן אנטייל גענומען צוויי און פערציג טויזענד מענשען, וועלכע האבען זיך פארזאמעלט פון גאנץ בעהמען און מוראוויע. דאס באווייזט די אומגעוועהנליכע פארשפרייטונג פון די קאמוניס־טישע אידעען.

„אט די גאנצע געשעהעניש פלעגט אפילו פון פיינט געמאלט ווערען אלס גרויסער רעליגיעז־אידילישער פאלקס יום טוב וואס האט דערהויבען די נשמה און דאס הארץ; פארגעקומען איז די געשעהעניש אין פאלקאמער רוהיגקייט און ארדנונג. אנטקעגען

די קאַמפּאַניעס פון פּיליגרימען וואָס האָבן געטראָגן דאָס הייליגע ברויט און פאָהנען זיינען ארויסגעקומען פונקט אזוי פייערליך די וואָס זיינען שוין דאָרט געווען, מיט פרייד זיי אויפגענומען און אָנגעצייגט א פּלאַץ אויף דעם בארג. אלע וואָס זיינען געקומען האָבן זיך גערעכנט אלס „ברידער" און „שוועסטער"; דער חילוק אין דעם געזעלשאַפטליכען שטאנד האָט קיין באַדייטונג ניט געהאט. די גלחים פלעגען צוטיילען צווישען זיך די ארבייט: אייניגע האָבן געפּרעדיגט אויף באַשטימטע פּלעצער צו מענער און צו פרויען באַזונדער, אנדערע פלעגען אויסהערען ודוי, גאָר אנדערע פלעגען פּראַוועון די צערעמאָניע פון קאָמיוניאָן אויףביידע אופנים. אזוי איז אוועק די צייט ביז האַלבען טאָג; נאָך דעם איז מען צוגעטראָטען צו דער סעודה, און מען האָט געטיילט די שפּייזען וואָס די געסט האָבן געבראַכט; דאָס וואָס האָט אייניגע געפעלט איז פארפולט געוואָרען דורך דעם איבערפלוס פון אנדערע. ד י ב ר י ד ע ר א ו ן ש וו ע ס ט ע ר פ ו ן ד ע ם ב א ר ג ט א ב א ר ה אָ ב ע ן נ י ט אָ נ ע ר ק ע נ ט ק י י ן מ י י נ ס א ו ן ד י י נ ס. אזוי ווי די גאַנצע פאַרזאַמלונג איז געווען דורכגעדרונגען מיט רעליגיעזער באַגייסטערונג, איז די שטרענגע דיסציפּלין און מאָראַל ניט געשטערט געוואָרען אין טאבאר. וועגען מוזיק, טענץ און שפּילען האָט קיינער ניט געטראַכט. דער סוף פון טאָג איז פארגאַנגען אין געפּרעכען און אין רעדעס מיט דער הילף פון וועלכע מ'האָט געקרעפטיגט אין זיך דעם אחדות, ליבע און געטריישאַפט צו דער אידעע פון דעם „הייליגען כוס". אונטער אזעלכע אומשטענדען האָט ניט אויסגעפעלט קיין קלאַגעס און באַשולדיגונגען געגען דער געגנערישער פּארטיי, און קיין פאַנאַטיזם, אויך פּראָיעקטען ווידער איינצופירען אין לאַנד די פרייהייט פון „גאָטס וואָרט". ענדליך איז די פאַרזאַמלונג זיך רוהיג פאַנאַנדערגעגאַנגען און באַצאָלט די בעלי בתים פון די פעלדער, וואָס האָבן געליטען שאָדען אין יענער צייט.*)

אין אכט טאָג ארום נאָך אָט דער פאַרזאַמלונג האָט אין פּראַג אויסגעבראָכען דער אויפשטאַנד, וואָס האָט געמאַכט א סוף צו דער

*) פּאַלאַצקי א. צ. III, I, ז. 417 און ווייטער.

באטוילישער רעאקציע, וואס איז געווען די אורזאך פון דעם טויט פון קעניג און איז אויך געווען דער אנפאנג פון דער הוסיטישער מלחמה. איצט האט מען זיך שוין ניט באגרענעצט בלויז מיט דעמאנסטראציעס און קאמוניסטישע פיק־ניקען; עס האט זיך אנגעפאנגען די ארגאניזאציע פון קאמוניסטישע געמיינדען.

די גרונדלאגען פון דער טאבאריטישער לערע זיינען געווען קורץ און קלאר דערקלערט אין דעם ווערק, וואס דער פראגער אוניווערזיטעט האט צוזאמענגעשטעלט. לויט דעם מנהג פון יענער צייט, האבען די מיספארשטענדענישען צווישען די איינוואוינער פון פראג און די טאבאריטען געמוזט געשליכטעט ווערען דורך א ויכוח (דעם 10טען דעצעמבער, 1420). צוליב דעם האבען די פראפעסארען פון דעם פראגער אוניווערזיטעט אנגעמערקט ארום 76 פונקטען אין וועלכע, לויט זייער מיינונג, די לערע פון די טאבאריטען איז געווען אפיקורסיש, אם־ווינציגסטענס, פאלש. דער גרעסטער טייל פון אט די פונקטען האט, פארשטעהט זיך, געהאט א טעאלאגישען כאראקטער, אין אנקלאנג מיט די נייגונגען פון די פראפעסארען און דענקונגס פארמען פון יענער צייט. נאר צוויי פונקטען האבען אין זיך אנטהאלטען א פארוואורף אין רעפובליקאניזם און אין קאמוניזם. די טאבאריטען האבען געפרעדיגט:

„אין דער צייט דארף אויף דער ערד ניט זיין קיין קעניגען, קיין הערשער, קיין אונטערטאנען; די צינזען און אפצאלונגען דארפען פארניכטעט ווערען. קיינער קאן ניט צווינגען צו עפעס דעם צווייטען, ווייל אלע דארפען זיין ברידער און שוועסטער.“

„פונקט ווי אין דער שטאט טאבאר איז ניטא קיין מיינס און דיינס נאר אלץ איז געמיינשאפטליך, אזוי דארף פאר אלע מענשען אלץ זיין געמיינשאפטליך. און קיינער קאן ניט האבען קיין אייגענטום; דער וואס האט יא אייגענטום, באגעהט א טויטליכע זינד.“

דערפון האבען זיי געדרונגען, אז מען דארף מער ניט דערוועלען און האבען א קעניג, אז איצט וועט גאט אליין זיין דער קעניג איבער די מענעשן, און די פארוואלטונג דארף זיין אין די הענט פון דעם פאלק; וויטער, אז אלע הארען, פריצים און ריטער דארפען פארניכטעט ווערען ווי קרייטעכער, אז פון איצט אן דארפען

פארניכטעט ווערען אלערליי ציַנזען, אפצאָלונגען און צוואנג אר־בייט. אַז אַלע פירשטליכע, דאָרפישע און פויערשע רעכט, אַלס שאפונגען פון מענשען און ניט פון גאָט, דארפען אָפגעשאפט ווע־רען א. א. וו.

אגב, די ריין רעליגיעזע פונקטען האָבען געפאָדערט די פאר־ניכטונג פון אַלע קלויסטערס, האָבען פארבאָטען צו לויבען גאָט אין קלויסטערס, האָבען פארבאָטען צו מאַכען הייליגע בילדער און זיך פאר זיי קניען, האָבען אָפגעלייקענט דעם גלויבען אין דעם לייטער־פלאַץ*), א. א. וו. די טאַבאָריטען זיינען ארויסגעטראָ־טען געגען געלערענטקייט (אָדער, אויב מען וויל, געגען דער וויסענשאפט): א קריסט דאַרף זיין קיין זאַך ניט גלויבען, ער טאָר ניט אנערקענען קיין זאַך, וואָס איז ניט קלאָר און דייטליך געזאָגט און אָנגעשריבען געוואָרען אין דער ביבעל; א חוץ דער בי־בעל דאַרף ער ניט לייענען און ניט לערנען און דאַרף ניט אָנ־צייגען אַנדערע קיין בוך געשריבען פון דאָקטוירים, פראָפעסאָרען, אָדער חכמים, ווייל זיי זיינען מענשען, און מענשען זיינען זיך טועה; דערפאר, ווער עס באשעפטיגט זיך מיט איינער פון די זיבען חכמות אָדער לערענט זי אַנדערע, אָדער נעמט אָן דעם טי־טול לערער, דער פאָלגט נאָך דעם ביישפיל פון געצענדינער, דער איז א פוסטער וואונש און באגעהט א טויטליכע זינד. אָט די לערע איז ווארשיינליך ספעציעל ניט געפעלען געוואָרען די הער־רען פראָפעסאָרען. די שנאה פון די קריסטליכע קאָמוניסטען צו דער וויסענשאפט, פונקט ווי זייער אסקעטיזם האָבען מיר שוין געהאַט א געלעגענהייט צו באַטראַכטען און צו דערקלערען אוי־בען.

פארווירקליכט האָט דעם קאָמוניזם זיך נאַטירליך אין די פאָרמען פון די ערשטע קריסטען, אין די פאָרמען, וואָס זיינען פולשטענדיג געווען צוגעפאסט צו דעם צושטאַנד פון פראָדוקציע אין יענער צייט.

יעדע געמיינדע האָט געהאַט א באַזונדערע קאַסע וואָס האָט

*) אַזאַ פלאַץ אין גהינום וואו די נשמות ווערען געלייטערט, לויט דעם גלויבען פון די קאַטאָליקען.

געהייסען „קופּפּע“ (קאדע), וואוהין יעדען פּלעגט אָפּגעבען אַלץ וואָס ער האָט גערעכענט פאר זיינס. עס זיינען באוואוסט דריי אַזעלכע קאַסעס: אין טאבאר, אין פּיזעק און אין וואָדנין. די ברידער און שוועסטער פּלעגען פארקויפען זייער גאנצען באוועג־ליכען פארמעגען, און דאָס געלד פלעגען זיי אוועקלייגען צו די פיס פון דעם פאַרוואַלטער פון דער קאַסע.

דער אויבענדערמאָנטער פּשיבראם שרייבט אין זיין אַנטי־טאבארישען ווערק אין דעם יאָר 1429: „און נאָך אַ פאַלשקייט האָבען זיי צוגעטראַכט (די טאבארישע גלחים): זיי האָבען ער־קלערט דעם עולם, וואָס האָט זיך פארזאמעלט צו זיי אויף דעם בארג אין דער שטאָדט פּיזעק, אַז די ברידער דארפען צונויפזאמלען דאָס גאנצע פארמעגען אין איין פּלאַץ, צוליב דעם האָבען זיי אוועקגעשטעלט איינע אָדער צוויי קופּפּעס, וועלכע די געמיינדע האָט אָנגעפילט. דער פארוואַלטער פון אָט דער קאַסע איז גע־ווען אַן אומאָרענטליכער מענש, איינער מאַטוויי לאודא פון פּיזעק, וועלכער האָט צוזאמען מיט אַנדערע פארוואַלטער און גלחים דערצו ניט דערלייגט. פון אָט דעם עקעלהאַפטען ביישפּיל קאָן מען זעהן, ווי שאַנדלאָז זיי פלעגען בארויבען דאָס פאָלק און אַליין פלעגען זיי רייך און פעט ווערען“*).

אפילו פּאַלאַצקי האָט געמוזט אָנערקענען, אַז דער פאַר־וואורף איז אַ געמיינע רכילות.

אַלעמען איז קלאָר, אַז די גרויסע רויבער און זייערע פאַר־טיידיגער, צו וועלכע עס געהערט אויך דער ערענהאַפטיגער פּשיב־ראַם, האָבען שוין פיל יאָרהונדערטער צוריק גוט געקאָנט, פּונקט ווי אין דער איצטיגער צייט, פאַרשפּרייטען רכילות וועגען די פאַרטיידיגער פון די בארויבטע, אַז כלומרשט זיי, די פאַר־טיידיגער, „ווערען פעט פון די אַרבייטער גראָשענס“, בעת די רויבער גופא, די ווירקליך אָנגעפרעסענע זיינען שוין דעמאָלט, ווי איצט, פון קיין זאַך ניט אַזוי אויפגערייצט געוואָרען, ווי פון דער עקספּלואַטאַציע פון די אַרבייטער. פונדעסטוועגען ווי אָרענט־

*) פּאַלאַצקי א. צ., III, 2, ז. 297.

ליך און אָפּפּערוויליג עס זיינען ניט געווען די חיטער פון די קאסעס, האָט אזא מין קאָמוניזם ניט געקאָנט זיין קרעפטיג. ביי די טאבאריטען האָט ער זיך געקאָנט באַפעסטיגען נאָך ווינציגער, ווי ביי די ערשטע קריסטען, ווייל זיי זיינען ניט געווען, ווי דער הויפּט קערענדעל פון די לעצטע, קיין בעטלער, נאָר ארבייטער, וואָס האָבען געלעבט ניט פון נדבות פון די רייכע, נאָר פון אייגענער ארבייט. אָבער דעמאָלט, אין דער צייט פון האַנטווערק און קליין־פּויערישערווירטשאַפט וואָלט ניט מעגליך געווען צו ארבייטען אויב יעדער וואָלט פארקויפט זיין פּראָדוקציאָנס געצייג, און וואָלט דאָס געלד אָפּגעגעבען אין דער אלגעמיינער קאַסע, כדי צו קריגען לעבענסמיטלען פאר דער גאנצער געמיינדע. מיר גלויבען ניט אַז אַן ענליכע אויפפירונג איז ווען ס'ניט איז געווען אלגעמיין ביי די קאָמונסטען־טאבאריטען; אלענפאלס האָט מען זי אין גיכען פארוואָרפען. דער פּראַקטישער קאָמוניזם איז פארווירקליכט געוואָרען, פונקט אזוי ווי ביי די ערשטע קריסטען: יעדע פאמיליע האָט געארבייט פאר זיך און אין דער אלגעמיינער קאסע האָט זי אוועקגעגעבען דעם איבערפלוס.

אזא ענדערונג איז, פארשטעהט זיך, פאָרגעקומען ניט אָהן ענערגישע פּראָטעסטען מצד די מער אייפעריגע און אנטשלאָסענע קאָמוניסטען. אין די דאַמאָלדיגע באדינגונגען האָט דאָס געמיינדע אייגענטום אויף קאָנסום מיטלען אין א ריינער פאָרם אנדערש, פארשטעהט זיך, ניט געקאָנט פארווירקליכט ווערען a la longue. דערפאר האָבען די עקסטרעמע קאָמוניסטען געשטרעבט איינצופירען דעם פולשטענדיגען קאָמוניזם און די אָפּשאַפונג פון דער פאמיליע. דאָס איז מעגליך געווען צו פארווירקליכען אין צוויי פאָרמען: דורך דעם צעליבאט אָדער דורך דער פארניכטונג פון מאָנאָגאמיע און דער איינפירונג פון געמיינשאפטליכע פרויען. די שטרענגע קאָמוניסטען־טאבאריטען האָבען דעם פארצוג געגעבען דער לעצטער פאָרם, שוין דערפאר, וואָס זייער עקסטרעמע שנאה צו דער קאטוילישער קירך און צום מאָנאַכענטום האָט זיי געצוואונגען אָפּצולייקענען די הייראַטסלאָזיגקייט פון דעם קלערוס.

אזעלכע פּרינציפּען פונ'ם קאָמוניזם פון דער שאַטירונג זיינען פאר אונז ניט ניי, מיר געפינען זיי שוין ביי די ערשטע קריסטען;

בעת מיר האָבען באַשריבען דאָס מאָנאַכענטום האָבען מיר אָנגעצייגט, אַז די געמיינשאַפטליכקייט פון פרויען, פּונקט ווי דער צעליבאַט פון די מאָנאַכען און מאָנאַשקעס, איז ניט קיין פאַרפירונג פון'ם מענשליכען גייסט, נאָר אַ נויטווענדיגער פּועל יוצא פון באַשטימטע עקזיסטירענדע געזעלשאַפטליכע באַציהונגען.

די שטרעבונגען פון די שטרענגע קאָמוניסטען זיינען אַמקלאָרסטען און אַם־שאַרפסטען אויסגעדריקט געוואָרען דורך דער סעקטע ברידער און שוועסטער פון דעם פרייען גייסט, וועגען וועלכע מיר האָבען שוין גערעדט. זיי האָבען זיך אַריינגעכאַפּט אויך קיין בעהמען, און ווען מען האָט דאָרטען גערעדט וועגען די „פּיקאַרדען" (בעגאַרדען), האָט מען כמעט שטענדיג זיי געמיינט. די הוססיטישע פראַקציע פון די ברידער און שוועסטער פון פרייען גייסט פלעגט מען אויך רופען ניקאָלאַאיטען, אויף נאָמען פון דעם פּויער ניקלאַסס, וועלכער איז געוועזן דער הויפּט פאַרשפּרייטער פון זייער לערע, נאָר מער פון אַלץ זיינען זיי באַוואוסט אַלס אַדאַמיטען, ווייל זיי האָבען גערעכענט אָדם הארשונ'ס צושטאַנד, — דעם פּרימיטיווען צושטאַנד, ווי מען וואָלט זיך אויסגעדריקט אינ'ם 18־טען יאָרהונדערט, — אַלס צושטאַנד פון זינדלאָזער אומשולדיגקייט. אויף זייערע פאַרזאַמלונגען, וואָס ווערען אָנגערופען גן־עדנ'ס, פלעגען זיי, ווי מען זאָגט, זיצען פולשטענדיג נאַקעט. מיר קענען ניט באַשטימען צי איז די דאָזיגע ידיעה באַגרינדעט אויף אַ פּוסטער פּלאַפּלעריי אָדער אפשר גאָר אויף בייזוויליגער רכילות.

די אדאַמיטען האָבען געוואוינט אויף אַן אינזעל, אויפ'ן טייך לוזשניצאַ, — דערצעהלט ענעאַס סילוויוס, — זיי פלעגען אומגעהן נאַקעט; צום באַדויערען, זאָגט ער ניט צי שטענדיג, אָדער נאָר אונטער געוויסע אומשטענדען: „זיי האָבען געהאַט געמיינשאַפטליכע פרויען (Connubia eis promiscua fuere) פונדעסטוועגען איז זיי פאַרבאָטען געווען זיך צוזאַמענצוקומען מיט אַ פרוי אָהן דער ערלויבעניש פון זייער עלטסטען, אדאַם. נאָר ווען אימיצער פון זיי איז אַרומגעכאַפּט געוואָרען פון דער תאוה צו אַ פרוי, פלעגט ער זי אָננעמען פאַר דער האַנט, צופירען זי צום עלטסטען און זאָגען: „מיין נשמה פלאַקערט מיט ליבע צו איר". פלעגט אים

יענער ענטפערען: „געהט, פרוכפערט זיך און מערט זיך און פילט אן די ערד"*).

אזא פארם פון הייראטסלאזיגקייט האט שטארק ווידערשפרו־כען די מאראלע אנשויאונגען פון יענער צייט, בעת די מאנאגאמיע און די גאנצקייט פון דער פאמיליע, — איינריכטונגען, וואס זייי־נען געקומען בירושה פון אלטע צייטען און זיך טיף איינגעוואר־צעלט אין דעם פאלקס־באוואוסטזיין, — זיינען דרינגענד נויטיג געוועזן פאר דעם עקזיסטירענדען פראדוקציאנס־אופן און דער עק־זיסטירענדער געזעלשאפטליכער ארדנונג. די פארניכטונג פון דער הייראט איז געוועזן א גאנץ לאגישער שלום פון דעם דאמאלסטיגען קאמוניזם, נאר זי האט אויך קלאר אויפגעדעקט, אז ער, דער קא־מוניזם, האט ניט געהאט קיין קרעפטיגען יסוד אין א געזעלשאפט, וואס נויטיגט זיך אין מאנאגאמיע; זי האט קלאר באוויזען, אז דער קאמוניזם פון יענער צייט איז געוועזן פארמשפט צו פארווירק־ליכט ווערען אין דער פארם פון באזונדערע קליינע קארפאראציעס און געמיינדען. די מאסע פון די טאבאריטען איז זעהר ענערגיש ארויסגעטראטען געגען די פאדערונגען פון'ם עקסטרעמען קאמוניזם.

שוין אינ'ם פריילינג פונ'ם יאר 1421 איז דאס געקומען צו אן אפענעם צוזאמענשטויס צווישען די צוויי ריכטונגען. דער גלח מארטינעק האוסקא, איינער פון די פירער פון די ראדיקאלסטער טרוימער,**) איז פון א ריטער דעם 29טען יאנואר געגומען געווארען אין געפאנגענשאפט, איז אבער באפרייט געווא־רען, ווייל א סך פון זיינע פריינט האבען זיך פאר אים איינגע־שטעלט. דערפאר טאקע האט ער מיט נאך א גרעסערען אייפער זיך א נעם געטאן צו פרעדיגען זיין לערע, און זיין פארטיי האט זיך אזוי צוואוואקסען, אז דער בישאף ניקלאס האט געשיקט קיין פראג נאך הילף. די קאמוניסטישע אפיקורסות האט פאר זיך דארטען

---

*) ענעאס סילוויוס, דע ארטו עט היסטאריא באהעמארום. אפערא אמניא, ז. 109.

**) ער האט אויך געוואלט איינפירען, לויט'ן ביישפיל פון דער ערשטער קריסטליכער קירכע, די אגאפען, די אלגעמיינע ברידערליכע סעודות (פאלאצקי א. צ., 4, 1, ז. 471).

אויך געפונען א באַדען; נאָר דער שטאָט־ראַט האָט גלייך אָנגע־פאַנגען ברוטאַל זי צו פאַרפאָלגען, און צוויי פּראַגער בירגער זיי־נען, לויט דעם ליבליכען מנהג פון יענער צייט, פאַרמשפּט געוואָרען צום טויט, פאַר אָנגעהעריגקייט צו איר, און פאַרברענט געוואָרען אויפ'ן שייטער־הויפען. אין דער זעלביגער צייט (אין מערץ) איז אין טאַבאָר פאָרגעקומען א שפּאַלטונג צווישען די צוויי ריכ־טונגען. די שטרענגע קאָמוניסטען זיינען געוועזען די מינאָריטעט און מען האָט זיי פון דאָרטען פאַרטריבען; אַרום דריי הונדערט מענשען זייערע זיינען אעק אין די וועלדער פאַזע דעם טייך לוזשניצע.

דער גלח מאַרטינעק האָט זיך איבערגעשראָקען און האָט זיך אָפּגעזאָגט פון דער „אפּיקורסות", נאָר זיינע נאָכפאָלגער זיינען געבליבען איינגעשפּאַרט. געגען זיי איז אַרויסגעטראָטען זשיזשקא, וואָס האָט אין האַרצען סימפּאַטיזירט מיט די איינוואוינער פון פּראַג, און צו דער „פּיקאַרדישער אפּיקורסות", וואָס איז אָפּילו פון די טאַבאָריטען פאַרהאַסט געוואָרען, האָט ער פּשוט געפילט אַן עקעל. ער איז אויף זיי אָנגעפאַלען אין די וועלדער און א טייל פון זיי געפאַנגען. אַזוי ווי זיי האָבען זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט אָפּצוּוואַרפען פון זיך זייער לערע, האָט מען זיי אויפ'ן באַפעל פון זשיזשקאַ'ן פאַרברענט פופציג מענשען אין צאָל. צום טויט זיינען זיי געגאַנגען לאַכענדיג...

מאַרטינעק, וואָס האָט זיך געפילט ניט איבעריג גוט צווישען די טאַבאָריטען, האָט באַשלאָסען אוועקצולאָזען זיך קיין מאָראַוויע. אויפ'ן וועג, אין כרודים, האָט מען אים געכאַפּט צוזאַמען מיט זיין באַגלייטער פּראָקאָפּ דעם איינאויגיגען, און מען האָט אים אָפּגע־פירט קיין ראַודניץ צום ערצבישאָף קאָנראַד. זשיזשקא האָט געפאָ־דערט פון די איינוואוינער פון פּראַג, אַז אָט די צוויי געפערליכע מענשען זאָלען געבראַכט ווערען קיין פּראַג און לעבעדיגערהייד פאַרברענט ווערען, כדי אָנצושרעקען דעם עולם. נאָר די מיטגלי־דער פון דעם פּראַגער שטאָט־ראַט האָבען מורא געהאַט פאַר'ן איינ־פאַכען פאָלק, צווישען וועלכען מאַרטינעק'ס לערע איז געווען זעהר פּאָפּולער. זיי האָבען קיין ראַודניץ אוועקגעשיקט א הענקער, וועל־כער האָט די צוויי געפאַנגענע אַזוי לאַנג געמאַטערט, ביז זיי האָ־

בען אַנגערופֿען עטליכע נעמען פֿון זייערע חברים אין פּראג. נאָכ־דעם האָט מען זיי אַריינגעלעגט אין פֿעסלאַך און פֿאַרברענט (21טען אויגוסט, 1421).

נאָר דאָך איז די פּיקאַרדישע אַפּיקורסות אינגאַנצען ניט גע־ווען אונטערדריקט. אַ הייפֿעלע אַדאַמיטען האָט זיך באַפֿעסטיגט אויף אַן אינזעל פֿונ׳ם טייך ניעזשאַרקאַ, וואָס פֿאַלט אַריין אין דער לוזשניצאַ. זשיזשקאַ האָט אַוועקגעשיקט פֿיר הונדערט באַוואָ־פֿענטע מענשען מיט אַ באַפֿעל זיי צו פֿאַרניכטען. די באַלאַגערטע האָבען זיך מיט פֿאַרצווייפֿלונג פֿאַרטיידיגט און האָבען דערהרגעט פֿיל שונאים, נאָר סוף כּל סוף האָבען זיי זיך אונטערגעגעבען. אַלע, וואָס זיינען נצול געוואָרען פֿון דער שווערד, זיינען פֿאַרלוי־רען געוואָרען אין פֿייער (דעם 21־טען אָקטאָבער, 1421).

אויף אַזאַ אופֿן איז די עקסטרעמע ריכטונג פֿונ׳ם קאָמוניזם גענצליך אונטערדריקט געוואָרען. די אומבאַדייטענדע קריגס־קרעפֿטען, וואָס זיינען געברויכט געוואָרען כּדי זי צו אונטערדרי־קען, באַווייזען, אַז זי איז גאָר ניט געווען אַזוי שטאַרק פֿאַר־שפּרייט. באמת האָבען נאָר איניגע, די גאָר מוטיגע אָדער שטאַרק איינזייטיגע מענשען, וואָס זיינען פֿאַרכאַפּט געוואָרען פֿונ׳ם קאָ־מוניזם, געקענט אַרויסגעהן אַזוי ווייט אויסער די גרעניצען פֿון זייער עפּאָכע. זיי זיינען אינטערעסאַנט פֿאַר דער געשיכטע פֿון די קאָמוניסטישע אידעען, נאָר אַליין האָבען זיי קיין היסטאָרישע באַ־דייטונג ניט דערגרייכט.

די אַדאַמיטען זיינען געווען באַזיגט און פֿאַר׳משפּט צו מאַכט־לאָזיגקייט, נאָר זשיזשקאַ, וואָס פֿלעגט זיי פֿאַרפֿאָלגען מיט אַ ספּעציעלען האַס, האָט זיי ניט געקענט אינגאַנצען פֿאַרניכטען. רעשטלאַך פֿון דער סעקטע האָבען זיך נאָך אַלץ געמאַטערט צווישען די טאַבאָריטען. אינ׳ם לעצטען יאָרצענדליג פֿונ׳ם 15־טען יאָר־הונדערט באַווייזען זיי זיך ווידער און פּרובירען זיך פֿאַראייניגען מיט די בעהמישע ברידער, וועגען וועלכע מיר וועלען נאָך ריידען ווייטער.

נאָך דער מפּלה פֿון די אַדאַמיטען זיינען שוין מער ניט גע־מאַכט געוואָרען קיין פֿאַרזוכען איינצופֿירען דעם שטרענגען קאָ־מוניזם. די מעסיגסטע פֿאָרם זיינע — ריכטיגער געזאָגט, דער

קאָמוניזם מער לויט'ן אויסזעהן, ווי אין דער ווירקליכקייט — האָט זיך נאָך אויפגעהאלטען אין טאבאר אין א משך פון כמעט א גאַנ־צען דור.

אויף וואָס־זשע זיינען פארברויכט געוואָרען די הכנסות פון דער געזעלשאפטליכער קאסע אָדער, בעסער געזאָגט, פון דער געזעלשאפטליכער פראָוויאַנט־קאמער, ווייל די בייטראגען פלע־גען דאָך געמאכט ווערען הויפטזעכליך אין פראָדוקטען?

אין די ערשטע קריסטליכע געמיינדעס פלעגט דער איבער־פלוס, וואָס האָט זיך אָנגעזאמעלט ביי אייניגע, דינען צו פאר־טרייבען די אָרימקייט פון אנדערע. אין טאבאר האָט מען דאָס ניט געדארפט. דאָרטען האָט עקזיסטירט כמעט א פולקאָמענע גלייכהייט אין די לעבענס־באדינגונגען פון אלע מיטגלידער פון דער געמיינדע. דאָס איז גאָר גרינג דערגרייכט געוואָרען, ווייל די „הכנסות" — ניט דערמאָנענדיג שוין די הכנסות פון די קירכליכע פארמעגענס, נאָר אויך פון די פארמעגענס פון די שונאים־פריצים און פון די שטעט — זיינען געוועזן פולשטענדיג גענוג דארויף, אז יעדער איינער זאָל זיך קאָנען פארשאפען א גאנץ נישקשה'דיגע ווירטשאפט*).

די טאבאריטען האָבען זיך ניט געדארפט אויסברענגען כדי אויפצוהאלטען אָרימע־לייט; נאָר זיי האָבען זיך געדארפט זאָרגען פאר זייערע גלחים. קיין אריסטאָקראטיע פון גלחים, וואָס זאָל באזיצען פארמעגען איז אין טאבאר ניט געוועזן. יעדער בירגער האָט געקענט ווערען א גלח: די געמיינדע פלעגט זיי אויסקלייבען, און זיי פלעגען זיך אויסקלייבען בישאָפען; עקאָנאָמיש זיינען זיי געוועזן אָפּהענגיג פון דער געמיינדע, וואָס האָט זיי אויפגעהאלטען. די פונקציעס זייערע, פונקט ווי בכלל די פונק־ציעס פונ'ם גאנצען מיטעל־אלטערליכען קלערוס, זיינען ענליך

*) אפילו מכח דער אַריסטאָקראטישער שטאָט פראג זיינען אויך פאַראַן ידיעות, אַז די פאָלקס־פאַרזאַמלונג האָט קאָנפיסקירט די הייזער, וויינגערטנער און דאָס איבריגע פאַרמעגען פון די געגנער צו דער גוטער זאַך און אַלץ אָפּגעגעבען צו אירע אָנהענגער. דער „ווירדיגער ראָט", פאַרשטעהט זיך, האָט דאָס אָפּט אָפּגענומען צוריק. (פאלאצקי א. צ. III, 3, ז. 281).

געווען צו די פונקציעס פון די היינטיגע רעגירונגס־ און געמיינדע־אנגעשטעלטע און לערער; זיי זיינען געווען די ריכטער, האבען ערפילט די פליכטען פון געמיינדע־אנגעשטעלטע, האבען זיך באַשעפטיגט מיט די פארבינדונגען פון די געמיינדען צווישען זיך, ווי אויך מיט די פארבינדונגען מיט דער אויסערליכער וועלט. איינע פון זייערע וויכטיגסטע פליכטען איז געווען צו בילדען די קינדער, ווייל די טאבאריטען האבען צוגעגעבען א זעהר גרויסע באדייטונג א גוטער אלגעמיינער פאלקס־בילדונג. אט די שטרע־בונג פלעגט זיך ביי זיי ספעציעל ווארפען אין די אויגען, ווייל אין יענער צייט האט זי נאך ניט עקזיסטירט ביי קיין איין פאלק. צו זיי וואלט מען נאר געקענט פארגלייכען, אפשר, „די ברידער פון געמיינשאפטליכען לעבען", אבער די מאנאכען־קאטוילישע טענדענצען פון די לעצטע האט צוגעגעבען צו זייער טעטיגקייט א גאנץ אנדער כאראקטער. פארשטעהט זיך, די בילדונג פון די טאבאריטען דארף מען מעסטען מיט דער מאס פון יענער עפאכע: זי איז הויפטזעכליך געווען א טעאלאגישע.

ענעאס סילוויוס זאגט: „די איטאליענישע גלחים דארפען זיך שעמען; קיין איינער פון זיי האט זיכער אפילו קיין איין מאל ניט איבערגעלייענט דעם נייעם טעסטאמענט. ביי די טאבאריטען אבער קען מען קוים געפינען אפילו א פרוי, וואס זאל ניט זיין גוט באקאנט מיט דעם אלטען און דעם נייעם טעסטאמענטען". אין אן אנדער פלאץ באמערקט ער: „אט דער באטריגערישער מענשליכער מין האט נאר איין גוטע מעלה, — ער האט ליב בילדונג".

אזא זארגפעלטיגקייט וועגען פאלקס־בילדונג ווידערשפרעכט, אויגענשיינליך, די שנאה פון די טאבאריטען צו דער וויסענשאפט. א חוץ די אויבענדערמאנטע פאקטען, פלעגט זיך אט די שנאה אויך אויסדריקען אין דעם, וואס זיי האבען געצוואונגען די גע־לערנטע מענשען, וועלכע זיינען צו זיי צוגעשטאנען, זיך באַ־שעפטיגען מיט האנט־ארבייט. אט דער ווידערשפרוך אבער איז נאר א שיינבארער. די טאבאריטען האבען געהאסט יענע ביל־דונג, וואס איז געווען דאס געצייג פון די עקספלואטאטארס, וואס איז געווארען די פריווילעגיע פון די העכסטע קלאסען און ביים

דאמאָלסטיגען פּראָדוקציאָנס־אופן ניט געקענט הויזען מיט דער אַלגעמיינער גלייכהייט. די פּויערים־ און האַנטווערקער־פּראָדוקציע נעמט אַוועק אַלע כּחות און צייט ביי אירע אַרבייטער, און די לעצטע קאָנען ניט קריגען קיין העכערע בילדונג, ניט אַרויסגעהענדיג פון זייער שטאַנד. די גלייכהייט האָט אָבער געפּאָדערט, אַז דאָס גאַנצע וויסען, וואָס איז נאָר מעגליך, זאָל ווערען אַלגעמיין־צוגענגליך.

דער האַס פון די טאַבאָריטען צו געלערענטקייט האָט געשטאַמט פון דער עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט פון יענער עפּאָכע, און זייער שטרעבונג צו בילדונג איז אַ פּועל יוצא פון דעם קאָמוניזם. דערפאַר איז דאָס גאָר ניט קיין צופעליגער אומשטאַנד, וואָס דער פאָטער פון דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיע, דער באַוואוסטער קאָמעניוס, איז געווען אַ בישאָף פון די „בעהמישע ברידער", די אָנהענגער פון די טאַבאָריטען.

נאָר ביי די טאַבאָריטען איז די קריגס־קונסט געשטאַנען נאָך העכער פון דער שול. אָט די קליינע געמיינדע, וואָס האָט אַזוי מוטיג דערקלערט קריג דער עקזיסטירענדער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, האָט געקענט עקזיסטירען נאָר כּל זמן זי איז ניט באַזיגט געוואָרען אויף דעם אָפענעם פעלד. מיט איר האָט מען ניט געקענט שליסען ניט קיין שלום, ניט קיין וואַפענשטילשטאַנד. די עקזיסטענץ פון די טאַבאָריטען איז געווען אומפאַראייגבאַר מיט די אינטערעסען פון דער הערשענדער מאַיאָריטעט. אינגאַנצען מנצח זיין האָבען זיי אויך ניט געקענט; זיי האָבען געקענט באַזיגען שונאים אָבער ניט זיי גובר זיין פאָלשטענדיג, ווייל אָט די פיינט זיינען פעסט געשטאַנען אויפ'ן באָדען פון די עקזיסטירענדע פּראָדוקציאָנס־באַציהונגען. דער טאַבאָרישער קאָמוניזם איז אָבער געווען קינסטליך אַריינגעפּלאַנצט אין אָט די באַציהונגען; דערפאַר טאַקע האָט ער אין יענער צייט ניט געקענט ווערען קיין אַלגעמיינע סאָציאַלע פאָרם.

דער אייבינער קאַמף איז געווען דער גורל פון די טאַבאָריטען, זייער רום, נאָר אויך די אורזאַך פון זייער אונטערגאַנג.

אויף מלחמה האָט זיך געשטיצט די גאַנצע אָרגאַניזאַציע פון די טאַבאָריטען. זיי האָבען זיך געטיילט אויף צוויי טיילען: אויף

א פעלד (מיליטערישער) געמיינדע און אויף א היימישער. די מיטגלידער פון דער לעצטער פלעגען בלייבען אין דער היים און ארבייטען אי פאר זיך, אי פאר די קריגער, וועלכע האבען זיך באשעפטיגט אויסשליסליך מיט קריגס־קונסט און זיינען שטענדיג געשטאנען גרייט מיט געווער. אין שלאכט־פעלד פלעגען זיי ארויסגעהן צוזאמען מיט די ווייבער און די קינדער, פונקט ווי די אמאליגע גערמאנען, אויף וועלכע זיי זיינען טאקע געווען ענליך מיט זייער ווילדקייט און ברוטאליטעט. די קריגער און ארבייטער פלעגען, ווארשיינליך, זיך בייטען מיט די ראלעס, די וואס זיינען צוריקגעקומען פון מלחמה פלעגען זיך נעמען צו דער ארבייט, און די ארבייטענדע פלעגען געהן אויף זייער פלאץ. מיר זאגען — ווארשיינליך, ווייל אין דעם, פונקט ווי אין אייניגע אנדערע פראגען בנוגע די טאבאריטען, קומט אויס, צום באדויערען, זיך פארלאזען נאר אויף סברות. ווי גוט מיר זיינען אינפארמירט וועגען די מיליטערישע העלדענטאטען פון די טאבא־ריטען, אזוי זיינען ביי אונז פארבליבען ווינציג ידיעות וועגען די אינערליכע מנהגים פון זייער געמיינדע.

דער געבוי פון אט דער מיליטערישער געמיינדע האט גע־קראגען אין דער מיליטערישער געשיכטע אן אומגעהייער וויכטיגע באדייטונג. געוועהנליך שרייבט מען צו די אנטשטעהונג פון דעם שטענדיגען רעגולארען מיליטער אין מיטעל־אלטער צו דער צייט פון קארל דעם זיבעטען פון פראנקרייך, וועלכער האט אין מיטען פונ׳ם 15־טען יארהונדערט געשאפען א שטענדיגע מיליטערישע קראפט פון פופצען גערונגענע פאלקען. באמת אבער זיינען די טאבאריטען געווען דאס ערשטע שטענדיגע חיל, וואס האט געהאט דעם יתרון נעגען דעם פראנצויזישען, ווייל עס האט זיך געשטיצט אויף דער אלגעמיינער מיליטער־פליכט, און ניט אויף דער רעק־רוטירונג פון גערונגענע (וועלכע זיינען אין פראנקרייך דערצו געווען אם־מערסטען אויסלענדער, שווייצער און דייטשען).

פון אט אזא געבוי האט געשטאמט דער מיליטערישער יתרון פון די טאבאריטען איבער זייערע געגנער.

קיין דיסציפלין און קיין מאנעווורען־קונסט האט דאס מיליטער פון יענער צייט לחלוטין ניט געהאט; און ווי קומען טאקע אזעל־

בע מעלות צו דעם אומגעצוימטען המון פון וואססאלען און נע־
דונגענע סאָלדאטען, וועלכע זיינען היינט זיך צוזאמענגעקומען
און מאָרגען, צוליב אַן אָפּהאַלט אין די שכירות אָדער עפּעס צו־
ליב אַן אנדער סבה, וואָס האָט ארויסגערופען זייער אומצופרידענ־
הייט, זיך ווידער צולאָפען.

זינט דעם אונטערגאנג פון דער אַלטער רוימישער אימפעריע
איז דאָס טאבאָריטישע חיל געווען דאָס ערשטע, וואָס האָט צו־
זאמענגעשטעלט איין גאנצען אָרגאַניזם, און ניט קיין אָרדנונגס־
לאָזע מאסע, וואָס ווארפט זיך אויפ׳ן שונא. עס איז געווען צו־
טיילט אויף טיילען מיט פארשיידענע באוואפענונגען, וואָס האָ־
בען בעת דער שלאַכט דורכגעמאכט קונציגע מאַנעווורען, באווע־
גונגען און ווענדונגען; אָט די טיילען זיינען פּלאַנמעס׳ג גע־
קומען פון איין צענטער און אין זייערע באוועגונגען האָבען זיי
זיך שטענדיג גערעכענט איינער מיט׳ן צווייטען. די טאבאָריטען
זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבען מיט ערפאָלג אָנגעפאַנגען
זיך צו באַנוצען אין די שלאַכטען מיט דער ארטילעריע, און ענד־
ליך זיינען זיי געווען די ערשטע, וואָס האָבען אַנטוויקעלט די מאַר־
שרוטען־קונסט, און זייערע שנעלע צוגען האָבען זיי ניט איינמאָל
געבראַכט אַ נצחון איבער זייערע קוים באוועגליכע שונאים.

אין אָט די אַלע הינזיכטען זיינען זיי געווען די שעפער פון
אַ נייער מיליטערישער קונסט וואָס איז געווען פארשיידען פון דער
מיטעל־אַלטערליכער.

מען קאָן כמעט זאָגען, אַז אין דער מיליטער־קונסט, ווי אין
יעדער אנדער זאַך, קומט יעדער גרויסער ערפאָלג אַלס רעזולטאט
פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, און אַז די גרעסטע מיליטערישע
פירער פון די לעצטע פינף הונדערט יאָר זיינען געווען יענע, וועלכע
האָבען געקענט באהערשען אָט דעם ערפאָלג און אָם־בעסטען זיך
מיט אים באַנוצען, אַזעלכע זיינען געווען זשיזשקא, קראָמוועל און
נאַפּאָלעאָן.

די מיליטערישע פעהיגקייטען פון די טאבאָריטען פלעגען נאָך
פארשטאַרקט ווערען דורך זייער ענטוזיאַזם און פירכטלאָזיגקייט:
פאַר זיי האָט קיין קאָמפּראָמיס ניט עקזיסטירט, פון קיין אָפּשטעל
אויפ׳ן דערוועהלטען וועג האָבען זיי ניט געוואוסט. פאַר זיי איז

קיין אנדער אויסוועג נים געווען, ווי זיגען אָדער שטאַרבען. זיי זיינען געוואָרען די שרעקליכסטע קריגסלייט אין אייראָפּא; מיט זייער מיליטערישען טעראָר האָבען זיי מציל געווען די הוסיטישע רעוואָלוציע, פּונקט ווי שפּעטער, אינ׳ם יאָר 1793 האָבען די סאַנ־קיולאָטען מציל געווען מיט זייער טעראָר די בורזשואַזע רעוואָלו־ציע פונ׳ם יאָר 1789.

## 6. דער אונטערגאַנג פון טאַבאָר.

נאָך דעם טויט פון וועגצעל׳ן האָבען די קאַליקסטינער*) — דער הוסיטישער אַדעל און די איינוואוינער פון פּראַג — אָנגע־פאַנגען צו פאַרהאַנדלען מיט סיגיזמונדען. עפּעס איז זיי געוואָרען אומהיימליך ביים געדאַנק, אַז זיי זיינען אַרויס אין קריג געגען קעניג, פּויפּסט און באמת נעגען גאַנץ אייראָפּא. און זיי האָבען זיך אַלץ מער אָנגעפאַנגען נייגען צו אַ קאָמפּראָמיס, ווייל די טאַבאָריטישע באַוועגונג האָט זיך צואוואַקסען אויף אַ דראָהענדען מאַסשטאַב. וואָלט דאָ נאָר געגאַנגען אום דעם כוס פאַר דעם פּראָסטען פאָלק, וואָלט מען זיך לייכט געקענט געווען פאַרגליי־כען, נאָר דאָ איז דאָך געגאַנגען וועגען אַ גרעסערער זאַך, וועגען דעם קירכליכען פאַרמעגען, דערפאַר האָבען זיי זיך נים געקענט צוזאַמענקומען. די קירך און איר דינער סיגיזמונד זיינען אַזוי ווינציג געווען געניינט צו אַ שלום, פּונקט ווי די טאַבאָריטען. עס איז געקומען ביז אַ קאַמף אויף לעבען און טויט, אין וועלכען די קאַליקסטינער, וואָס האָבען צוכאַפּט דאָס קירכליכע פאַרמעגען, זיינען געצוואונגען געווען, נים ווילענדיג, זיך שלאָגען זייט ביי זייט מיט די טאַבאָריטען.

דאָ איז נים דאָס פּלאַץ צו באַשרייבען די געשיכטע פון דער הוסיטישער מלחמה. מיר קענען נים געגוי דערצעהלען, ווען נאָכדעם, ווי דער פּויפּסט מאַרטין דער פינפטער האָט, אין דער בוללע "Omniūm plasmatoris domini" פונ׳ם 1טען מערץ, 1420 גערופען אַלע קריסטען צו אַ קרייץ־צוג געגען די הוסיטען,

*) ד. ה. די „אָנהענגער פונ׳ם כוס".

כדי אויסצוראטען די אפיקורסות, האָבען זיך איינע נאָך דער אנדערער אָנגעפאנגען צו אָרגאניזירען ארמייען, וואָס האָבען גע־לעכצט נאָך רויב; ווי ביי יעדען פון די פינף קרייץ־צוגען אינ'ם משך פון די יאָרען 1420—1431 זיינען די חילות פון די קרייץ־טרעגער ברוטאַל צוקלאַפּט געוואָרען; ווי דער רום פון דער אומ־באַזיגבאַרקייט פון די טאַבאָריטישע חילות האָט זיך פארשפּרייט אַלץ ווייטער און ווייטער, אז סוף כל סוף, למשל ביים פערטען צוג נעבען מיעססא, אינ'ם יאָר 1427 און ביים פינפטען נעבען טאוסא אינ'ם יאָר 1431, איז אַ גאַנץ גרויס חיל אָנגעשטעקט גע־וואָרען מיט אַ פּאַנישען שרעק, און נאָר ביי דער ידיעה וועגען דער נאָהענטקייט פון די הוססיטען איז דאָס זיך שוין צולאָפען און אפילו דעם פיינט ניט אָנגעזעהן. מיר קאָנען אויך ניט אויספאָר־שען די צוזאמענשטויסען צווישען די קאַליקסטינער און די טאַבאָ־ריטען, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין דער צווישען־צייט צווישען פון די מלחמות פון די הוססיטען מיט די קרייץ־טרעגער.

נאָך דעם גרויסען זיג נעבען טאוס איז, אויגענשיינליך, שוין מער ניט געווען קיין שונא, פעהיג צו קעמפען געגען די טאַבאָרי־טען; קיין אויסערליכער חיל וואָלט ניט געוואָגט צו געהן געגען זיי; אינוועניג איז די קראַפט פון זייערע געגנער, פון דעם אדעל און פון איינינע שטעט, אַלץ מער און מער פאַרקלענערט געוואָרען. דער אומאויפהערליכער טאַבאָריטישער טערראָר האָט זיי גע־דראָהעט מיט אַ פולשטענדיגער אויסראָטונג.

נאָר דערביי האָט זיך ארויסגעציינט, ס'אַרא קליינע באַדייַ־טונג עס האָבען מיליטערישע נצחונות, ווען די שטרעבונגען פון די זיגער שטעהען אין אַ געגענזאַץ צו דער ריכטונג פון דער עקאָ־נאָמישער אַנטוויקלונג. כדי אינגאַנצען אויסצוראָטען די טאַבאָ־ריטען, וואָלט גענוג געווען איין באַדייטענדע מפּלה זייערע אויף דעם שלאַכטפעלד. נאָר אויך זייערע נצחונות האָבען אַנטוויקעלט אַזעלכע עלעמענטען, וועלכע האָבען געבראַכט דעם חורבן; הינ־טער זייער העכסטען טריאומף איז אוממיטעלבאַר נאָכגעגאַנגען דער אונטערגאַנג.

וואָס זיגרייכער די טאַבאָריטען זיינען געוואָרען, אַלץ אומער־טרעגליכער, פאַרשטעהט זיך, איז געוואָרען די לאַגע פון זייערע

נעגנער אין בעהמען (פון די קאליקסטינער) — ניט ריידענדיג שוין וועגען די קאטאליקען. דער אדעל, אויף דער מדרגה פון פול־שטענדיגער מאכטלאזיגקייט וואלט שוין פון לאנג געוועזן געשלא־סען א פרידען מיט דער קירך, ווען ער וואלט אליין נאך דער בא־רויבונג פונ׳ם קירכליכען פארמעגען, ניט מורא געהאט פאר איר גיהיריגקייט און נקמה. נאך דעם זיג נעבען טאוסא האט ער אנ־געפאנגען ארויסציינען א ספעציעלע מילדקייט.

דערוויל זיינען אי דער קעניג, אי דער פויפסט, צוזאמען מיט זייערע אנהענגער צווישען די גייסטליכע און וועלטליכע פירש־טען איינגאנצען אפגעשוואכט געווארען דורך די נצחונות פון די הוסיטען. די אינטריגעס צווישען זיי און די קאליקסטינער הא־בען קיינמאל אינגאנצען ניט אויפגעהערט, און נאך דעם זיג נעבען טאוסא זיינען זיי נאך געווארען ענערגישער, ווי פריער, און ווען די פויפסטליכע קירך האט, דורך די שלוחים פון דער באזעלער אסיפה, איינגעשטימט ניט צו רעכענען פאר קיין חלול הקודש דעם באזיץ פון קירכליכע פארמעגענס, זיינען זיי ענדליך געקומען צו א פארגלייכונג (1433). אנשטאט צו נעמען, האט די קירכע נאך געגעבען די טשעכען: זי האט אויסגעריכטעט קיין בעהמען אירע אגענטען מיט גרויסע סומען געלט, כדי צו העלפען אירע נייע אונ־טערשטיצער אנצוזאמלען קרעפטען געגען די טאבאריטען. דער אדעל, „וואס איז שוין אין א משך פון עטליכע יאר אינגאנצען ניט געווען אויף דער בינע״ (פאלאצקי) האט איצטער, מיט דעם קעניג און ספעציעל מיט דער קירך און איר רייכטום הינטער זיך, אנגעפאנגען צו קריגען מוט, פארזאמלען זיך אויף קאנגרעסען און זיך ארגאניזירען, כדי ווידער אריינקריגען זיין פארלוירענע מאכט מיט דער הילף פון די פראגער איינוואוינער און די קירכליכע (הגם פון א וועלטליכער אפשטאמונג) מיטלען פונ׳ם קאטאליציזם.

די לאגע ווערט זעהר גוט באשריבען דורך ענעאס סילוויוס אין זיין געשיכטע פון די טשעכען; מען דארף נאר באמערקען, אז די ראלע, וועלכע ער שרייבט צו פראקאפען, דעם גרעסטען פירער פון די טאבאריטען נאך זשיזשקא׳ס טויט, איז ניט אמת. פראקאפ האט גאר ניט געהאט קיין אומבאגרעניצטע מאכט, וועלכע עס שרייבט איהם צו ענעאס סילוויוס. ריכטיגער וואלט געווען אומער־

טום ווייטער, וואו עס ווערט גערעדט וועגן דעם טעראָר פון פּראַ־
קאָפּען, אינזינגען האָבען דערביי דעם טעראָר פון די טאַבאָריטען
בכלל. ענעאס דערצעהלט: „די בעהמישע באַראָנען פּלעגען זיך
אָפּט צוזאַמענקומען, אָנערקענען זייער טעות און זייער צרה, וועל־
כע איז געלעגען דערין, וואָס זיי האָבען פאַרשטויסען זייער קעניג
און זיינען איצטער געצוואונגען צו טראָגען דעם שווערען יאָך פון
פּראָקאָפּ'ן. צווישען זיך פּלעגען זיי שמועסען, אַז פּראָקאָפּ איז
אַן אמת'ער הערשער, ער דרעהט דאָס לאַנד וואוהין ער
וויל, קלייבט צוזאַמען צינזען, וואַרפט ארויף אָפּצאָלונגען און
שטייערען; צווינגט דאָס פאָלק מלחמה האַלטען, פירט דאָס חיל,
וואוהין ער וויל, רויבט און הרג'עט, דולדעט ניט די מינדסטע ווי־
דערשפּרעכונגען צו זיינע באַפעהלען און באַגעהט זיך מיט מענ־
שען, בכבוד'דיגע און איינפאַכע, ווי מיט זיינע קנעכט. זיי פּלע־
גען אויך שמועסען, אַז אין דער גאַנצער וועלט איז ניטאָ קיין מער
אומגליקליך פאָלק פון די טשעכען, וועלכע האַלטען מלחמה אומ־
אויפהערליך, ווינטער און זומער מוזען זיי וואוינען אין געצעלטען,
שלאָפען אויף דער הוילער ערד, צו יעדער צייט זיין גרייט צום
שלאַכט; דערווייל אָבער, צוליב די מלחמות, אינערליכע און אויו־
סערליכע, זיינען זיי ערשעפּט און פונדעסטוועגען מוזען זיי אָדער
זיך שלאָגען, אָדער מיט שרעק וואַרטען אויף אַ מלחמה. דערצו
פּלעגען זיי צולעגען, אַז עס איז שוין געקומען די צייט אראָפּצו־
וואַרפען דעם יאָך פון דעם ברוטאַלען טיראַן; — איז דאָס מעגליך
אַז זיי, וואָס האָבען באַזיגט אַנדערע פעלקער, זאָל איין מענש, —
פּראָקאָפּ, — אייביג צווינגען זיך צו דינען. זיי האָבען באַשלאָ־
סען צוזאַמענצורופען אַלע הערען, ריטער און פאָרשטעהער פון
שטעט צו אַן אַלגעמיינעם לאַנדטאָג, וואו מען דאַרף באַטראַכטען
אַ פּלאַן פון צילמעסיגער פאַרוואַלטונג פאַר דער גאַנצער קעניגרייך.
ווען זיי האָבען זיך פאַרזאַמעלט צו דעם לאַנדטאָג, האָט הער מיינ־
הארט פאַר זיי אָפּגעמאָלט, ווי גליקליך עס איז די קעניגרייך, אין
וועלכער דאָס פאָלק ג י ט ז י ך נ י ט א י ב ע ר צ ו ק י י ן
פ ו י ל ק י י ט און שוואַכט זיך ניט אָפּ מיט קיין מלחמות; ווי־
טער האָט ער אָנגעוויזען, אַז די טשעכען האָבען ביז איצטער ניט
נעהאַט קיין מינוט רוה, און די קעניגרייך זייערע, וואָס ווערט

פּאַרוויסט דורך דער אומאויפהערליכער מלחמה, וועט אין גיכען חרוב ווערען ביז׳ן סוף, אויב מען וועט אין צייט ווענען איר ניט זאָרגען; ער האָט ווייטער געזאָגט, אַז די פעלדער בלייבען אומ־באַארבייט, בעת אין אייניגע ערטער גיהט מען אויס פאַר הונגער, מענשען ווי פיה, א. אַז. וו., א. אַז. וו.; אַ הילף צו אַט די אַלע צרות, קען, פאַרשטעהט זיך, ברענגען נאָר דער אדעל, ווען ער וועט ווידער אריינגעמען די מאַכט*) אין זיינע הענט. בעת די פאַרשיידענע שונאים פון די טאַבאָריטען האָבען פאַרגעסען די געגענזאַצען פון זייערע אינטערעסען אונטער דער ווירקונג פון זייערע אַלגעמיינער שנאה צו דער טאַבאָריטישער באַוועגונג, און האָבען זיך אָרגאַני־זירט אין אַ „רעאַקציאָנערער מאַסע" אין אַ קאָאַליציע געגען די טאַבאָריטען, — אין דער זעלביגער צייט זיינען אין דער טאַבאָרי־טישער פּאַרטיי פאָרגעקומען ענדערונגען, וואָס זיינען פאַר איר געוועזען אַ גרעסערע סכנה, ווי די אינטריגעס און קאָנספּיראַציעס פון זייערע שונאים.

די קאָמוניסטען אין טאַבאָר זיינען מער ניט געוועזען, ווי אַ טייל פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, וואָס ווערט גערופען די טאַ־באָריטישע; זיי זיינען נאָר געוועזען איר מער ענערגישער, איר אומ־קאָמפּראָמיסליכער באַשטאַנד־טייל, אין אַלע הינזיכטען זיינען זיי געוועזען די מוטיגסטע. נאָר די מאַסע, וואָס האָט געהערט צו דער פּאַרטיי און וואָס איז באַשטאַנען פון קליין־בירגער און פּויערים האָט זיך באַצויגען פאָלשטענדיג אינדיפערענט צום דעם קאָמוניס־טישען פּראָגראַם; וואָס לענגער די מלחמה האָט זיך געצויגען, אַלץ מער האָבען פון איר געליטען אָט די עלעמענטען. הגם די טשעכען זיינען פון סאַמע אָנפאַנג געבליבען די זיגער, נאָר דע־מאָלט זיינען זיי נאָך געוועזען צו שוואַך צו האַלטען דעם שונא ווייט פון זייער לאַנד. זיי פלעגען זיגען פאַרטיידיגענדיג זיך. ערשט באַדייטענד שפּעטער (אין׳ם יאָר 1427) האָבען זיי זיך אַרויסגעצייגט נענוג שטאַרק, כדי צו מאַכען אין פרעמדע לענדער חורבנות, אויף דעם דאַמאָלסטיגען אופן פון קריגס־פירונג, וואָס איז הויפּטזעכליך באַשטאַנען אין רויבערייען און אין פאַרוויסטונ־

*) לויט פּאַלאַצקי׳ן א. צ. III, 3, ז. 134 און די ווייטערע.

גען — אומגעפּער אויף דעם זעלבינען שטייגער, ווי אין דער היינטיגער צייט ביים פאַרשפּרייטען פון דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע אין אפריקאַ. נאָר אויך די אָפענסיווע מלחמה האָט באַין אופן ניט געקענט באַשיצען די טשעכען פון רויבערייען מצד די שונאים־שכנים. דערביי האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט די אינערליכע בירגער־מלחמות, און בעהמען איז פון יאָר צו יאָר אַלץ מער און מער ערשעפּט געוואָרען. געליטען האָט ניט נאָר דער האַנדעל, נאָר אויך דער האַנט־ווערק און די דאָרפס־ווירטשאַפט. ניט נאָר דער אדעל און די רייכע פּראַגער בירגער, — די קליין־בירגער און די פּויערים זיינען אויך אומעטום אַלץ מער און מער רואינירט געוואָרען. א טיפע מידקייט פון דער מלחמה און א דורשט נאָך שלום האָבען ארומגעכאַפּט אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט, און וואָס באַשטימטער די קאָמפּראָמיסלאָזע טאַבאָריטען זיינען ערשינען אַלס איינציגע הינדערניש צו שלום, אַלץ שנעלער איז זייער פּאַרטיי פאַרקלענערט געוואָרען אין לאַנד, אַלץ מער האָט זיך די שטימונג פון פאָלק געווענדעט געגען זיי, אָבער אַלץ ברוטאַלערע מיטלען האָט דאָס קליינע הייפעלע טאַבאָריטען אָנגעווענדט, כדי אונטערצוהאַלטען זייער מאַכט אין לאַנד. דער געגענזאַץ צווישען זיי און דער מאַסע פון דער באַפעלקערונג האָט זיך אַלץ מער פאַרשאַרפט. וואו דער אדעל האָט זיך אויפגעהויבען געגען די טאַבאָריטען, דאָרטען האָט ער אין די מערסטע פאַלען געקראָגען די שטיצע פון דער באַפעלקערונג.

די טאַבאָריטען גופא זיינען שוין אויך ניט געווען וואָס אמאָל.

דער גורל פון טאַבאָר איז פאַר אונז גוואַלדיג אינטערעסאַנט; ער צייגט, וואָס עס וואָלט געווען דער גורל פון דער מינצער־באַוועגונג און מילהויזען און פון דער אַנאַבאַפּטיסטישער אין מינסטער, ווען זיי זאָלען ניט געווען באַזיגט געוואָרען אין דער מלחמה.

דער קאָמוניזם פון טאַבאָר האָט זיך געשטיצט אויף די באַדערפענישען פון די אָרימע, אָבער לחלוטין ניט אויף די פאָדערונגען פון דעם פּראָדוקציאָנס־אופן. די מאָדערנע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע שטיצט איר איבערצייגונג דאַרויף, וואָס אי די באַדער־

פּנישען פון דער פּראָדוקציע, אי די באַדערפענישען פון דעם פּראָלעטאַריאַט פּאַלען צוזאַמען. אַנדערש איז דאָס אָבער געווען אינ'ם 15טען יאָרהונדערט: די באַדערפענישען פון די אָרימע האָבען ארויסגעוויזען אַ שטרעבונג צו קאָמוניזם אָבער די פּראָדוקציאָנס־באַדינגונגען האָבען געפאָדערט פּריוואַט אייגענטום. אויף אַזאַ אופן האָט דער קאָמוניזם דעמאָלט ניט געקענט ווערען קיין אַלגעמיינע פאָרם, און צווישען די אָרימע איז די באַדערפעניש אין קאָמוניזם פאַרלאָרען געגאַנגען, ווי נאָר זיי האָבען זיך צו אים דערשלאָגען, אַנדערש געזאָגט, ווי נאָר זיי האָבען אויפגעהערט צו זיין אָרימע־לייט. צוזאַמען מיט דער באַדערפעניש אין קאָמוניזם, האָט ער אליין פריער אָדער שפּעטער געמוזט פאַרשווינדען, ספּעציעל ווען עס איז אויסגעקומען זיך אָפּצוזאָגען פונ'ם איינציגען מיטעל, וואָס וואָלט אויף אַ קורצער צייט מעגליך געמאַכט אָט דעם מין קאָמוניזם לכל הפּחות פאַר קליינע געמיינדען, — נעמליך די פאַרניכטונג פון דער פאַמיליע, פון מאָנאָגאַמיע. די טאַבאָריטען, ווי מיר האָבען געזעהן, האָבען זיך דערפון אָפּגעזאָגט; זיי האָבען כמעט גענצליך אויסגעראָטען די אַדאַמיטען און דערמיט האָבען זיי געפּענט אַ וועג אין זייער געזעלשאַפט פאַר פּריוואַט אייגענטום. און דאָס לעצטע צוזאַמען מיט'ן אָרט דענקען, וואָס איז דערצו אַזוי אייגענטימליך, — מיט דער קנאה און גיריגקייט, האָט אַלץ שנעלער ארויסגעשטויסען דעם קאָמוניזם און זיינע ברידערליכע באַציהונגען, וואָס שנעלער עס איז געוואַקסען דער וואוילזיין, אפילו דאָס רייכטום פון די טאַבאָריטען, — די פּרוכט פון זייערע אומאויפהערליכע רויבערייען. די גלייכהייט פון לעבענס־מיטלען האָט אָנגעפאַנגען צו פאַרשווינדען, אין טאַבאָר האָט מען שוין געקענט זעהן אָרימע און רייכע און די לעצטע זיינען געוואָרען אַלץ וועניגער גענויגט אָפּגעבען צו די ערשטע זייער איבערפלוס.

אָט דער פּראָצעס איז פאַרשנעלערט געוואָרען אונטער דער ווירקונג פון זייטיגע עלעמענטען; אַ מענש, וואָס איז אַזוי שטאַרק איבערגעגעבען צו זיין אידעע, אַז ער איז גרייט פאַר איר מקריב זיין זיין לעבען און עקזיסטענץ, וועט איר ניט אַזוי גרינג פאַרראַטען אפילו דעמאָלט, ווען עס קומען אומשטענדען, וואָס זיינען ניט אַזוי גינסטיג פאַר איר ערפאָלג. די אַלטע טאַבאָריטען האָבען,

ווארשיינליך, שטארק געהאלטען פון זייער גלויבען, פאר וועלכען זיי האָבען איבערגעטראָגען אזוי פיל פארפאָלגונגען.

נאָר די פיל יאָרען פון דער מלחמה, און די אלע שוועריגקייטען, וואָס זיינען הויפּטזעכליך געפאַלען אויף די טאַבאַריטען, האָבען געמאַכט אין זייערע רייען גוואַלטיגע פאַרוויסטונגען. אין מיליטערישען הינזיכט איז דאָס ניט געווען מערקבאַר, ווייל דער שאָדען איז שנעל פארפולט געוואָרען. טאַבאָר איז געוואָרען די מעקקא פאר אלע פאַנאַטיקער פון׳ם קאָמוניזם; דאָרטען זיינען געוועזן פאָרשטעהער פון די וויטסטע נאַציעס, למשל פון די ענגלענדער. די אויפנאַמע פון נייע מיטגלידער איז, ווי עס ווייזט אוים, פאָרגעקומען אָהן ספּעציעלע שוועריגקייטען. ענעאַס סילוויוס, וועלכער האָט באַזוכט טאַבאָר, וואונדערט זיך אויף דער גרויסער צאָל פון די פארשיידענע סעקטען, וואָס האָבען זיך דאָרטען פרידליך איינגעלעבט. „ניט אלע האַלטען זיך ביי איין גלויבען, — דערצעהלט ער. — אין טאַבאָר קאָן יעדער גלויבען, ווי אים געפעלט. דאָרטען זיינען צווישען אַנדערע פאראַן ניקאָלאַאיטען, אריאַנער, מאַניכעער, ארמעניער, נעסטאריאַנער, בערענגאַרער און די ליאָנער בעטלער, נאָר ספּעציעל ווערען דאָרט געאַכטעט די וואַלדענזער, די הויפּט־שונאים פון דעם רוימישען טראָן.“

פאַרדעכטיגער איז געווען אַן אַנדער צואוואוקס פון דער באַפעלקערונג, וואָס איז פאָרגעקומען אין טאַבאָר. די מיליטערישע ערפאָלגען פון די טאַבאָריטען האָבען צוגעצויגען אַ סך פאַרשיידענע מענשען, וואָס האָבען אין דער לינקער פאה ניט אין זינען געהאַט די טאַבאָריטישע אידעאַלען, וואָס האָבען געשטרעבט נאָר צו רום און נאָך מער צו רויב. „עס איז געוואָרען אַ מאַנגעל, — זאָגט פּאַלאַצקי, — און וואָס ווייטער, אַלץ אַ גרעסערער — אין אייגענע קרעפטען כאר דער מלחמה; די פויערים און האַנטווערקער פון די קליינע שטעט פלעגען זיך אָפּט באַהאַלטען, ווי נאָר זיי האָבען דערהערט אַ רוף צו וואָפען; מיט גוואַלד פלעגט מען זיי טרייבען אין מיליטער, זיי פלעגען אָבער בגנבה אַנטלויפען. דערפאַר זיינען די בעהמישע ארמעען שטענדיג פארפולט געוואָרען מיט וואָלונטירען פון פרעמדע לענדער. אין דעם בעהמישען לאַגער האָבען זיך שוין, אין אַ משך פון עטליכע יאָר, צוזאַ־

מענגיקליבען ניט נאָר פּאָליאַקען און רוסינען, נאָר אויך דייטשען, פון וועלכע פיל האָבען גאָר ניט געקוקט אויף זייער גלויבען און פאָטערלאַנד און זיך געלאָזט אהין, וואו עס האָט צו זיי געשמייכעלט דאָס מלחמה־גליק. ספּעציעל אין אָט דער צייט (אינ'ם יאָר 1430) זיינען די חילות פון די טאַבאָריטען און יתומים באַשטאַנען אין אַ באַדייטענדער מאָס פון אַזעלכע „שווינדלער" און פון „דעם אָפּפאַל פון אַלע נאַציאָנאַליטעטען". דערביי, פאַרשטעהט זיך, האָט דאָס חיל אַליין מער אָנגעוואוירען יענעם כאַראַקטער, וואָס איז, לויט זשיזשקאַ'ם מיינונג, ספּעציעל געווען וויכטיג; ער האָט פאַרלאַנגט, אַז אַלע זיינע קריגס־לייט זאָלען זיין באמת פּולשטענדיג און אויפריכטיג „גאָט'ם קריגס־לייט", און אַז זיי זאָלען גלויבען אין זייער זאַך אָהן ספקות און וואַקלענישען. *)

אין זין פון מיליטערישען מוט וואָלטען דערפון די חילות פון די טאַבאָריטען קוים באַדייטענד געליטען, הגם די עלעמענטען פון באַגייסטערונג און זעלבסטאויפאָפּפערונג, די פרייוויליגע דיסציפּלין, האָבען צוביסלאַך געמוזט פאַרשווינדען. נאָר דערפאַר האָבען זיי אַ סך געמוזט פאַרלירען אינ'ם זין פון איבערגעבענהייט. צוליב די זעלביגע נוצען, וואָס עס באַקומען אַלע געדונגענע סאָלדאַטען, זיינען צו די טאַבאָריטען אין דינסט אָנגעקומען באַנקראָטירטע פּריצים; די ערד־באַזיצער האָבען געקענט עקזיסטירען נאָר אַ דאַנק דעם, וואָס זיי זיינען געוואָרען אין אַ געוויסען זין וואַסאַלען פון די טאַבאָריטען, האָבען זיי געצאָלט צינזען, און האָבען געמוזט קעמפען אין זייערע רייען (זעה די אויבען־ציטירטע קלאַגעס פון די בעהמישע באַראָנען אויף דער טיראַניי פון פּראָקאָפּען, וואָס ענעאַס סילוויוס האָט דערמאָנט).

ווי נאָר דער אדעל האָט זיך אויפגעהויבען געגען די טאַבאָריטען און האָט אָנגעפאַנגען צונויפזאַמלען געדונגענע סאָלדאַטען, וועמען ער האָט געקאָנט אָנבאָטען, אַ דאַנק די רייכטימער פון דער

*) א. צ., III, 2, ז. 500.

קאטוילישער קירכע, בעסערע באדינגונגען, האט זיך אין אלע טייד
לען פון דעם טאבאריטישען חיל אנגעפאנגען ארויסציינגען פארראט.

דערפאר איז פארשטענדליך, אז ווען עס האט זיך אנגעפאנ־
גען דער בירגער־קריג און די קאליקסטינער זיינען ארויס געגען די
טאבאריטען אין אן אנטשיידענעם קאמף, האבען די לעצטע, פאר־
לאזען פון די פויערים און פון די שטאטישע איינוואוינער, און
אויך טיילווייז פון די אייגענע חילות, געמוזט צוריקטרעטען פאר די
פיינט; אט די פיינט, פארגעסענדיג זייערע אינערליכע רייסע־
רייען, האבען געשלאסען א מעכטיגען פארבאנד געגען יענעם טייל
פון דער דעמאקראטישער פארטיי, וועלכע איז נאך געבליבען גע־
טריי צו דער קאמוניסטישער, — מער אין דער פאנטאזיע, ווי אין
דער ווירקליכקייט, — ארדנונג, און האבען זיך, אגב, גראד אין
דעם פאל אונטערוואָרפען ניט אזוי דעם אייגענעם געפיל, ווי דער
נויטווענדיגקייט.

ניט ווייט פון דעם בעהמישען בראד, נעבען דארף ליפאן,
איז דעם 30טען מאי 1434 פארגעקומען אן אנטשיידענע שלאכט.
די פריצישע פארטיי האט געהאט אן איבערגעוויכט. זי האט גע־
האט 25 טויזענט סאלדאטען געגען די 18 טויזענט טאבאריטען.
לאנג זיינען די רעזולטאטען פון דער שלאכט געהאנגען אין דער
לופטען ,ענדליך האבען די פריצים געקראגען די אויבער־האנט און
ניט צוליב זייער טאפפערקייט און מיליטערישער קונסט, נאר א
דאנק דעם פאררא‍ט פון דעם טאבאריטישען פירער, איוואן טשא־
פעק, דעם אנפירער פון דער קאוואלעריע, וועלכער איז בעת דער
שלאכט, אנשטאט צו ווארפען זיך אויפ'ן שונא, נאר אנטלאפען
מיט אלע זיינע מענשען. עס האט זיך אנגעפאנגען א שרעקליכע
אויסשלאכטונג; די זיגער האבען קיינעם ניט געשוינט, 13 טויזענט
טאבאריטישע סאלדאטען (פון אכצען טויזענט!) זיינען אויסגע־
שלאכטעט געווארען. נאך אט דער שרעקליכער מפלה איז די טא־
באריטישע מאכט געפאלען אויף שטענדיג.

טאבאר האט אויפגעהערט הערשען איבער בעהמען. די דעמאָ־
קראטיע איז געווען געשטירצט, און דער אדעל צוזאמען מיט די
ווירדיגע איינוואוינער פון פראג האבען זיך ווידער געקענט א נעם
טאן צו דער עקספלואטאציע פונ'ם לאנד. נאך ענדלאזע פאר־

האַנדלונגען צווישען קעניג און זיינע „געטרייע אונטערטאַנען", דערביי האָט יעדער צד, און טאַקע ניט אָהן א גרונד, זיך געשראָ־ קען, אַז דער געגנער טראַכט נאָר, ווי אַזוי אים אָפּצונאַרען, איז סיגיזמונד ענדליך אנערקענט געוואָרען אַלס קעניג (אינ'ם יאָר 1436), נאָכדעם ווי ער האָט איינגעווילליגט אויף אַן אַלגעמיינער אַמניסטיע און האָט ערלויבט יעדען באַזיצער און יעדער געמיינדע צו טאָן מיט די רואינירטע און בארויבטע קירכליכע גיטער, וואָס זייער האַרץ גלוסט.

די קראַפט פון די טאַבאָריטען איז געבראָכען געוואָרען אין דער שלאַכט נעבען ליפּאַן, נאָר ניט פאָלשטענדיג פאַרניכטעט געוואָרען. זיי האָבען נאָך אַ שטיקעל צייט פאָרגעזעצט דעם קאַמף, נאָר אַלץ שוואַכער און ערפאָלגלאָזער; אינ'ם יאָר 1436 זיינען זיי געווען זעהר צופרידען, בעת זיי האָבען זיך דערשלאָגען אַן אָפּמאַך פון סיגיזמונדען, וואָס האָט, לכל הפחות, נים בארירט די זעלבסטשטענדיגקייט פון זייער שטאָט.

אין אַזאַ לאַגע איז די שטאָט טאַבאָר געבליבען ביז'ן אָנפאַנג פון די פופציגער יאָרען. אין דער צייט האָט ענעאַס סילוויוס זי באַזוכט און דערצעהלט וועגען דעם אין אַ בריף צום קאַרדינאַל קאַרוואַיאַל. אָט דער בריף איז איינער פון די זעלטענע, צו אונז דערגאַנגענע, דאָקומענטען פון צושויער וועגען דעם אינערליכען געבוי פון דעם טאַבאָריטישען שטאַט. דאָ ווילען מיר ברענגען נאָר איינינע אינטערעסאַנטע אויסצוגען פון דעם בריף, וועלכע כאַ־ ראַקטעריזירען זעהר גוט דאָס געזעלשאַפטליכע לעבען פון די טאַ־ באָריטען: — די הייזער אין טאַבאָר, — דערצעהלט ענעאַס, — זיינען געבויט פון געהילץ אָדער ליים און זיינען צוזאַמענגעוואָרפען אָהן אָרדנונג; „די מענשען האָבען דאָרטען אַ סך היימישע באַלעבאַ־ טישקייט און זיינען אויסערגעוועהנטליך רייך, ווייל זיי האָבען צו־ זאַמענגעקליבען אין איין אָרט דעם רויב, וואָס זיי האָבען צוגע־ נומען ביי אַ סך פעלקער. אַמאָל האָבען זיי געשטרעבט אין אַלע פאַלען פונ'ם לעבען צו האַנדלען לויט די מנהגים פון דער קירך און האָבען גערעכענט דאָס גאַנצע פאַרמעגען אַלס געמיינשאַפט־ ליכעס: צווישען זיך האָבען זיי זיך גערעכענט אַלס ברידער, און יעדער פלעגט ביי אַנדערע קריגען אַלץ אין וואָס ער האָט געפילט

א מאנגעל. נאָר איצט לעבט יעדער פאַר זיך, און אייניגע הונ־גערען, בעת די אַנדערע לאָזען זיך וואוילגעהן... די טאַבאָריטען האָבען געטריבם פרעמדען פאַרמעגען און דאָס גאַנצע אָנגעטריבטע גוטס האָבען זיי פאַרוואַנדעלט אין געמיינשאַפטליכען פאַרמעגען. זיי האָבען דאָס אָבער ניט געקאָנט אַזוי אָנהאַלטען; די נאַטור האָט מנצח געווען, און אַלע ציִיגען שוין אַרום גירינגקייט. היות איצטער קאָנען זיי שוין ניט רויבען, ווי אַמאָל, דערפאַר ווייל זיי זיינען שוואַך געוואָרען און האָבען מורא פאַר די שכנים, האָבען זיי זיך אַ וואָרף געטאָן צו האַנדעל און באַשעפטיגען זיך מיט דעם נידעריגען האַנט־ווערק. אין דער שטאָט וואוינען פיר טויזענט מענער, וואָס זיינען פּעהיג צו טראָגען געווער, נאָר זיי זיינען אַלע געוואָרען האַנט־ווערקער און באַשעפטיגען זיך אַמ־מייסטען מיט וואָל־וועבעריי, אַזוי אַז זיי רעכענען זיך אומפּעהיג צו מלחמה *).

עס איז כדאי צו באַמערקען, אַז דער גרעסטער טייל פון די טאַבאָריטען זיינען געווען וואָל־וועבער.

ענעאַס סילוויוס האָט באַזוכט טאַבאָר אינ'ם יאָר 1451. ווי ער דערצעהלט, איז די מיליטערישע מאַכט פון טאַבאָר אָפּגע־שטאָרבען, אַקוראַט ווי זיין קאָמוניזם. נאָר אפילו די שטיקלאַך און ברעקלאַך פון איר רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט האָבען זיך אויסגעצייגט געפערליך פאַר די מאַכט־האָבער אין בעהמען. אין אַ יאָר אַרום נאָך ענעאַס סילוויוס'עס באַזוך, איז אין טאַבאָר ערשינען דער שטעלפאַרטרעטער פון בעהמען, געאָרג פּאָדעבראַד, און האָט אָנגעפאַנגען צו פאָדערען, אַז מען זאָל אים אַרויסגעבען אַלע טאַבאָריטישע גלחים. טאַבאָר האָט אין דריי טעג אַרום זיך אונטערגעגעבען און אַרויסגעגעבען זיינע גלחים; די, וואָס האָבען זיך ניט אָפּגעזאָגט פון זייערע „טעות'ן", זיינען פאַרבליבען אין תפיסה ביז'ן טויט. די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער טאַבאָרי־טישער רעפּובליק האָט זיך געענדיגט.

ביים אָנבליק פון אַזאַ טרויעריגען סוף פון דער אַמאָל שטאָל־צער קאָמוניסטישער רעגירונג, פאַר וועלכער עס האָט געציטערט

*) ענעאַס סילוויוס פּיקאָלאָמיני, „אָפּערא אָמניאַ", ז. 662.

האלב איירָאפּא, קען מען נאָר באדויערן, וואָס זי איז ניט אונטערגעגאנגען אין דער צייט פון דער פולער צובליהונג פון איר יונגען קאָמוניזם, אקוראט ווי מינסטער, נאָר איז אומגעקומען שטופענווייז דורך דער קלאָגליכער בורזשואזער שוואַכקייט.

מיט׳ן אונטערגאנג פון טאבאָר איז פארשוואונדען דער לעצטער מקלט פון דער דעמאָקראטיע אין בעהמען.

דער גורל פון די טאבאָריטען, וואָס איז אין פיל הינזיכטען ענליך צום גורל פון די יאקאָבינער, איז אויך ענליך צו אים דערמיט, וואָס אי די, אי די אנדערע האָבען מציל געווען די רעוואָלוציע מיט זייער גרעניצלאָזער העלדישקייט, נאָר מציל געווען האָבען זיי זי ניט פאר זיך, נאָר פאר די גרויסע עקספּלואטאטאָרם פון דער רעוואָלוציע; אין פראנקרייך פאר די גרויסע קאפּיטאליסטען און ריטער פון דער אינדוסטריע, אין בעהמען פאר דעם גרויסען אדעל, וואָס האָט באקומען כמעט אַן אומבאגרעניצטע פּאָליטישע און געזעלשאפטליכע מאכט. דער קליין־אדעל האָט גאָר ניט באקומען פון די הוססיטישע מלחמות, וועלכע האָבען ניט נאָר אים ניט אָיינגעהיט פון אונטערגאנג, נאָר האָבען אים, זיין אונטערגאנג, נאָך פארשנעלערט. די גרויסע פּריצים, וואָס האָבען געקראָגען דעם גרעסטען טייל פון דעם קירכליכען פארמעגען, זיינען אויך רייך געוואָרען אויפ׳ן חשבון פון די קליינע פּריצים, וועמעס גיטער זיי האָבען אויפגעקויפט.

נאָר פאר אלעמען האָבען פון דער לעצטער מלחמה געליטען די פּויערים און די איינוואוינער פון די קליינע שטעט. די ערשעפּונג פונ׳ם לאנד און די פארקלענערונג פון דער באפעלקערונג, וואָס האָבען ביז דער נידעריגסטער מדרגה פארקלענערט די ווידערשטאנדס־פעהיגקייטען פון דעם פּויערטום און פון די שטאָטישע איינוואוינער, האָבען טאקע אין דער זעלביגער צייט געדינט אלס אויסרייד פאר די ערד־באזיצער גוואלטיג צו פארגרעסערען זייערע פּאָדערונגען צו די, אין ציגזען איינגעטונקטע, שטאָטישע איינוואוינער, וועמעס פאָרשטעהערשאפט זיי האָבען אויך פּרובירט שמעלער צו מאכען; די זעלביגע באציהונגען זיינען אויך געווען בנוגע צו די פּויערים. די משאות, וואָס מען האָט אויף זיי ארויפגעוואָרפען, האָבען זיך געהאלטען אין איין פארגרעסערען, און די

שוואכע פארזוכען פון פראטעסט און ווידערשטאנד, וואס די רו־ אינירטע פויערים האבען געמאכט, זייגען אהן מי אונטערדריקט געווארען. דארטען אבער, וואו, ניט קוקענדיג אויף דער פאר־ גרעסערונג פון דער פאנטשיזנע, עס איז גאך אלץ ניט געווען גענוג ארבייטס־קרעפטען, פלעגען די באזיצער פון די לאטיפונדיעס זיך אן עצה געבען דערמיט, וואס אנשטאט ערד־ארבייט האבען זיי זיך גענומען צו אן אנדער צווייג פון דער ווירטשאפט, וועלכע האט געפאדערט אן אומבאדייטענדע טייל ארבייטס־קרעפטען. דאס האט אין איינע פלעצער געבראכט דערצו, אז ניט נאר איז מען פטור געווארען פונ'ם מאנגעל אין פויערים, נאר מען האט זיי פשוט פארטריבען פון זייערע פלעצער. דער מאנגעל אין אר־ בייטער־העגט אין ענגלאנד, וואס איז, אגב, אנטשטאנען דורך אנ־ דערע סבות ווי אין בעהמען, האט געגעבען א שטארקען שטויס צו דער אנטוויקלונג פון דער פאשע־ווירטשאפט, נעמליך צו שעפסען־ צוכט. דאס האט אנגענומען אזא מאסשטאב, אז אין ענגלאנד איז דאס געווען דער הויפט־מיטעל צו עקספראפריאירען די פויערים און באשאפען די מאסען פון דעם פראלעטאריאט. אן ענליכע, אמת, ניט אזא ערנסטע, ראלע האבען געשפילט אין איינינע ערטער אין בעהמען די פיש־טייכלאך, וועלכע די באזיצער פון די לאטי־ פונדיעס האבען זיך א נעם געטאן איינצוריכטען. פונקט ווי אין ענגלאנד זיינען די פויערים אויפגעפרעסען געווארען פון די שעפ־ סען, אזא סוף האבען זיי אין בעהמען באקומען פון די קארפען.

פאלאצקי ברענגט מיטטיילונגען, וואס זיינען כדאי באמערקט צו ווערען, וועגען דער אנטוויקלונג פון די ריטער־און פויערים־ באציהונגען אין בעהמען אין דער צווייטער האלב פונ'ם 15טען יארהונדערט, נעמליך די מיטטיילונגען פון עפעס איינעם א וושערדא, פון דעם יאר 1463 ביז 1497 דער ארויס־ העלפער פון דעם קרוין־שרייבער פון דער קעניגרייך, וועלכער האט ארויסגעגעבען „צען ביכער מיט געזעצען, געריכטליכע כללים און טאבעלען פון בעהמען”. דארטען ווערט צווישען אנדערעס גע־ זאגט: „אין די אלטע פארגעסענע צייטען זיינען אין אלע בא־ צירקען געווען ספעציעלע אנגעשטעלטע. וועג־ווייזער, וועמען עס זיינען געווען באקאנט די וואוין־ערטער פון די הערען, ריטער און

פריצים. דאָס לאַנד איז געווען געדריקט און שטאַרק באַפעלקערט, ווייל דעמאָלט זיינען די גיטער פון די ריטער נאָך ניט אויפגעקויפט און רואי־נירט געוואָרען, זייערע שלעסער און פעסטונגען זיינען נאָך ניט אויסגעגלייכט געוואָרען מיט דער ערד, און די דער־פער, פעלדער און לאַנקעס זיינען נאָך ניט געהאַט פאַרשוואונדען געוואָרען, אַ דאַנק דער איינריכטונג פון די טייכלאַך. דערפאַר האָבען צוליב דער אומגעהייער גרויסער צאָל פון די רי־טערליכע גיטער און דערפער געמוזט עקזיסטירען וועג־ווייזער, וועלכע האָבען געמוזט ניט אליין רופען די מענשען צום געריכט, נאָר אָנווייזען די געריכטס־דינער דאָס אָרט און די וואוינונג פון יענע, וועלכע זיינען גערופען געוואָרען צום געריכט, און באַגליי־טען אהין די פּאָליציי; אָט דערפאַר פלעגט מען זיי רופען וועג־ווייזערס. אָבער ווען שפּעטער איז כמעט אַ דריט־חלק פונ'ם לאַנד חרוב געוואָרען דורך די מלחמות און עפּידעמיעס, ווען אין אַלע באַצירקען איז פאַרניכטעט געוואָרען אַ מאַסע ריטערליכע גיטער, און וואָס עס איז נצול געוואָרען פון דער שווערד, פייער און עפּידעמיע, איז פאַרוויסטעט געוואָרען דורך דער איינריכטונג פון די טייכלאַך, דעמאָלט זיינען שוין די וועג־ווייזערס געוואָרען איבעריג" א. אז. וו. (פּאַלאַצקי, א. צ., 4, 1, ז. 528, 529).

ביים אָנפאַנג פונ'ם 15טען יאָרהונדערט איז דאָס לייב־איי־גענטום אין בעהמען כמעט אינגאַנצען געהאַט פאַרשוואונדען גע־וואָרען, ביים סוף פון דעם זעלביגען יאָרהונדערט איז דאָס ווידער געוואָרען דער אַלגעמיינער גורל פונ'ם פּויערטום.

עס וואָלט געווען לעכערליך צו מאַכען פאַראַנטוואָרטליך פאַר דעם די הוסיטישע מלחמות. די ריכטונג פון דער געזעלשאַפט־ליכער אַנטוויקלונג הענגט ניט אָפּ דערפון, צו לויפט זי אויף אַ פרידליכען וועג אָדער דורך ברוטאַלע מלחמות; זי ווערט באַ־שטימט דורכ'ן גאַנג און דורך די באַדערפענישען פון דער פּראָ־דוקציע. אויב עס טרעפט, אַז דער אויסגאַנג פון אַ ברוטאַלען רעוואָלוציאָנערען קאַמף שטימט ניט מיט די צילען פון די קעמפער פון אָט דער רעוואָלוציע, באַווייזט דאָס נאָר, אַז זיי האָבען ווידער־

שפּראַכען די באַרערפּעניישען פון דער פּראָדוקציע. קיין גוואַלט־זאַמער רעוואָלוציאָנערער קאַמף קען ניט באַשטימען די ריכטונג פון דער געזעלשאַפטליכער אנטוויקלונג, ער קאָן נאָר פ א ר ש נ ע ל ע ר ע ן איר טעמפּאָ אין געוויסע פאַלען, פאַרשאַרפענדיג דערביי די ליידען פון די באַזיגטע. אַזוי איז געשעהן מיט די הוססיטישע מלחמות. אומעטום אין אייראָפּאַ, אָנפאַנגענדיג פונ׳ם 15טען יאָרהונדערט, אין איין לאַנד פריער, אין אַ צווייטען שפּעטער, קומט פאָר אַ פאַרערגערונג אין דער לאַגע פון די פויערים. דאָס וואָס בעהמען, ניט קוקענדיג אויף איר עקאָנאָמישער אָפּגעשטאַנענקייט, איז געוועזן איינע פון די ערשטע לענדער, וואו עס האָט זיך ארויסגעוויזען אָט די ערשיינונג, און וואָס דאָרטען האָט זיך אָט דער פּראָצעס פאַרענדיגט שנעלער, ווי אין אַנדערע ערטער, — זיינען די סיבות דערפון טאַקע געווען די הוססיטישע מלחמות. אָהן זיי וואָלט די אנטשיידענע ווענדונג געקומען, וואַרשיינליך, מיט הונדערט יאָר שפּעטער, נאָך דעם דייטשען פויערים־קריג.

## זיבעטער קאַפּיטעל.

# די בעהמישע ברידער.

טאַבאָר איז געפאַלען, נאָר זיין עקזיסטענץ איז ניט אוועק אָהן קיין שפּור. אָט דער קאָמוניסטישער מיליטערישער שטאַט האָט געהאַט צו אַ שטאַרקע ווירקונג, און אָט די ווירקונג האָט זיך טיף איינגעוואָרצעלט אין די געזעלשאַפטליכע באַדינגונגען פון דער גאַנצער צייט, אַזוי אַז די אידעען, אויף וועלכע ער האָט זיך געשטיצט, האָבען ניט געקענט ניט אויפהאַלטען זייער לעבעדיגקייט, הגם עטוואָס אין אַן אַנדער פאָרם, וואָס איז בעסער צוגעפּאַסט געווען צו דער געענדערטער לאַגע.

צוויי סעקטען פון טאַבאָר האָבען נאָך זיין אונטערגאַנג ווייטער פאָרגעזעצט צו עקזיסטירען אין אָרגאַניזאַציעס, וואָס הגם זיי האָבען געשטאַמט פון איין וואָרצעל און האָבען אפילו געהאַט איין נאָמען — „די בעהמישע ברידער", — זיינען זיי אָבער געווען אַזוי געגענזעצליך איינע צו דער אַנדערער, ווי נאָר מעגליך. איינע פון אָט די סעקטען איז לויט איר כאַראַקטער געווען מ י ל י ט ע ר י ש, די צווייטע — ק אָ מ ו נ י ס ט י ש.

מיר האָבען אויבען געזעהן, ווי די קריגערישע אויסלענדער פלעגען צושטעהן צו די טאַבאָריטען נאָר מיט'ן צוועק צו נעמען אַן אַנטייל אין זייערע מיליטערישע ערפאָלגען און אין רויב. פון דער צווייטער זייט, זיינען די טאַבאָריטען גופא אויך פאַרווילדערט געוואָרען אין דער אומאויפהערליכער מלחמה, און דער איינציגער צוועק פון פירען די מלחמה איז ביי פיל פון זיי געוואָרען רויב אָדער דאָס געהאַלט.

נאָך דעם אונטערגאַנג פון טאַבאָר האָבען אַזעלכע עלעמענטען

מער ניט געפונען קיין פעלד פון טעטיגקייט אין בעהמען און האבען זיך דערפאר אוועקגעלאזט קיין אויסלאנד, כדי דארטען אריין אין דינסט אט צו איין קסר, אט צו א צווייטען, אדער איינציגווייז, אדער אין גוט ארגאניזירטע מיליטערישע באנדעס. ענליכע באנדעס זיינען דעמאלט ניט געווען קיין אויסנאם; עס איז געווען א גאנץ געוועהנטליכע זאך, אז עפעס א באוואוסטער מיליטער הויפטמאן זאל ארום זיך צונויפזאמלען וואלונטירען און ווערען זייער פירער. אין געגענזאץ צו אט די דעספאטיש-רעגירטע באנדעס, זיינען די דיוויזיעס פון *בעהמישע ברידער* געווען ארגאניזירט לויטען שטייגער פון די טאבאריטען אויף דעמאקראטישע יסודות.

אין אונגארן און אויך אין פוילען האבען אט די באנדען געשפילט א שטיקעל צייט אן ערנסטע ראלע. די קאזאקען, וואס האבען זיך באוויזען אין אוקראינע ארום דעם אנפאנג פונ'ם 16טען יארהונדערט, האבען זיך, ווייזט אויס, אויך ארגאניזירט אויף זייער שטייגער.

דאך, א סך וויכטיגער איז געווען דער צווייטער טייל פון די בעהמישע ברידער, וואס זיינען געבליבען אין בעהמען.

מיר האבען שוין אנגעוויזען, אז די קאמוניסטען פון מיטעלאלטער זיינען געווען זעהר פרידענסליבענדע מענשען. דאס האט פונקט אנטשפראכען דער מאכטלאזיגקייט פון די ארימע און די טראדיציעס פון דעם אלטען קריסטענטום. ווען עס האט זיך אנטוויקעלט אין בעהמען די הוסיטישע רעוואלוציע, די אלטע אויטאריטעטען זיינען פארשוואונדען געווארען, און די נידעריגסטע קלאסען האבען אנגעפאנגען א זיגרייכען אויפשטאנד, דעמאלט איז די צאל פון די קאמוניסטען פארגרעסערט געווארען דורך דער באוועגונג; און זיינען זיי שוין געווען אינ'ם ברען פון דער רעוואלוציע, האט שוין די לאגיק פון די געשעהענישען גופא נויטווענדיגערווייזע זיי אוועקגעשטעלט אויף דער שפיץ פון דער אויפשטעהענדער דעמאקראטיע, וועמעס עקסטרעמער עלעמענט זיי זיינען געווען.

נאר די פרידענס-ליבענדע ריכטונג, וואס האט פארדאמט מלחמה, גוואלט און צוואנג, איז גענצליך ניט פארשוואונדען אפילו אין דער צייט פון די גלענצענדסטע טריאומפען פון די טאבאריטען.

דער ווירקטיגסטער פאָרשטעהער פון אָט דער ריכטונג איז געוועזן פעטער פון כעלטשיץ, פעטער כעלטשיצקי. געבאָרען געוואָרען איז ער אומגעפעהר ארום דעם יאָר 1390 און איז געוועזן, ווארשיינליך, א פּאראָרימטער ריטער; געלעבט האָט ער שטיל און איינזאם אין דעם דאָרף כעלטשיץ נעבען דער טאבאָריטישער שטאָט וואָדנין און האָט דאָרטען אָנגעשריבען א רייע ווערק, וואָס האָבען צוגעצויגען די אַלגעמיינע אויפמערקזאמקייט. שוין אינ'ם יאָר 1410 איז ער געקומען צו דער איבערצייגונג, אז אין רעליגיעזע פראגען טאָר מען ניט געברויכען קיין געוואַלט; אינ'ם משך פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף איז אָט די איבערצייגונג ביי אים נאָך פארשטארקט געוואָרען. די מלחמה האָט ער געהאַלטען פאַר'ן גרעסטען אומגליק, די סאָלדאטען זיינען, לויט זיין מיינונג, אויף א האָר ניט בעסער פון גזלנים און רוצחים. *)

כעלטשיצקי איז געוועזן א קאָמוניסט אין דעם גייסט פון דעם אור־קריסטענטום. די אַלגעמיינע גלייכהייט טאָר, לויט זיין מיינונג, ניט איינגעפירט ווערען דורך קריג אָדער דורך שטאַטליכען צוואַנג. ניין, זי מוז פאַרווירקליכט ווערען אָהן דעם וויסען פון שטאַט און געזעלשאַפט. דער אמת־גלויביגער טאָר ניט נעמען קיין שום אַנטייל אין דער פאַרוואַלטונג פונ'ם שטאַט, ווייל ער איז א געצענדינערישע און זינדיגע איינריכטונג. די סאָציאַלע אומגלייכהייטען, פאַרמעגענ־ און שטאַנדס־אומגלייכהייטען, ווי אַלע אַנדערע אנשטעהען א דאנק דעם שטאַט און קענען נאָר מיט אים צוזאַ־

---

*) „וועגען וועלכע ריטער רעדט איר, וועמען עס פּאַסט צו פירען מלחמה? — האָט ער איין מאָל געשריבען. — מיינט איר דען ניט יענע פוילענצער אין די שלעסער און פעסטונגען, וועמעס האָר דערגרייכען ביז די פּלייצעס און וועלכע טראָגען אַזעלכע קורצע קאָמעזעלקעס, אַז זיי דעקען אפילו ניט צו זייערע געזעסען? אויב זיי אליין האָבען אַ רעכט צו פירען מלחמה, וואָס־זשע טוען אין די שלאַכטען בירגער און פויערים? . . . ווייל ניט קיין קעניג, ניט קיין פירשט, ניט קיין ריטער, ניט דער אָרימסטער פריץ פירען ניט אליין קיין מלחמה, נאָר אַלע טרייבען זיי מיט געוואַלט דערצו דעם פויער, און, אויף אַזאַ אופן, רייצען זיי אויף דאָס פאָלק צו רציחה און פאַרברעכען". דאָס ווערט ציטירט ביי פּאַלאַצקי'ן א. צ. 4, I, ז. 478, 479.

מען אונטערגען. אָבער די איינציגע קריסטליכע מעטאָדע צו פאַר־
ניכטען דעם שטאַט באַשטעהט נאָר אין דעם, אַז מען זאָל אים
איגנאָרירען. דעם אמת־גלויביגען ווערט פאַרבאָטען ניט נאָר צו נע־
מען אַן אנטייל אין דער פירונג פון דער רעגירונג, נאָר אפילו זיך
באַנוצען מיט איר קראַפט; ניט פאַר אים זיינען איינגעשטעלט
געוואָרען פּאָליציי און געריכט. דער אמת'ער קריסט דאַרף שטרע־
בען צו גוטס פון דער טיפעניש פון זיין נשמה און אנדערע טאָר
ער דערצו ניט צווינגען, ווייל גאָט וויל נאָר פרייוויליגע גוטע טאַ־
טען. יעדער צוואַנג איז אַ שלעכטער טאַט.

אין דער עקזיסטירענדער רעגירונג און אין דער געזעלשאַפט
איז ניטאָ קיין פּלאַץ פאַר דעם אמת'ן קריסט, סיידען אפשר אין
די נידעריגסטע שיכטען, וואו מען פאָלגט און מען דינט, אָבער ניט
מען הערשט און מען באַפעלט. יעדער הערשאַפט, יעדער קלאַסען־
אונטערשיד איז אַ זינד געגען היילינען געבאָט פון ברידערליכ־
קייט און גלייכהייט. אויב אַ קריסט טאָר ניט באַהערשען, טאָר
ער אויך ניט עקספּלואַטירען קיין אַנדערע, ער טאָר זיך אויך ניט
באַשעפטיגען מיט קיין האַנדעל, ווייל ער איז שטענדיג נויטווענ־
דיגערווייזע צוזאַמענגעבונדען מיט שווינדעל; די שטעט און די
האַנדעל־פּלעצער זיינען אַן איבעל; אַנטדעקט האָט זיי קין, ער
האָט פאַרוואַנדעלט די פּרימיטיווע תמימות פון לעבען אין כיטרע־
קייט; ער האָט איינגעפירט די מאָס און די וואָג, בעת פריער
פלעגט מען זיך באַשעפטיגען מיט אויסטויש אָהן אַ מאָס און אָהן
אַ וואָג. נאָר זינדיגער פון אַלעמען איז דער אַדעל *) : אים דאַרף
מען פאַרשעלטען.

אָט דער אַנאַרכיסטישער און אין דער זעלביגער צייט פריי־
דענס־ליבענדער קאָמוניזם האָט געקראָגען אַלץ אַ גרעסערען איינ־
פלוס, וואָס מער עס איז געוואַקסען די מידקייט פון דער מלחמה,
וואָס מער די טאַבאָריטישע פאַרוואַלטונג האָט פאַרלאָרען די סימ־
פּאַטיע פון די נידעריגסטע פאָלקס־קלאַסען.

*) פאַרגלייך וועגען דעם ביי יאַראָסלאַוו האַלל, „קוועלען אונד
אונטערזוכונגען צור געשיכטע דער בעהמישען ברידער", II, פּעטער
פעלטשיצקי און זיין לערע. פּראָג, 1882.

פון די קאָמוניסטישע סעקטען, וואָס זיינען אנטשטאַנען אין בעהמען נאָך דעם אונטערגאַנג פון טאַבאָר און וואָס זיינען באַשטאַנען טיילווייז פון טאַבאָריטען, איז די וויכטיגסטע געוואָרען די סעקטע פון בעלטשיצקי׳ס אָנהענגער, — די בעלטשיצער ברידער.

צווישען די תלמידים פון פעטער׳ן האָט זיך ספּעציעל אויסגעטיילט דער ברודער גרעגאָר, אַן אדעלמאַן, נאָר אזא עני ואביון, אז ער האָט פלעגט ציען זיין חיונה פון שניידעריי. ווען די געוועזענע טאַבאָריטען האָבען געגרינדעט אַ קאָלאָניע אינ׳ם דאָרף קונוואַלד נעבען זענפטענבערג, וואו עס זיינען נאָך געבליבען טאַבאָריטישע איבערצייגונגען, האָבען זיי אינ׳ם יאָר 1457 אויסגעקליבען גרעגאָר׳ן אלס זייער עלטסטען און אָרגאַניזאַטאָר. צו זיין ווירקונג דאַרף מען הויפּטזעכליך צושרייבען, וואָס די קאָלאָניסטען, די ברידער, האָבען אָנגענומען די לערע פון בעלטשיצקי׳ן און פּינקטליך איר נאָכגעפאָלגט.

די ערשטע אָרגאַניזאַציע פון די בעהמישע ברידער קען פאָלקאָם ניט דערקלערט ווערען, ווייל די שפּעטערע ברידער פלעגען זיך שעמען מיט זייער קאָמוניסטישער אָפּשטאַמונג און האָבען זיך געסטאַרעט, ווי ווייט מעגליך, זי פארטונקלען. פונדעסטוועגען, ווען מיר קוקען זיך צו צו דער שפּעטסטער אָרגאַניזאַציע פון די בעהמישע ברידער, און צוליב דעם סענען מיר אויך נעמען אין אכט די גוט־באוואוסטע אָרגאַניזאַציע פון די הערנהיטער, זייערע אָנהענגער, ווען דערצו טראַכטען מיר זיך נאָך אריין אין דעם אינערליכען קאַמף, וואָס האָט אָט די אָרגאַניזאַציע ארויסגערופען, באַקומען מיר דאָס פאָלגענדע בילד. *)

*) די שפּעטסטע אָרגאַניזאַציע פון די בעהמישע ברידער קען מען אויך זייער גוט פארשטעהן פון דעם אויבענדערמאָנטען בוך פון י. א. קאָמעניוס „קירכענגעשיכטע דער בעהמישען ברידער", פון זייערע קירכען תקנות פונ׳ם יאָר 1609, און פון דעם סימבאָל פון גלויבען, וואָס זיי האָבען דערלאַנגט אינ׳ם יאָר 1535 דעם קעניג פערדינאַנד (אַלע דריי זייגען פאַראַן אין דער דויטשער אויסגאַבע „קורצגעפאַסטען קירכען היסטאָריע דער בעהמישען ברידער" פון קאָמעניוס׳ן, וואָס איז ערשינען אין שוואַבאַך דורך י. י. ענדערס, אַלערהעכסט־פּריווילעגירטער פאַרקויפער

פארשטעהט זיך, קיין מיטגליד פון דער ברידערליכער גע־מיינדע האט ניט געטארט פארנעמען קיין מיליטערישען אמט, אן אנטייל נעמען אין דער פירונג פונ'ם שטאט, ד. ה. נעמען אויף זיך די פליכטען פון א שטאטס־ אדער געמיינדע־באאמטען, אויך האט ער ניט געטארט זיך ווענדען מיט אן ערקלערונג אדער קלאגע צו די אויטאריטעטען. אין דער געזעלשאפט מוז הערשען אלגע־מיינע גלייכהייט; עס טארען דארטען ניט זיין ניט קיין רייכע, ניט קיין ארימע; יעדער מין עקספלואטאציע איז געווען שטרענג פארבאטען. יעדער רייכער מאן אדער דער, וואס האט געהערט צום פריווילעגירטען שטאנד, האט געמוזט, איידער ער איז אריינ־געטראטען אין דער געמיינדע, זיך אפזאגען פון זיין גאנצען פאר־מעגען און פון אלע זיינע פריווילעגיעס. „קיין ברודער האט אויך ניט געטארט זיך באשעפטיגען מיט האנדעל, מיט לייען געלט אויף פראצענט און מיט אויפהאלטען שפייז־הייזער. פון דער צווייטער זייט, איז יעדער מיטגליד פון דער געמיינדע, פונקט ווי די גאנצע געמיינדע, פארפליכטעט געווען צו העלפען א ברודער, וואס איז געווען אין א נויט.

פריוואט אייגענטום און פאמיליע זיינען ניט געווען פאר־באטען; דער קאמוניזם בנוגע דער פאמיליע האט זיך הויפטזעכ־ליך אויסגעדריקט אין ברידערליכע באציהונגען, אין א פריינט־ליכען אנטייל איינער אינ'ם אנדערען און אין א שטרעבונג אונ־טערצוהאלטען די גלייכהייט, כדי קיין מענש זאל ניט קענען זיך ארויפהויבען איבער אנדערע אדער ווערען נידעריגער. אונטער פריוואט אייגענטום איז דאס אבער נאר מעגליך געווען א דאנק דער שטרענגער דיסציפלין, וואס האט זיך פארשפרייט אויף דעם גאנצען געזעלשאפטליכען לעבען פון די ברידער; עס האבען זיך פון איר ניט ארויסגעדרעהט אפילו די אינטימסטע זייטען פון דעם פא־מיליען־לעבען.

די גלחים און די עלטסטע, וואס פלעגען ערוועהלט ווערען פון

---

פון ביכער און דיסערטאציעס, (1739). דער קאמף, וואס האט געבראכט צו אט דער ארגאניזאציע, איז גענוי באשריבען אינ'ם ווערק פון א. חינדעלי „געשיכטע דער בעהמישען ברידער", פראג, 1857, צווייטער טייל.

דער געמיינדע, האָבען זיך באַנוצט להיפוך דער אַנאַרכיסטישער טעאָריע פון פעטער'ן, וועלכע האָט אָפּגע'פּסק'ענט גוואַלט אַלס אַן אומקריסטליכען און געצענדינערישען טאַט, מיט אַ דיסציפּלינירענדער מאַכט. אומדערטרעגליך וואָלט זי, אָט די מאַכט, געשיינט אין די אויגען פון אַ מאָדערנעם מענשען, נאָך מער, ווייל גראָד ביי די בעהמישע ברידער האָט זיך ספּעציעל שאַרף ארויסגעוויזען יענער טונקעלער גייסט פון פאַנאַטיזם, וואָס איז געיוען אַזוי אייגענטימליך דעם מיטעל-אַלטערליכען קאָמוניזם, און וועלכער איז געקומען אַלס פּועל-יוצא פון די ליידען און אומאויסדריקליכע יסורים, וואָס די הוססיטישע מלחמות האָבען ארויסגערופען.

דאָס שפּיל און די טענץ זיינען געוועזן פאַרבאָטען, אַלס נעצען, וואָס דער שטן האָט צושטעלט, כדי אריינצוכאַפּען גלויביגע מענשען. לעבען, האָרעווען און שוויינענדיג דולדען — אָט דאָס איז אַלץ, וואָס אַן אמת'ער קריסט דאַרף טאָן אויף דער וועלט. דעם זונטאָג פלעגען זיי שוין פייערען גאָר אויף אַ פּוריטאַנשיען שטייגער.

הגם דאָס פּריוואַט אייגענטום און דאָס פאַמיליען לעבען זיינען ניט געוועזן פאַרבאָטען, האָט זיך אָבער דער הייראַטסלאָזער צושטאַנד גערעכענט העכער, הייליגער. דער קלערוס האָט ניט געטאָרט האָבען קיין פאַרמעגען, אָדער אַ פאַמיליע. די הייראַטסלאָזע פלעגען זיך באַזעצען, די מענער — באַזונדער פון די פרויען, אין ברידערליכע הייזער, וואו זיי האָבען געאַרבייט און געלעבט. ס'איז אַ סברה, אַז אָט די הייזער זיינען געוועזן אָרגאַניזירט אויפ'ן שטייגער פון די בעגאַרדען-הייזער.

פּונקט ווי די טאַבאָריטען, האָבען אויך די בעהמישע ברידער ניט געוואָלט קענען קיין געלערנטע. זיי פלעגען זיי רעכענען אַלס פּריווילעגירטען שטאַנד, און ברודער גרעגאָר האָט ביז'ן טויט (אינ'ם יאָר 1473) געוואָרענט די געמיינדע געגען געלערנטע. דערפאַר האָבען זיי אַליין פיל געזאָרגט וועגען גוטע פאָלקס-שולען, פּונקט ווי די טאַבאָריטען. די דעמאָקראַטישע קונסט פון בוכדרוקעריי האָבען זיי באַהערשט גוואַלדיג שנעל, גלייך נאָך איר ערפינדונג. „זעלטען ווען אַ קריסטליכע סעקטע — זאָגט הינדעלי. א. צ., 1, ז. 39 — האָט פּובליקירט אַזוי פיל ווערק אין איר פאַר־

טיידיגונג, ווי די ברידער". די צאָל פון די ווערק, וואָס זיינען ארויסגעגעבן געוואָרען זינט די סעקטע איז געגרינדעט געוואָרען ביז איר כמעט פאָלשטענדיגער פארניכטונג נאָכ'ן טויט פון קאָ־מעניוס'ן (אינ'ם יאָר 1670) איז אַ סך גרעסער פון דער צאָל ווערק פון אַלע אַנדערע צווייגען פון דער בעהמישער ליטעראַטור, פאַר יע־נעם משך פון דער צייט. זיי האָבען זיך אויך גרויס געהאַלטען דערמיט, וואָס זיי האָבען די ערשטע אָפּגעדרוקט די ביבעל אויף זייער מוטער־שפּראַך (אין ווענעציע); אין דער זאַך האָבען די טשעכען איבערגעיאָגט אַלע איבריגע פעלקער*). ביים אָנפאַנג פונ'ם 16טען יאָרהונדערט זיינען אין בעהמען געווען פינף דרוק־קערייען: איינע אַ קאַטוילישע אין פּילזען, איינע אַן אוטראַק־וויסטישע אין פּראַג און דריי, וואָס האָבען געהערט צו די בעה־מישע ברידער אין יונגבונצלי, אין לייטאָמישל און אין ווייסוואַסער. נאָר אָט די דריי זיינען ניט שטענדיג פאַר זיי געווען גענוג, און פון צייט צו צייט פלעגען זיי דרוקען זייערע ביכער אין נירענבערג.

עס איז געווען ביי זיי אַן אָריגינעלע תקנה, וואָס האָט זיך, אַגב, פאָלשטענדיג אריינגעפּאַסט אין זייער שטרענגער דיסציפּ־לין, אַז קיינער פון די מיטגלידער פון דער געמיינדע טאָר ניט אָנשרייבען און ארויסגעבען קיין בוך אָהן דער צושטימונג פון דער געמיינדע. קיינער — ווערט געזאָגט אין זייערע קירכליכע תקנות — האָט ביי אונז קיין רעכט ניט ארויסצוגעבען קיין ביכער פון זיך, זיי מוזען דורכגעקוקט ווערען פון אַנדערע און באַשטע־טיגט ווערען דורך אַן אַלגעמיינער צושטימונג.

דער פּאָליאַק איוואַן לאַסיצקי, וואָס האָט באַזוכט די בעה־מישע ברידער אינ'ם יאָר 1571, באַשרייבט אין זיין ווערק "De origine et rebus gestis fratrum Bohemorum" ווי זיי לאָ־זען ארויס ביכער: „קיין שום בוך ערשיינט ניט איידער עס ווערט אויסגעפּאָרשט דורך אַ סך עלטסטע און גלחים, וואָס זיינען ער־וועהלט און באַשטימט דאַרויף... געוועהנטליך ווערט אויך קיין ביך ניט ארויסגעלאָזט דורך איין מענשען פון זיין נאָמען (סיידען צו־

*) קאָמעניוס א. צ., ז. 57.

ליב ספעציעלע סיבות), נאָר יעדעס בוך ערשיינט אונטער'ן נאָמען פון דער גאַנצער ברודערשאַפט, כדי יעדער מיט־גליד פון דער גייסטליכער קערפּערשאַפט זאָל קריגען דערפאר אזוי פיל שבחים, ווי אַנדערע, כדי עס זאָל, דורך דעם, פארניכטעט ווערען יעדע מעגליכקייט פון הבל'דיגען ערגייץ, וואָס קיצעלט גע־וועהנליך די נשמה פון א מחבר; די ווערק אליין האָבען שוין צוליב דעם געהאט א גרעסערע באדייטונג און געוויכט"*).

און, ניט קוקענדיג דארויף, ס'ארא קאָלאָסאַלע ליטעראַרישע פּראָדוקטיוויטעט!

עס איז קיין חדוש ניט, וואָס די נייע געזעלשאפט, וועלכע האָט אין זיך געהאט אזוי פיל טאבאָריטישען גייסט און האָט אין זיך איינגעשלאָסען אמאָליגע טאבאָריטישע עלעמענטען, איז אין די אויגען פון די מאכטהאָבער געווען פארדעכטיג און זעהר גע־פערליך, ניט קוקענדיג אויף זייער פרידענס־ליבענדען און אונ־טערטעניגען כאראקטער. שוין אינ'ם יאָר 1461 האָט זיך אָנגעפאַנ־גען די ברוטאַלע פארפאָלגונג פון די בעהמישע ברידער, דורך גרע־גאָר פאָדעבראַד, וועלכער, ווי מיר ווייסען שוין, האָט פארניכטעט די זעלבסטשטענדיגקייט פון טאבאָר. אינ'ם יאָר 1542 איז ער נאָך געווען א שטעל־פארטרעטער, אָבער אינ'ם יאָר 1548, נאָכ'ן טויט פונ'ם קעניג וולאדיסלאוו איז ער ערוועהלט געוואָרען אלס קעניג פון בעהמען. איינע פון זיינע ערשטע אונטערנעמונגען איז געווען די פארפאָלגונג פון די בעהמישע ברידער וועמעס פירער, ברודער גרעגאָר און אַנדערע, זיינען ארייגעזעצט געוואָרען אין תפיסה. די געמיינדע אין קונוואַלד איז צוטריבען געוואָרען, אירע מיטגלידער האָט מען פארבאָטען און פארפאָלגט זיך צו פארזאמלען.

„א דאנק אָט דער ברוטאַלער אינקוויזיציע, — שרייבט קאַ־מעניוס, — וועלכע איז ווידער איינגעפירט געוואָרען אומעטום געגען די ברידער, האָט זיך דער גרעסטער טייל, ספּעציעל די אויסגעצייכענטסטע פון זיי, צוזייט איבער די בערג און וועלדער און האָבען אָנגעפאַנגען צו לעבען אין היילען; נאָר אפילו דאָרטען זיינען זיי ניט שטענדיג געווען זיכער. צוגרייטען די נויטיגע

*) ציטירט לויט דעם א. צ. קאָמעניוס'ן, ז. 328, באַמערקונג.

שפייז האָט מען אַנדערש ניט געקענט נאָר ביינאַכט, זיי האָבען אָהן געפּאַר פאַר זיך ניט געקענט צולעגען קיין פייער ביי טאָג, ווייל דער רויך, וואָס הויבט זיך אַרויף, וואָלט זיי געווען אַרויסגעגעבען. אין די שטאַרקע קעלטען פּלעגען זיי זיצען אַרום אַ פייער און פאַרברענגען די צייט אין לייענען ביכער און אין נשמה־לייטערענדע געשפּרעכען. אום ווינטער, בעת זיי האָבען געדאַרפט אַרויסגעהן באַזאָרגען זיך מיט שפּייז, פּלעגען אַלע געהן אין די פוס־טריט פון'ם ערשטען, דער לעצטער אָבער פּלעגט נאָכשלעפּען אַ סאָסנע־צווייג, וואָס האָט פאַרקערט די סמנים; געטאָן האָט מען דאָס, כדי זיי זאָלען ניט אויסגעשפּירט ווערען, ווייל די סמנים, וואָס זיינען דערביי געבליבען, זיינען געווען ענליך אויף די פוס־טריט פון אַ פויער, וועלכער שלעפּט נאָך זיך אַ בינטעל האָלץ. פאַר זייער לעבען אין די היילען פּלעגען די שונאים זיי רופען אין שפּאָס יאַמניקעס, איינוואוינער פון היילען *).

צו האָט אָט דער נאָמען „יאַמניקעס" זיך פאַרשפּרייט בעת אָט דער פאַרפאָלגונג? אין מערב־דייטשלאַנד האָבען די בעגאַרדישע עלעמענטען נאָך אין'ם 14־טען יאָרהונדערט געהאַט דעם צו־נאָמען „ווינקלערס", ד. ה. „געהיימע־מענשען" צוליב דער געהיימניס־פולקייט פון זייערע פאַרזאַמלונגען; אין מזרח־דייטשלאַנד פּלעגט מען זיי רופען גרובענהיימער; דאָס וואָרט יאַמניקעס (אויס דעם טשעכישען „יאַמאַ", אַ גרוב, אַ הייל) איז אַן איבערזעצונג פון דעם לעצטען נאָמען און ציינט, וואַרשיינליך, אַז די צואה פון די בעגאַרדען איז פאַרווירקליכט געוואָרען דורך די בעהמישע ברי־דער. דאָס פאָלק פּלעגט זיי רופען ניט נאָר יאַמניקעס, נאָר אויך פּיקאַרדען.

די ערשטע פאַרפאָלגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט ערשט בעת פּאָדעבראַד איז געשטאָרבען אין'ם יאָר 1471.

נאָכדעם פּלעגען די ברידער אויך פון צו צייט ליידען פון פאַרפאָלגונגען, אָבער, בכלל האָבען זיי ווינציגער געליטען, ווי פון דער ערשטער פאַרפאָלגונג. די שטאַאַטס־מאַכט איז אין בעהמען דעמאָלט נאָך געווען שוואַך, אָבער די ברידער פּלעגען קריגען

---

*) קאָמעניוס א. צ., ז. 45, 46.

שטאַרקע באַשיצער צווישען די פירשטען און שטעט; אנטוויקעלטע מענשען האָבען פרי פאַרשטאַנען, ווי עס זיינען, פון איין זייט, אומשעדליך די שנאה צו דער מאַכט און די שטרעבונג צו גלייכהייט ביי אַט דער סעקטע, און פון דער צווייטער זייט — ס'איז באַקוועמען מאַטעריאַל פאַר עקספּלואַטאַציע זיי שטעלען צו מיט זייער פּרעדיגען פליסיגקייט, געדולד און זעלבסטאויפאָפּפערונג.

צוליב אָט דער שטיצע טאַקע, האָט די סעקטע פאָרטגעזעצט זיך שנעל צו פאַרשפּרייטען אפילו בעת דער ערשטער ברוטאַלער פאַרפאָלגונג. די ע.־שיינונג פון פּראָזעליטען איז נאָך פאַרגר:נגערט געוואָרען אַ דאַנק יענעם אומשטאַנד, וואָס די „ברידער" האָבען, פאָלשטענדיג, אין גייסט פון די טאַבאָריטען און אין געגענזאַץ פון די איבריגע קירכליכע אָרגאַניזאַציעס פון יענער צייט, געפּרעדיגט די גרעסטע טאָלעראַנץ אין רעליגיעזע אנגעלעגענהייטען. די ברידערליכע געמיינדע האָט אזוי געקאָנט האַנדלען, ווייל זי האָט ניט געהאַט, ווי אַנדערע קירכליכע אָרגאַניזאַציעס, קיין שפּור פון מאַכט. שוין דער ערשטער קאָנגרעס פון די ברידער, וואָס איז זיך צוזאַמענגעקומען אינ'ם יאָר 1464, אויף די בערג פון רייכעניו, צו וועלכען עס זיינען געקומען דעלעגאַטען ניט נאָר פון בעהמען, נאָר אויך פון מאָראַוויע, האָט ערקלערט, אַז די הויפּט־פּראַגען דאַרפען זיין די פראַגען פון סאָציאַלער אָרגאַניזאַציע, רעליגיעזע פּראַגען אָבער דאַרפען שטעהן אויפ'ן צווייטען פּלאַן; ביי אָט דעם כלל האָבען זיי זיך פעסט געהאַלטען. צוליב דעם האָבען זיי זיך שאַרף אונטערשידען פון דעם ערשטען לוטעראַניזם, לויט וועמעס לערע דער גלויבען דערלייזט און ניט די טאַטען.

אַ דאַנק אָט דער טאָלעראַנץ האָט זיך זיי איינגעגעבען צוציהען צו זיך אַ סך געמיינדעס, וואָס זיינען געווען צו זיי פאַרוואַנדט. דערפאַר פלעגען זיי זיין זעהר שטרענג אין פאַלען, וואו עס האָט עקזיסטירט אַן אונטערשיד אין דער פּראַקטישער טעטיגקייט. אויף דעם צווייטען קאָנגרעס אין לאָטא, אינ'ם יאָר 1467, וואָס האָט געגעבען דער געזעלשאַפט אַן איינאַרטיגע אָרגאַניזאַציע, באַשטעטיגענדיג דאָס פּראָגראַם פון דעם רייכעניו'ער

קאָנגרעס, זיינען געקומען דעלעגאַטען פון די רעשטלאַך פון די אדאַמיטישע סעקטען און פאָרגעשלאָגען זיך צו פאַראייניגען; נאָר מען האָט זיי אָנטזאָגט: דער אדאַמיטישער קאָמוניזם האָט זיך אויסגעצייגט די ברידער צו זיין צו ברייט. נאָר ביסלאַכווייז, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך אָפּגעזאָגט פון זייערע „טעות'ן", האָבען די ברידער זיי איינציגווייז אריינגענומען.

פון דער צווייטער זייט, זיינען אויך געבליבען פּראָטאָקאָלן די פאַרהאַנדלונגען מיט די וואַלדענזער, וועלכע זיינען שוין אין אַ באַדייטענדער מאָס געוואָרען אָפּאָרטוניסטען און בורזשועזן. „מיר האָבען אַ סך געשמועסט מיט די גלחים פון די וואַלדענזער, — זאָגט ברודער גרעגאָר אין זיין טראַקטאַט, — ווי דאַרפען מענשען האַנדלען בנוגע צו דער רוימישער קירך, — און ספּעציעל מיט'ן גלח סטעפאַן, וואָס האָט קיינמאָל זיך ניט ערלויבט צו פּראַווען די קירכליכע צערעמאָניע לויט דעם רוימישען מנהג (ווי עס פּלעגען געוועהנליך טאָן די גלחים פון די וואַלדענזער, כדי אויסצומיידען פאַרפאָלגונגען). ער פּלעגט געהיים דורכפירען זיינע פליכטען ביי די וואַלדענזער אין דייטשלאַנד, פאַר וואָס מען האָט אים טאַקע לסוף פאַרברענט. ער האָט זיך ארויסגערופען צו מתקן זיין אַלץ, וואָס זיי וועלען אָנערקענען אַלס ווידערשפּרוך צו דער לערע פון קריסטוס און צום קריסטליכען לעבען, און אַלץ איינאָרדנען בהסכם מיט דער אַפּאָסטאָלען שריפט, ווי עס איז אַמאָל געוועזן אין דער ערשטער קירך. זיינען מיר מרוצה געוואָרען און אַלץ געוואָלט אויף אַן אמת דורכפירען, נאָר דערווייל האָבען זיי זיך, צוליב דער פריינטשאַפט מיט די גלחים פון דער רוימישער קירך, צו זיי פאַרטרויט, און יענע האָבען צושטערט אונזער פאַראייניגונג". אויף אַזאַ אופן זיינען זיי זיך ניט צוזאַמענגעקומען. „איינינע וואַלדענזער, — דערצעהלט ווייטער גרעגאָר, — האָבען זיך מודה געוועזן, אַז זיי זיינען אראָפּ פונ'ם וועג פון זייערע פאָרגענגער; ביי זיי האָט עקזיסטירט אַ שעדליכער מנהג צו נעמען געלד ביי מענשען און אָנזאַמלען רייכטימער, ניט קימערענדיג זיך וועגען אָרימע-לייט; דער קריסטליכער אמונה איז צו־ווידער, אַז אַ גלח זאָל אָנזאַמלען אוצרות, בעת, לויט'ן געזעץ, דאַרף ער גאָר פאַר־וואַנדלען אין צדקה דאָס פאַרמעגען פון די פּראָסטע מענשען און

אויך זיין אייגען גוטס, וואס ער האט גע'ירש'ענט פון זיינע על־טערן, און ניט לאזען די ארימע־לייט אין נויט", א. אז. וו.

נאר דער גורל פון די וואלדענזער האט אין גיכען באטראפען די בעהמישע ברידער.

דער פוריטאניזם, דורך וועלכען זיי האבען פראטעסטירט קעגען דער עקזיסטירענדער געזעלשאפט און א דאנק וועלכען זיי האבען זיך פון איר דערוויטערט, איז אין דער זעלביגער צייט געווען א גלענצענדער מיטעל זיך ארויסצורוקען אין אט דער גע־זעלשאפט. מיר האבען שוין אנגעוויזען אויף דעם גרויסען אונ־טערשיד צווישען אט דעם פוריטאניזם און דעם אסקעטיזם פון די ערשטע קריסטען, הגם אויסערליך איז ער צו אים געווען זעהר ענליך.ביידע האבען געפרעדיגט, אז דאס פרעהליך לעבען און אלערליי פארגעניגענס זיינען נאריש און אפילו שעדליך, אבער בעת דער אסקעטיזם פון די ערשטע קריסטען איז געווען פאר־בונדען מיט עפעס א טעמפער אומרירעוודיגקייט, האט דער פורי־טאניזם פון דער רעפארמאציאנס־צייט, אדרבא, זיך אויסגעצייכענט מיט אן אומערמידליכער און פארנינפטיגער צרבייטזאמקייט פון זיינע אנהענגער. אט דער ארבייטזאמער פוריטאניזם וואלט, פאר־שטעהט זיך, ניט געקענט איצטער, אין דער עפאכע פון דער הויכער אנטוויקלונג פונ'ם קאפיטאליזם און גרויס־אינדוסטריע, דערהויבען די מאסע ארבייטער, פויערים און קליין־בורזשואזיע און זי אוועקשטעלען אין א נישקשה'דיגען שטאנד. אבער דע־מאלט, ווען ס'האט זיך נאר וואס געהאט אנגעפאנגען דער איבער־גאנג פון דער נאטירליכער ווירטשאפט צו דער אלגעמיינער, טייל־ווייז שוין קאפיטאליסטישער האנדעלס־פראדוקציע, און נאר ער־טערווייז נאך איינפאכע האנדעלס־פראדוקציע, — דעמאלט איז דער פוריטאניזם געווען אין העכסטען גראד א ווירקליכער מיטעל צו פארוואנדלען די קליינע בורזשוא אין קאפיטאליסטען, אלץ א בעסערער מיטעל, וואס שטארקער די פאלקס־מאסען האבען נאך איינגעהיט די נאאיווע לעבענס־לוסטיגקייט, וועלכע איז געוועהנ־ליך פארבונדען מיט דער נאטוראלער ווירטשאפט, וואו מען פראָ־דוצירט ניט פאר'ן פארקויף און ניט פאר אנזאמלונג, נאר פאר דעם אייגענעם געברויך. צוגלייך מיט'ן פוריטאניזם, האט דעם

מאַטעריעלען וואוילזיין פון די ברידער אַרויסגעהאָלפען די גוט־וועקגעשטעלטע אַלגעמיינע בילדונג.

בעת דער וואוילשטאַנד פון טאַבאָריטען, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו זייער קאָמוניזם, איז אנשטאַנען אַ דאַנק דעם מיליטע־רישען רויב, איז דער וואוילשטאַנד פון די בעהמישע ברידער געווען אַ פועל יוצא פון זייער פלייס, מעסיגקייט, שפּאָרזאַמקייט און אינ־טעליגענץ.

די פאַרמעגליכקייט פון די ברידער האָט פאַר זיי רעקרוטירט אומצעליגע נייע אָנהענגער פון די פאַרשידענסטע שיכטען פון דער באַפעלקערונג; געגאַנגען צו זיי איז מען פשוט צוליב ממשות'דיגע צוועקען. אָבער וואָס מער דער וואוילשטאַנד איז געוואַקסען, אַלץ מער האָבען די וויכטיגסטע מיטגלידער אָנגעפאַנגען צו זעהן אַ שטערונג אין דער שטרענגער דיסציפּלין. אָט די דיסציפּלין האָט ניט דערלאָזט צוליב די אינטערעסען פון גלייכהייט, אַז איי־נער זאָל זיין רייכער פון די אַנדערע, זי האָט אויך פאַרבאָטען צו פאַרגרעסערען דאָס פאַרמעגען דורך האַנדעל אָדער וואוכער. מיט'ן וואוקס פונ'ם וואוילשטאַנד זיינען אַנטשטאַנען צוזאַמענשטויסען צוליב פאַרמעגענס־אַנגעלעגענהייטען, פּראָצעסען זיינען אויך גע־וואָרען נויטווענדיג, כדי צו באַוואַכען דאָס פאַרמעגען. עס איז ערשינען אַ באַדערפעניש אין אַ שטאַטס־מאַכט.

אָט אַזוי האָט צווישען די ברידער צוביסלאַך אָנגעפאַנגען צו אַנטשטעהן אַ מער מעסיגע ריכטונג וועלכע האָט נאָך ניט גע־וואַגט אָפּוואַרפען די ערשטע תקנות, נאָר געשטרעבט דערצו, אַז אָט די תקנות זאָלען פאַרשטאַנען ווערען, ווי אידעאַלען פון העכסטער אויסשליסליכער פרומקייט, אָבער ניט ווי אַלגעמיין־אָבליגאַטאָרישע רעכט־נאָרמען.

דער סכסוך צווישען די צוויי ריכטונגען האָט זיך צום ערשטען אַרויסגעצייגט (ביים ענד פונ'ם 17טען יאָרהונדערט), בעת צוויי באַראָנען און עטליכע ריטער האָבען געוואָלט אַריינטרעטען אין דער ברודערשאַפט. די אָנהענגער פון דער עקסטרעמער ריכטונג האָבען זיי געוואָלט אַריינגעמען נאָר בתנאי, ווען זיי וועלען זיך אָפּזאָגען פון זייער פאַרמעגען און געזעלשאַפטליכער לאַגע; די מער מעסיגע אָבער האָבען געוואָלט דאָס אַלץ פאַר זיי איבערלאָזען.

אָבער דעם מאָל האָבען נאָך די ערשטע מנצח געווען, און פון די וועלכע האָבען געוואָלט אָנקומען צו די ברידער זיינען נאָר צונגע־לאָזען געוואָרען יעגע, וואָס האָבען מקיים געווען אַלץ וואָס די תקנות פון דער געמיינדע האָבען געפאָדערט.

נאָך אינ׳ם יאָר 1480 געפינען מיר שוין רעזולטאטען פון דער ווירקונג פון דער מעסיגער ריכטונג; מען האָט אריינגענומען א געלערנטען, עפּעס איינעם א לוקא, נאָך אים זיינען שוין גע־קומען אויך אַנדערע געלערנטע. זייער איינטריט איז געווען א נצחון פון דער מעסיגער ריכטונג; דער געלערנטער עלעמענט האָט פון זיין זייט זי נאָך פארשטארקט. די עקסטרעמע, מיט׳ן וועבער גרעגאר פון וואַטיץ אויף דער שפּיץ, האָבען אומזיסט גע־קעמפט אי מינדליך אי שריפטליך געגען דעם אינדיפערענטיזם, וואָס האָט זיך געהאַלטען אין איין פארשפּרייטען. אויפ׳ן קאָנגרעס אָדער אויף דער אסיפה אין בראַנדייס אם־אדלער (אינ׳ם יאָר 1491) האָט געזיגט די מעסיגע ריכטונג. עס איז באשלאָסען געוואָרען, אז רייכע קענען פון איצט אָן און ווייטער אויפגענומען ווערען אַלס מיט־גלידער און זיי מוזען זיך צוליב דעם ניט אָפּזאָגען פון זייער פארמע־גען אָדער ראַנג. מען האָט זיי נאָר אָנגעוויזען, אז אויב זיי זאָגען זיך ניט אָפּ פון זייער פארמעגען קאָנען זיי גרינג פארלירען זייער חלק עולם־הבא. אָט אזוי איז די פאָדערונג פון גלייכהייט, אויב ניט אינגאנצען באזייטיגט געוואָרען, אלענפאלס אריבער אין דעם פעלד פון פרומע פאנטאזיעס.

אויף אַן ענליכען אופן האָבען די פרומע ברידער אויך גע־עפענט פאר זיך א וועג צו דער פירונג פון דעם שטאַט. זיי האָבען באשלאָסען טאַקע אויף דעם זעלביגען קאָנגרעס: „אויב אויפ׳ן באפעל פון דער וועלטליכער מאכט וועט איינער פון די ברידער מוזען ווערען א ריכטער, א געשוואוירענער אָדער א צעך־מייסטער, אָדער געהן אין קריג, אָדער צוזאמען מיט אנדערע וועט ער מוזען צושטימען צו מאַטערען אָדער טויטען א פארברעכער—דערקלערען מיר, אז א מענש, וואָס האָט באמת תשובה געטאָן, דארף ניט פריי־וויליג שטרעבען צו אזעלכע זאכען, נאָר, אדרבא, ער דארף זיך פליי־סען זיי אויסצומיידען. אויב אָבער ער קען זיך פון זיי ניט אויסדרע־הען, ניט דורך בקשות, ניט דורך אַנדערע מיטלען, מוזען

זיך אונטערוואָרפען דער מאַכט". און נאָך־
דעם איז די ברידער ערלויבט געוואָרען ניט נאָר צו נעמען אַן אָנ־
טייל אין דער פירונג פונ'ם שטאַט, אָננעמען אַמטען און פירען
קריג, אויב זיי וועלען דערצו געצוואונגען ווערען, — ניין, זיי האָבען
פון איצטער אָן און ווייטער אויך געהאַט דאָס רעכט זיך ווענדען
צו דער שטאַטס־מאַכט אין דער פּערזאָן פון אַ ריכטער, אָדער קרי־
גען רוח, זיך באַשעפטיגען מיט האַנדעל, אויפהאַלטען שפּייז־הייזער,
פאַרשטעהט זיך, אויך נאָר אין פאַל פון אַ נויט.

די פאַרשטעהער פון דער עקסטרעמער ריכטונג זיינען אויפ־
געבראַכט געוואָרען פון אָט דעם באַשלוס, וואָס האָט אינגאַנצען
פאַרניכטעט די גלייכהייט, ברידערליכקייט און פרייהייט, וועלכע
האָבען עקזיסטירט ביז יענער צייט. דורך אַן ענערגישער קאָנטר־
אַגיטאַציע האָבען זיי אריבערגעצויגען אויף זייער זייט דעם בי־
שאָף מאַטוויים פון קונוואַלד, האָבען אַנגעשראָקען די אומאַנטשלאָ־
סענע און זיי מיט זיך הינגעריסען; מאַטוויים האָט אויף זייער
אויפפאָדערונג צוזאַמענגערופען אַ נייע אסיפה, וואָס האָט צונישט
געמאַכט אַלע באַשלוסען פונ'ם בראַנדייסער קאָנגרעס און דער־
קלערט אַן אַבסאָלוטע אומקערונג צו די אַלטע מנהגים.

נאָר זייער טריאומף האָט ניט לאַנג געדויערט. דער נצחון
פון די עקסטרעמע איז געקומען ניט פון זייער אינערליכער קראַפט,
נאָר פון דעם פּלוצלונגען אָנפאַל. אינ'ם יאָר 1494, אויפ'ן צו־
זאַמענפאָר אין רייכעניו, זיינען זיי ווידער געבליבען אין דער
מינאָריטעט און, ווי זיי האָבען דאָס אַליין איצט פאַרשטאַנען,
פאַרלאָרען יעדע האָפנונג נאָך אַמאָל דורכפירען אין דער געזעל־
שאַפט זייערע כללים. דעמאָלט איז פאָרגעקומען אַ שפּאַלטונג.
דער פאַרזוך פון אַ פשרה, וואָס איז געמאַכט געוואָרען אינ'ם יאָר
1496, האָט נאָר געבראַכט צו געגענזייטיגע זידלערייען און צו אַ
פאַרשאַרפונג פון שנאה.

די עקסטרעמע האָבען זיך אָנגערופען די קלענערע פּאַרטיי.
זי איז געווען אומבאַדייטענד אין צאָל; צוגעשטאַנען צו איר זיי־
נען נאָר אומאַנטוויקעלטע מענשען, פּויערים און האַנטווערקער,
און זי איז געשטאַנען אין אַ ווידערשפּרוך צו די באַדערפעניששען
פון דער געזעלשאַפטליכער אַנטוויקלונג. דערפאַר טאַקע האָט זי

אַנגעפאַנגען אונטערצוגעהן, און ווען אינ׳ם יאָר 1527 האָט מען פארברענט עטליכע מיטגלידער פון דער סעקטע אין פראָג, איז זי פאָלשטענדיג פארשוואונדען געוואָרען.

פארקערט, די מעסיגע ריכטונג, פארשטארקט דורך פארמעג־ליכע און איינפלוסרייכע מענשען, האָט שנעל אָנגעפאַנגען צו וואַק־סען, ווייל זי האָט זיך באנוצט מיט דער ערלויבניש אָן אנטייל צו אַנטשפּראָכען די באַדערפנישען פון דער געזעלשאפטליכער אנט־נעמען אין דער פירונג פונ׳ם שטאַט אין איינקלאַנג מיט אירע באַדערפנישען, און אויך א דאנק איר אָרגאַניזאציע, וואָס האָט וויקלונג. אינ׳ם יאָר 1500 האָבען שוין די מעסיגע געהאַט צוויי הונדערט קלויסטערס; אין דעם משך פונ׳ם 16טען יאָרהונדערט זיינען זיי געוואָרען א מעכטיגער פּאָליטישער און עקאָנאָמישער פאקטאָר אין בעהמען. ווי פיל אָנהענגער זיי האָבען געהאַט צווי־שען די פריצים, באַווייזט, אגב, א פעטיציע, וואָס די פריצים האָ־בען אינ׳ם יאָר 1575 געשיקט צום קעניג. די פריצים זיינען אַלע געווען מיטגלידער פון דער ברידערליכער געמיינדע. אויף אָט דער פעטיציע זיינען געווען אונטערגעשריבען זיבעצען באַראָנען און 141 ריטער.

עם זיינען פארשוואונדען געוואָרען אַלע תקנות פון די בעה־מישע ברידער, וואָס האָבען דערמאָנט דעם אמאָליגען קאָמוניזם; פון זייער ליטעראטור, ווי מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, זיינען זאָרגפעלטיג ארויסגעוואָרפען געוואָרען אַלע קאָמוניסטישע טראַ־דיציעס. די ברידער האָבען ברייט צועפענט פאר די רייכע די טירען פון דער געמיינדע, און פון דער צווייטער זייט איז דאָס אויך געקומען דערצו, אַז צווישען זיי האָבען זיך אויך געפונען בעטלער. די קירכליכע תקנות פונ׳ם יאָר 1609 לויטען: ו ו י י ו ו י י ט מ ע ג ל י ך, האַלטען מיר אָפּ אונזערע מענשען פון בעטלעריי״. קיין חוב ארויסצוהעלפען איינער דעם אַנדערען האָט שוין מער ניט עקזיסטירט.

„די בעהמישע פוריטאַנער, — זאָגט הינדעלי (א. צ. 2, ז. 213), — ריכטיגער די בעהמישע פאַנאַטיקער, וואָס זיינען גיכער געווען גענייגט צו פעטער כעלטשיצקי, ווי צו הוס׳ן, וועלכע האָבען געפּרעדיגט פּאָול׳ס לערע וועגען הייראטסלאָזיגקייט, וועלכע האָבען

ניט אָנערקענט קיין שבועה, ניט פאַרנומען קיין אַמטען, ניט גע־דולדעט קיין לוקסוס און רייכטום, ניט באַשעפטיגט זיך מיט וואוכער און צוריקגעוויזען קריג, — אַט די מענשען זיינען איצ־טער געוואָרען זעהר רייכע קאַפּיטאַליסטען, ווירדיגע פּאַטערס פון פאַמיליעס, כיטרע געשעפטס־לייט, אָנשטענדיגע בורגעמייסטערס און געשוואוירענע ריכטער, טאַלאַנטפולע גענעראַלען און שטאַט־פירער".

זייערע ערפאָלגען האָבען זיך געצויגען ביז צו דעם דרייסיג־יאָריגען קריג, ביז צום שלאַכט נעבען דעם ווייסען באַרג אינ'ם יאָר 1620. אַט די שלאַכט האָט געמאַכט אַ סוף צום קאַמף צווי־שען דעם בעהמישען אַדעל און דעם אַבסאָלוטיזם פון די האַבס־בורגער, וואָס האָבען פאַרנומען דעם בעהמישען טראָן פונ'ם יאָר 1526 אָן; זי האָט געבראַכט צו אַ פאָלשטענדיגער אויסראָטונג פון די פּריצים, צו דער קאָנפיסקאַציע פון זייערע פאַרמעגענס און זייער צוטיילונג צווישען די יעזואיטען און די הויף־קרעאַטורען. זי האָט אויך געבראַכט דעם אונטערגאַנג פון די בעהמישע ברידער. מיט מי און מאַטערניש האָבען זיך קוים אויפגעהאַלטען דאָ און דאָרטען די צוזייטע רעשטלאַך זייערע, וועלכע האָבען, ענדליך, אינ'ם יאָר 1722 געפונען אַן אָפּדאַך ביים פרומען גראַף צינצענ־דאָרף אויף זיינע זאַקסישע גיטער אין הערנהוט.

אָבער די הערנהיטער האָבען ניט באַזעסען ניט דעם קאָמו־ניסטישען ענטוזיאַזם פון דער עקסטרעמער ריכטונג פון די ברי־דער, ניט די לעבענס־ערפאַרונג פון די מעסיגע. אָרימע, פון צרות דערשלאָגענע, פּויערים און האַנטווערקער, וואָס האָבען זיך ארויס־געדרעהט פון פאַרפאָלגונגען נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבען געלעבט אין די ווייטסטע פאַרוואָרפענסטע ווינקעלאַך, האָבען זיי ניט פיל געקענט אָפּהיטען דעם מהות פון דער ברידערליכער געמיינדע.

אינ'ם 16טען יאָרהונדערט האָבען די בעהמישע ברידער אויפ־געהערט צו שפּילען אַ ראָלע אין דער געשיכטע פונ'ם סאָציאַליזם; אין דעם 17טען יאָרהונדערט האָט זיך אויסגעלאָזט זייער באַדיי־טונג אויך פאַר דער געשיכטע בכלל.

## זיבעטער קאפיטעל.

# די דייטשע רעפאָרמאציע און טאָמאַס מינצער.

### 1. די דייטשע רעפאָרמאציע.

ענעאס סילוויוס פיקאלאמיני, וועמען מיר האָבען שוין פריער ציטירט, איז אין אָנפאַנג געווען א הייסער קעמפער פאר דער קירכליכער רעפאָרם, נאָר נאָכדעם האָט ער געשלאָסען שלום מיט׳ן רוימישען פויפסט און אַלס באַלוינונג דערפאר האָט ער אינ׳ם יאָר 1456 באַקומען א קארדינאַל־היטעל*). מארטין מייער, א געבירטיגער פון היידעלבערג, דער קאַנצלער פון דעם מאינצער ערצבישאָף דיטריך ערבאַך, האָט זיך געווענדעט צום פריש־געבאַקענעם קארדינאל מיט א בריף, אין וועלכען עס ווערט, אגב, געזאָגט דאָס פאָלגענדע: „עס זיינען ערפונדען געוואָרען טויזענט מיטלען (זיי ווערען טיילווייז אויסגערעכענט עטוואס פריער), דורך וועלכע דער רוימישער טראָן פארכאַפּט ביי אונז, ווי ביי די באַרבאַרען, דאָס געלד. אַלס פועל יוצא דערפון, איז אונזער נאַציע, וואָס האָט פריער אזוי העלדיש באַזיגט מיט איר מוט און בלוט דעם רוימישען שטאַט, און וואָס איז געווען די הערשערין און די קעניגין פון דער וועלט, איז איצטער זעהר פאַראָרימט, א דינסט און א צינז־צאָלערין געוואָרען און, וואַלגערענדיג זיך אין שטויב שוין פיל יאָרען, באַוויינט זי אירע אומגליקען און אָרימקייט. נאָר איצטער האָבען אונזערע פירשטען אויפגע־

*) מיט צוויי יאָר שפּעטער איז ער געוואָרען פויפסט אונטער׳ן נאָמען פיוס דער צווייטער. זייענדיג פויפסט איז ער געפאַלען אויפ׳ן עבל צו פארלוימדען זיינע אַמאָליגע ווערק, אַלס אפיקורסישע.

וואכט פון שלאף, אנגעפאנגען צו טראכטען אפשר קען מען עפּ־וואס טאן, כדי ארויס פון אט די צרות און האבען באשלאסען איינ־גאנצען ארפּוואַרפען דעם יאך און זיך דערשלאגען צו דער אמאָ־ליגער פרייהייט. און פאר דער רוימישער קוריע וועט זיין ניט קיין קלענער אומגליק אויב די פירשטען פון דער רוימישער אימ־פּעריע וועלען פאַרווירקליכען, וואס זיי האבען פארטראכט.

ענעאס סילוויוס איז ארויסגעטראטען געגען מייער׳ן מיט א גאנצען בוך וועגען דער לאגע פון דייטשלאנד; דער בוך איז ערשינען אינ׳ם יאר 1458, א שטיקעל צייט פריער איידער ער איז ערוועהלט געוואָרען אלס פּויפּסט. „אָרים אין גייסט, — ערקלערט ער דאָרטען, — איז דער מענש, וואס זאָגט, אז דייטש־לאנד איז פאראָרימט געוואָרען". ער פּראָבירט דאס צו דער־ווייזען, שטיצענדיג זיך אויפ׳ן האנדעל און באַרג־בוי, וועלכע האבען דעמאָלט געבליט אין דייטשלאנד און גע־בראכט זעהר גרויסע הכנסות. „אויב עס איז אמת, — רופט ער אויס, — אז דאָרטען, וואו עס זיינען פאראן סוחרים, קען מען אויך טרעפען רייכטימער, מוז מען אנערקענען, אז די דייטשען זיינען די רייכסטע נאציע, ווייל דער גרעסטער טייל פון זיי, אין גע־יעג נאך האנדעלס־רווחים, יאָגען זיך ארום ווייט איבער פרעמדע לענ־דער... מן דארף ניט פארגעסען די גאָלד־ און זילבער־מינען, וואס זיי־נען פריער געווען אומבאוואוסט און איצטער זיינען זיי ביי אונז אָפען. אין בעהמען קוטטענבערג, אין זאקסען ראנקבערג, אין מייסען פרייבערג אויף די קאפּ־שווינדעלדיגע הויכקייטען האבען זיי אומערשעפּליכע זילבער־אָדערען". נאכדעם ווייזט ער אָן אויף די גאָלד־און זילבער־מינען אין די טאָלען פון אינן און ענס, אויף דעם גאָלד־זאמד ארום דעם רהיין און אין בעהמען און פרעגט לסוף: „איז ביי אייך ערגעץ פאראן א גאסט־הויז, וואו מען זאָל טרינקען ניט פון זילבערנע כלים? וועלכע פרוי ניט נאָר צווישען די אָנגעזעהענע, נאָר אפילו צווישען די פּלעבעער באריימט זיך ניט מיט קיין גאָלדען צירונג? דארף איך דען אָנצייגען אויף די האלז־קייטעלאך פון די ריטער און אויף די גינגאָלדענע צוימלאך פון זייערע פערד, אויף די שפּאָרען און שיידען פון זייערע שווער־דען, וואס זיינען באזעצט מיט עדעלשטיינער, אויף די רינגען

און חאַלז־באַנדעז, אויף די פּאַנצירס און העלמען, וואָס שיינען מיט גאָלד? ווי פּרעכטיג איז דאָרט די קירכליכע אויסשטאַטונג, ווי פיל רעליקוויען זיינען איינגעפּאַסט אין גאָלד און אין פּערל, ווי רייך די באַצירונג פון די אַלטאַרען און די בגדים פון גייסט־ליכע!"

אַלזאָ, דייטשלאַנד געפינט זיך אין אַזאַ לאַגע, אַז זי קען צאָלען צינזען צום רוימישען טראָן; און וואָס וועט טאַקע פון אים ווערען, אויב דייטשלאַנד זאָל אים אויפהערען ברענגען אירע מתנות? ער וועט ווערען אָרים און עלענד, וועט ניט זיין בכח צו ערפילען זיינע גרויסע פליכטען; די אומבאַדייטענדע און אומפּאַרזיכערטע הכנסות פון דעם קירכליכען באַצירק וועלען דאַ־רויף ניט קלעקען. אָהן רייכטום קען מען ניט זיין אינטעליגענט און געניסען אַלגעמיינע אַכטונג. די גייסטליכע זיינען געוועזען רייך אונטער יעדער סאָציאַלער אָרדנונג (אין אָמני לעגע).

מען קען זיך ניט פאָרשטעלען קיין גרעסערען ווידערשפּרוך צווישען די צוויי ווערק. מען וואָלט אפילו געקענט זאָגען, אַז אויב איינס פון זיי איז אמת, איז דאָס צווייטע פאַלש. פונדעסטוועגען זיינען ביידע ריכטיג, הגם זיי זיינען ביידע ניט אָהן איבערטריי־בונגען. יעדעס ווערק באַזונדער גיט נאָר אַן אומפאָלקאָמען בילד פון דער לאַגע פון דייטשלאַנד אין דער צווייטער האַלב פונ'ם 15טען יאָרהונדערט. אָט דערפאַר זיינען זיי ביידע גערעכט, וואס זיי שטעהען אין אַזאַ אומפּאַראייננבאַרען ווידערשפּרוך איינס צום אַנדערען, ווייל אָט דער ווידערשפּרוך שפּיגעלט ריכטיג אָפּ אין זיך דעם גרויסען ווידערשפּרוך, וואָס האָט דעמאָלט עקזיסטירט אין אַלץ; און אָט דער ווידערשפּרוך טאַקע דערפאַר, וואָס ער איז געוועזען אומפּאַראייננבאַר, האָט געקענט פאַרשוואונדען ווערען נאָר דורך אַ קאַמף צווישען די צוויי ריכטונגען און דורך אַ זיג פון איינער איבער דער צווייטער.

מייער'ס בריף און דער ענטפער פון ענעאַס סילוויוס אַנט־פּלעקען פאַר אונז מיט אַן אומגעוועהנליכער קלאָרקייט דעם הויפּט־פּונקט, ארום וועלכען עס האָט זיך געדרעהט די גאַנצע רעפאָר־מאַציע, ווען מען באַפרייט זי נאָר פון דער מאַסע טעאָלאָגישע ויכחים וועגען השגחה, קאָמוניאָן א. אנד., וואָס די קירכליכע רע־

פֿאַרמאַטאַרס פון פאַרשיידענע פֿאַרייען האָבען אויף איר ערשט שפּע־טער ארויפגעוואַלגערט.

ענעאַס סילוויוס איז גערעכט: דייטשלאַנד איז אינ׳ם 15טען יאָרהונדערט געווען רייך און בליענד, א דאַנק אירע מינען און האַנדעל. גערעכט איז ער אויך געווען, בעת ער האָט געזאָגט, אַז דער רוימישער טראָן האָט עקזיסטירט הויפּטזעכליך אויף די הכנסות פון דייטשלאַנד, ווייל די אַנדרע גרויסע נאַציעס פון אייראָפּאַ האָ־בען זיך שוין דעמאָלט געהאַט באַפרייט פון אָפּצאָלונגען צום פּויפּסט. די רוימישע קוריע האָט טאַקע דארום אַלץ בונטער ארויסגעצייגט אירע עקספּלואַטאַטאָרישע פעהיגקייטען אויף דייטשלאַנד און אַלץ עקשנות׳דיגער איר אנטזאַגט אין דער קלענסטער הנחה. קיין פאַרלינדערונג פון די פּויפּסטליכע צינזען האָט מען ניט געקענט ערוואַרטען. דייטשלאַנד האָט געמוזט אָדער דולדען און שווייגען, אָדער אינגאַנצען זיך איינרייסען מיט רוים.

דער געדאַנק וועגען דעם לעצטען אויסגאַנג האָט זיך אַלץ מער פאַרשטאַרקט, ווייל מאַרטין מייער איז אויך געווען גערעכט. ווי דאָס רייכטום פון דייטשלאַנד איז ניט געוואַקסען, זיינען די פּויפּסט־ליכע צינזען פאַרט פאַר איר געווען א שווערע לאַסט און זיינען געווען א שטערונג צו איר עקאָנאָמישער אנטוויקלונג.

געשאַדט האָט דייטשלאַנד שוין אָט דער אומשטאַנד, וואָס זי האָט געמוזט טראָגען די לאַסט בעת די איבעריגע ציוויליזירטע נאַציעס האָבען זיך שוין געהאַט פון איר באַפרייט. אין פראַנק־רייך, ענגלאַנד און שפּאַניע פלעגט די קירך אפילו אויך בארויבען דאָס פאָלק, נאָר דאָרטען איז א באַדייטענדער טייל פון אירע הכנסות געבליבען אין לאַנד, אריינגעפאַלען אין די הענט פון די הערשענדע קלאַסען, וועלכע האָבען באַזעסען די בעסטע גייסטליכע עמטער, טיילווייז דורך די מיטגלידער פון זייערע פאַמיליעס, טיילווייז דורך די דערוועהלטע און נאָכשלעפּערס פון אַנדערע קלאַסען. פאַר־קערט אָבער אין דייטשלאַנד זיינען א סך גייסטליכע שטעלעס אריין אין די הענט פון אויסלענדער, אין די הענט פון דעם פּויפּסט׳ס דערוועהלטע, און ניט צו די דייטשע פירשטען; אַלע איינקינפּ־טיגע גייסטליכע עמטער זיינען דאָ געוואָרען אַן אָביעקט פון האַנ־דעל; דער פּויפּסט פלעגט זיי פאַרקויפען צו דעם, וואָס האָט באַר

זיי מער באַצאָלט.*) דערפאַר פלעגן אומגעהייערע סומען יאָר איין, יאָר אויס אַוועקגעשיקט ווערן קיין רוים און האָבן זיך ארויסגעגליטשט פון די הענט פון די גרויסע דייטשע עקספּלואטאטאָרס, פון אירע פירשטען און סוחרים. ווי גרויס עס זיינען ניט געווען די הכנסות פון דעם האַנדעל און באַרג־בוי, ווי שנעל עס האָט ניט געוואַקסען דאָס רייכטום פון דייטשלאַנד — די באַדערפעניש אין געלט און די גיריגקייט פון די עקספּלואטאטאָרס איז נאָך שנעלער געוואַקסען.

די סחורה־פּראָדוקציע און דער אויסטויש פון סחורות, ד. ה. די געלט־ווירטשאַפט, זיינען אין דייטשלאַנד אין דעם 15טען יאָרהונדערט שוין געווען באַדייטענד פאַרשפּרייט. די פּראָדוקציע

---

*) אַזוי ווי אַ באַדייטענדער טייל פון די עמטער און פלעצער אין דער רוימישער קירך פלעגן פאַרקויפט ווערען, זיינען די קירכען־געמיינדעס אַלץ מער און מער פאַרוואַנדעלט געוואָרען אין אַ געוויינטליכען האַנדעלס־אָביעקט. די זאַך איז אַזוי ווייט אַוועק, אַז דער פאַרקויף פון די מער איינקונפטיגע חזקות פלעגן צוליב אַ גרעסערען ערפאָלג איבערגעגעבען ווערען פאַר אַן אַנטשפּרעכענדער פּרייז צו גרויסע האַנדעלס־קאָמפּאַניעס; אַזוי, למשל, האָבען די פוגגערס פאַר זיך איבערגעלאָזט די קירכען־געמיינדעס נאָכ׳ן טויט פונ׳ם אויגסבורגער קאַנאניק; שפּעטער האָט מען זיי אויפגעקויפט און, וואַרשיינליך, האָבען די נייע באַלעבאַטים זיי פאַרדונגען צו דעם, וואָס האָט פאַר זיי מער געצאָלט. ווימפּפלינג האָט געקענט אַ גייסטליכען, וואָס האָט געהאַט אַ חזקה אויף פיר־און־צוואַנציג קירכען־געמיינדעס און אויף אַכט קאַנאניקאַטען, נאָר פאַקטיש האָט ער ניט פאַרנומען קיין איינע פון זיי. קאַפּיטאַ דערציילט אפילו וועגען איין שטראַסבורגער קאַנאניק, יאַקאָב, וועלכער האָט באַזעסען הונדערט קירכען־געמיינדעס און האָט מיט זיי פּשוט געהאַנדעלט (ז. פאָן בעצאָלד „געשיכטע דער דויטשען רעפאָרמאַציאָן", בערלין, 1890, ז. 78). „עס איז דאָ ניט גרינג צו באַקומען אַ רייכע קירכען־געמיינדע, — זאָגט הוטען, — פאַר אַ מענשען, וואָס האָט זי אליין ניט פאַרדינט אין רוים אָדער וואָס האָט אַהין ניט אַוועקגעשיקט קיין גרויסע סומע באַבאַר, אָדער וואָס האָט זי פּשוט ניט געקויפט דורך די פוגגערס". („דיע רעמישע דרייפאַלטיגקייט". געשפּרעכען פון אולריך פאָן־הוטען, איבערזעצט און קאָמענטירט דורך דאַוויד פר. שטראַוס, לייפּציג 1860, ז. 106). דערפאַר טאַקע זיינען די פוגגערס געווען אַזעלכע אייפערדיגע קאַטאָליקען און ניט געוואָלט קיין געלט פאַר׳ן קאַמף געגען לוטער׳ן.

פאר'ן איינענעם געברויך, די נאַטוראַלעווירטשאַפט, ווי אַן אויס־שליסלעכע פאָרם פון פּראָדוקציע, האָט אָנגעפאַנגען שנעל אונטערצוגעהן אפילו אין די דערפער. די באדערפעניש אין געלט האָט זיך אומעטום געהאַלטען אין פארגרעסערען; אַם מער־סטען איז זי געוואַקסען ביי די הערשענדע קלאַסען; געשעהן איז דאָס ניט נאָר דערפאַר, וואָס זייער אַרט לעבען האָט דערגרייכט אַ געוואַלטיגען מאַסשטאַב פון לוקסוס, נאָר אויך דערפאַר, וואָס ביי זיי האָבען זיך אַנטוויקעלט באדערפענישען, וועלכע מען האָט נאָר געקענט באַפרידיגען דורך געלט. דער אַבסאָלוטיזם, וועלכער האָט דעמאָלט זיך נאָר־וואָס געהאַט אַנטוויקעלט, האָט זיך גענויטיגט אין געלט כדי צו באַצאָלען זיינע געדונגענע חילות און באַאַמטע, כדי צוצוציען צו זיין הויף און באַהערשען די זעלבסטשטענדיגע פּריצים, און ,ענדליך, האָט ער זיך גענויטיגט אין געלט, כדי אונ־טערצוקויפען די מענשען פון זיינע געגנער. מען האָט געמוזט אָפ־זוכען הכנסות, באַנעמען ביז אַ פאָדים די פּויערים און שטאָטישע איינוואוינער און ביי זיי ארויסקוועטשען אַלץ, וואָס מען האָט נאָר געקענט ארויסקוועטשען. אָבער די שטענדיגע הכנסות האָבען נאָר טיילווייז געקלעקט, און מען האָט אָנגעפאַנגען צו מאַכען הלואות, וועלכע האָבען נאָר ארויסגערופען נייע הוצאות אויף פּראָצענטען.

ניט קוקענדיג אויף אַלע רעקוויזיציעס און הלואות, האָבען נאָר אייניגע פירשטען געקענט דורכקומען מיט זייערע פינאַנסען, און אַלע האָבען זיי דערפילט, — און צוזאַמען מיט זיי אויך זייערע אונטערטאַנען, אויף וועלכע עס זיינען געלעגען אַט די און נאָך אַנדערע לאַסטען, — אַז זיי האָבן אָנגעפאַנגען צו פאַראַרימט ווע־רען, הגם דאָס רייכטום אין דייטשלאַנד האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען, און אַז מען קען ניט רוהיג צוקוקען, ווי דער פּויפּסט נעמט אומזיסט און אומגישט אַראָפּ די סמעטענע און זיי בלייבט נאָר די זויערמילך.

נאָר באַפרייען זיך פון דער פּויפּסטליכער עקספּלואַטאַציע איז גאָר ניט געווען אַזוי לייכט. אמת, פון דער רוימישער הערשאַפט האָט געליטען פּונקט ווי די פירשטען, אפילו נאָך אַ סך מער, די גאַנצע מאַסע פון פאָלק, עס האָבען געליטען די נידעריגסטע קלאַסען, די פּויערים, דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט, די בורזשואַזיע און די

קליינע פריצים. נאָך פאַר וויקלעף'ן און הוס'ן, אונטער לודאָוויק פון בייערן האָבען זיי שוין ארויסגעצייגט א נייגונג אַנצופאַנגען א קאַמף געגען דער קוריע. נאָר זיי האָבען ניט ווינציגער גע־ ליטען פון דער וואַקסענדער עקספּלואַטאַציע מצד דעם העכסטען אדעל, די גרויסע סוחרים און פירשטען; דער ביישפּיל פון ענג־ לאַנד, פּונקט ווי פון בעהמען, האָט קלאָר באַוויזען, ווי געפעהרליך עס איז פאַר אַט די קלאַסען אונטערנעמען צו אויסראָטען איינעם פון די גרויסע אויטאָריטעטען פון דער געזעלשאַפט. אקוראט, ווי די רעוואָלוציאָנערע מלחמות פון פראנקרייך ביים סוף פונ'ם 18טען און אָנפאַנג פונ'ם 19טען י. ה. האָבען ארויסגערופען אין איירָאָפּא א רעאַקציע און אויף לאַנג אָפּגענומען ביי דער בורזשואזיע, וואָס האָט אומעטום געהאַלטען אין איין פאַרשטאַרקען זיך, דעם חשק צו קעמפען אויף א רעוואָלוציאָנערען שטייגער, האַנט אין האַנט מיט די קליינע אייגענטימער און מיט'ן פּראָלעטאַריאט, געגען דעם אַבסאָלוטיזם פון די הערשער און אריסטאָקראַטישע ערד־באַזי־ צער, — פּונקט אזוי האָבען די הוסיטישע מלחמות געשאַפען אַ פעריאָד פון רעאַקציע ניט נאָר אין בעהמען, נאָר אויך אין דייטש־ לאַנד, און דערפאַר האָט געמוזט אוועק א לאַנגע צייט ביז די אידעע פון באַפרייאונג פון רוים האָט באַקומען א ספּעציעלען חן אין די אויגען פון די הערשענדע קלאַסען פון דער אימפעריע.

דערצו איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס דער פאַר־ באַנד צווישען קייזער און פּויפּסט, וואָס איז געשלאָסען געוואָרען דורך די לוקסעמבורגער אין די צייטען פון קאַרל און סיגיזמונד, האָט נאָך אַלץ עקזיסטירט אפילו אונטער די האַבסבורגער, וואָס האָבען פאַרנומען זייער פּלאַץ אויפ'ן טראָן. צו די אורזאַכען, וואָס האָבען געמאַכט די לוקסעמבורגער פאַר פריינט פונ'ם פּויפּסטענ־ טום, איז אונטער די האַבסבורגער נאָך צוגעקומען דער שרעק פאַר די טערקען, וועלכע האָבען שוין געדראָט זייער לאַנד, און פון וועמען מען וואָלט נאָר געקענט, האָט זיך געדוכט, ניצול ווערען דורך א קרייץ־צוג, אָרגאַניזירט דורכ'ן פּויפּסט.

דער פאַרשלאָפענער פרידריך דער 3טער איז געווען אין אַלע ערנסטע פראַגען פון דער קירכליכער פּאָליטיק מער ניט ווי א גע־ צייג פון דעם כיטרען רענעגאַט ענעאַס סילוויוס; מאַקסאַמיליאַן

„דער לעצטער ריטער״, אָט דער פּעדאַנטישער ראָמאַנטיק אויפ'ן טראָן, האָט זיך ארויסגעצייגט אין העכסטען גראַד שוואַך און אומ־אַנטשלאָסען. פונדעסטוועגען, ווי ווייט אים האָט זיך אויסגעוויזען, אז די אינטערעסען פונ'ם קייזער און פּויפּסט זיינען ענג צוזאַמענגעבונדען, קען מען זעהן דערפון, וואָס ער האָט אויסגעאַרבייט אַ פּלאַן צו קרוינען איינעם און דעם זעלביגען קאָפּ אי מיט דער קייזערליכער קרוין, אי מיט דער פּויפּסטליכער טיאַרע. קאַרל דער פיפטער האָט זיך ענערגיש אַ וואָרף געטאָן אויפ'ן פּויפּסט, בעת יענער האָט אָנגעפאַנגען צו שטערען זיינע פּלענער בנוגע צו עסט־רייך; ער האָט זיך אפילו ניט אָפּגעשראָקען צו שיקען זיינע לאַנדס־קנעכט גלייך קיין רוים, כדי אים צו באַרויבען, און פונ־דעסטוועגען פלעגט ער ענערגיש באַשיצען דעם פּויפּסטליכען אוי־טאָריטעט אין דייטשלאַנד, — אויף אַזוי פיל ענערגיש, אויף ווי פיל ענערגיש דאָס האָט געקאָנט טאָן דער דייטשער קייזער.

ווען צו דעם אַלעמען זאָל מען נאָך צולעגען די שרעקליכע צוברעקעלטקייט פון דייטשלאַנד, וועלכע האָט הגם אראָפּגעשטויסען די מאַכט פונ'ם קייזער ביז דעם מינימום, האָט אָבער אין דער זעלבי־גער צייט פיל געשטערט דער פאַראייניגונג פון זיינע און דעם פּויפּסט'ס געגנער זיך פּלייסיג אַ וואָרף טאָן פאַראויס, וועט דעמאָלט פולשטענדיג קלאָר ווערען, פאַרוואָס די רעפאָרמאַציע אין דייטש־לאַנד האָט זיך ערשט אָנגעפאַנגען מיט הונדערט יאָר נאָך דעם אָנ־פאַנג פון די הוסיטישע מלחמות.

דערווייל האָט זיך די אַנטוויקלונג פונ'ם לאַנד אַ שטויס גע־טאָן ווייט־ווייט פאַראויס. ווי באַדייטענד עס האָבען זיך דאָס פאַרפאָלקאָמט די מיטלען פון גייסטליכען און מיליטערישען קאַמף! עס איז ערפונדען געוואָרען די בוך־דרוקעריי, באַרפאָלקאָמט גע־וואָרען די אַרטילעריע; די פאַרקערס־מיטלען, ספּעציעל דער פאַרקער אויפ'ן ים, זיינען זעהר אַנטוויקעלט געוואָרען; אַ קור־צע צייט פאַר דער רעפאָרמאַציע האָבען צום ערשטען מאָל העלדישע ים־רייזענדע איבערגעשוואומען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין זיין גאַנצער ברייט*).

---

*) אינ'ם יאָר 1497 איז דזשאָן קאַבאָט אָפּגעשוואומען פון בריס־

די סיבה פאר אָט די רייזעס איז אינ'ם 15טען יאָרהונדערט געווען דאָס אריינדרינגען פון די טערקען און פון אַנדערע פעלקער פון צענטראַל־אַזיע, וואָס האָט אָפגעשלאָסען די אַלטע האַנדעלס־וועגען צום מזרח. אַ דאַנק דער הויכער מדרגא, אויף וועלכער עס איז אין יענער צייט געשטאַנען די אייראָפּעאישע נאַוויגאַציאָנס־קונסט, האָט אָט די לאַגע ניט אָפגעשטעלט דעם האַנדעל פון אייראָפּאַ מיט מזרח־אַזיע, נאָר אַרויסגערופען אַ סך פארזוכען צו אַנט־דעקען נייע וועגען קיין אינדיע, פון איין זייט אַרום די ברעגען פון אפריקאַ, פון דער אַנדערער זייט דורכ'ן אָקעאַן. עס איז געקומען אַן עפּאָכע פון אַנטדעקונגען, און דעמאָלט טאַקע האָט זיך די מאָדערנע קאָלאָניאַל־פּאָליטיק אָנגעפאַנגען.

אָט דאָס האָט ניט נאָר מיט איין מאָל גוואַלטיג פארברייטערט דעם האָריזאָנט פון דער גאַנצער מענשהייט און אַרויסגערופען אַ פולשטענדיגע רעוואָלוציע אינ'ם פעלד פון מענשליכען וויסען — דערמיט איז אויך צוגעגרייט געוואָרען אַן ע ק אָ נ אָ מ י ש ע רעוואָלוציע. דערווירטשאַפטליכער שווער־פּונקט פון אייראָפּאַ האָט זיך איבערגעטראָגען פון דעם מיטעל־לענדישען ים צו די ברעגען פון דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן. די עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג פון איטאַליע און פון מזרח־אייראָפּאַ איז אָפּגעשטעלט און פאר־האַלטען געוואָרען, אָבער די אַנטוויקלונג פון מערב־אייראָפּאַ האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן פאָראויס מיט אַ פּלוצלונג־מעכטיגען שטוים. די עקזיסטירענדע געגענזאַצען צווישען די קלאַסען, פּונקט ווי צווי־שען באַזונדערע שטאַטען, זיינען פאַרשאַרפט געוואָרען ביז דער העכסטער מדרגה, עס זיינען אַנשטאַנען נייע; אַלע תאוות, וואָס זיינען פאַראַן אין דער נייער קאַפּיטאַליסטישער פאָרם פון פּראָ־פּיטירונג, האָבען זיך צופלאַקערט און אָנגעפאַנגען צו ווירקען מיט דער גאַנצער קראַפט און אומפאָרזיכטיגקייט, וואָס זיינען אייגענטימליך דעם נאָר־וואָס איבערגעלעבטען באַרבאַרישען מיטעל־אַלטער.

---

טאָל ביז לאַבראַדאָר, אינ'ם יאָר 1498 איז קאָלאָמבוס געשוואומען פון פאַלאָס קיין וועסט־אינדיע. די נאָרמאַנען, וואָס האָבען דערגרייכט אַמע־ריקאַ אַרום דעם יאָר 1000, האָבען זיך אויסגעקליבען דעם וועג דורך איזלאַנד און גרענלאַנד.

אַלע טראַדיציאָנעלע, סאָציאַלע און פּאָליטישע שייכות׳ן האָ־בען זיך געוואַקעלט, די גאַנצע טראַדיציאָנעלע מאָראַל האָט זיך אַרויסגעצייגט באַנקראָט. אין אַ משך פון אַ יאָרהונדערט איז אייראָפּאַ אויפגעטרייסעלט געוואָרען דורך אַ גאַנצער רייהע פון די שרעקליכסטע מלחמות, אין וועלכע גיהיריגקייט, בלוט־דורשטיג־קייט און דער שגעון פון פאַרצווייפלונג האָבען געפייערט זייערע העסליכע אָרגיעס. ווער ווייסט ניט פון דער וואַרטאָלאָמייער נאַכט, ווער ווייסט ניט, ווי עס האָבען געבושעוועט די העלדען פון דעם דרייסיג־יאָריגען קריג אין דייטשלאַנד, אַלבאַ אין די נידערלאַנדען, קראָמוועל אין אירלאַנד, — ניט רעדענדיג שוין וועגען די שרעקען פון דער קאָלאָניאַלער פּאָליטיק פון זייער צייט!

אָט די ריזיגע איבערקערעניש, די גרעסטע, וואָס אייראָפּאַ האָט איבערגעלעבט זינט דער גרויסער פעלקער־וואַנדערונג, האָט זיך נאָר טיילווייז פאַרענדיגט (אויסער אין ענגלאַנד) מיט דעם שלום אין וועסטפאַלען אינ׳ם יאָר 1648. אָט די איבערקערעניש האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער דייטשער רעפאָרמאַציע, וואָס האָט אויפגעטרייסעלט גאַנץ אייראָפּאַ און האָט ביז׳ן סאַמע מיט פון דעם 17־טען יאָרהונדערט געגעבען די קעמפענדע צדדים אַרגומענ־טען און דעוויזען, אַזוי אַז דער אויבערפלעכליכער באַאָבאַכטער קען מיינען, דאָס דער עיקר אין אָט די אַלע מלחמות זיינען געווען רעליגיעזע פראַגען. און ווירקליך, אָט די אַלע מלחמות ווערען באַצייכענט אַלס רעליגיעזע.

צוליב אָט די אַלע סיבות איז גאָר קיין חדוש ניט, וואָס לויט איר אַלוועלטליך־היסטאָרישער באַדייטונג האָט די דייטשע רע־פאָרמאַטאָרישע באַוועגונג איבערשטיגען אַלע פריערדיגע באַווע־גונגען פון דעם זעלביגען מין, וואָס זי איז געוואָרען אַ „רעפאָר־מאַציע״ אינ׳ם ברייטען זין פון דעם וואָרט, און וואָס די דייטשען, ניט קוקענדיג, וואָס זיי האָבען אַזוי שפּעט נאָכגעפאָלגט די אַנ־דערע קולטור־נאַציעס פון אייראָפּאַ אינ׳ם קאַמף געגען רוים, האָ־בען זיך געקענט רעכענען פאַר׳ן פאָלק, באַרופען צו באַפרייען דאָס גייסטיגע לעבען פון אונטערדריקונג און ווילקיר.

## 2. מאַרטין לוטער.

דער מענש, וועמען עס איז באַשערט געווען אַריינצוּוואַרפֿען דעם פֿונק אין דער פּולווער־פֿאַס, וואָס האָט אָנגעצונדען דעם גראַנדיעזן אַלוועלטליכען פֿייער, — דער מענש, וועלכער איז געוואָרען, ווי עס זעהט אויס, די הויפּט־סיבה פֿון אַלע איבערקערעגישען און וועמען איינע האָבען פֿאַרגעטערט, און די אַנדערע מחרים געווען, איז געווען דער אויגוסטינער מאָנאַך, מאַרטין לוטער.

ערשינען איז ער אינ׳ם צענטער פֿון דער באַוועגונג ניט צוליב דער פֿאַרצוגליכקייט פֿון זיין שכל אָדער אָריגינאַליטעט און זיין מוטיגען גערדאַנקען־גאַנג; אין דעם הינזיכט האָבען אים אַ סך צייטגענאָסען ווייט אַריבערגעשטיגען. אין פֿראַנקרייך און איטאַליע און אַפֿילו אין דייטשלאַנד גופֿא זיינען אַ סך פֿאָרשטעהער פֿון די העכערע קלאַסען דערגאַנגען ניט נאָר צו אַ פֿולשטענדיגער באַפֿרייאונג פֿון דעם רעליגיעזן אָרט־דענקען, נאָר אַפֿילו צו זיין פֿאַרשפּעטונג; געשעהן איז דאָס אַ דאַנק דער ווירקונג פֿונ׳ם הומאַניזם, וואָס האָט זיך צום ערשטען באַוויזען אין איטאַליע אין דעם 14־טען יאָרהונדערט און וואָס איז געווען פֿאַרבונדען מיט דער אַנטיקער וועלט־אַנשויאונג, וועמענס אויפֿלעבונג ער האָט פֿאַרטראָטען אין אַ געוויסען זין. אין דייטשלאַנד זיינען ספּעציעל באַמערקונגס־ווערט די יונגסטע ערפֿורטער הומאַניסטען, מיט מוציאַנען אויף דער שפּיץ, וועלכער האָט אַוועקגעשטעלט די וויסענשאַפֿט אַלס סתירה צו דער קירך, האָט אָפּגעלייקענט די געטליכקייט פֿון קריסטוס׳ן. לוטער איז צוגעשטאַנען צו אָט דעם קרייזעל פֿון די הומאַניסטען בעת ער איז נאָך געווען אַ סטודענט אין ערפֿורט (אינ׳ם יאָר 1501). נאָר, ווי עס זעהט אויס, האָט אים מער צוגעצויגען זייער פֿרעהליך לעבען, ווי דער גייסט פֿון זייער לערע, ווייל אָט דער גייסט האָט זיך שפּעטער אין קיין זאַך ניט אַרויסגעוויזען, בעת נאָך דער פֿרעהליכקייט איז געקומען די אויסניכטערונג און מאַרטין האָט באַשלאָסען אַריין אין אַ מאָנאַסטיר (אינ׳ם יאָר 1505).

נאָר אַפֿילו צווישען די, וואָס זיינען געטריי געבליבען צו דער לערע פֿון קריסטוס האָבען זיך אויך געפֿונען פֿיל, וואָס האָ־

בען אין די הויפּט־פּונקטען געהאַלטען אין באַפרייען זיך פון דער לערע פון דער קאַטוילישער קירך. פון אַזעלכע וועלען מיר אָנצייגען אויף יאָהאַן פאַן־וועזעל, דעם פּראָפעסאָר פונ׳ם ערפורטער אוניווערזיטעט, וועלכער איז געשטאָרבען אינ׳ם יאָר 1481, מיט צוויי יאָר פריער, איידער לוטער איז געבאָרען געוואָרען. ווי ענערגיש ער פלעגט דאָס זידלען דעם פּויפּסט, „אָט די מאַלפּע אין פּורפּורקליידער״, אָנפאַלען אויף דער לערע פון מחילה און אבטונג צו איקאָנעס, אויף דער וידוי און קאַמוניאָן, אויפ׳ן מנהג פון זאַלבען און תעניתים! „אויב אפילו דער הייליגער פּעטרוס האָט יאָ איינגעפירט תעניתים, — האָט ער איינמאָל געזאָגט אין זיינער אַ דרשה, — איז סיידען נאָר צוליב דעם, כדי ער זאָל מיט מער פּראָפיט פאַרקויפען זיינע פיש״.

אולמאַן, פון וועמעס בוך: „רעפאָרמאַטאָרען פאַר דער רעפאָרמאַציאָן״ 1, ז. 333, מיר האָבען גענומען אָט די ציטאַטע, רעדט זעהר געניי וועגען יאָהאַן וועזעל. „צי האָבען אויף דער אנטוויקלונג פון לוטער׳ס איבערצייגונגען געהאַט אַן איינפלוס, — זאָגט ער, — די ווערק און לערע פון וועזעל׳ן וועגען די מחילות, איז שווער צו זאָגען מיט זיכערהייט. דאָס איז מעגליך, אפילו גאַנץ וואַרשיינליך, ווייל לוטער האָט אין ערפורט שטודירט די ווערק פון וועזעל׳ן; אַ חוץ דעם, אומאָפּהענגיג פון אָט די ווערק, איז וועזעל׳ס לערע, בלי ספק, אויפגעהיט געוואָרען אויך אין די טראַדיציעס פונ׳ם אוניווערזיטעט. און נאָך דעם אַלעמען איז, פונדעסטוועגען, וועזעל אין זיינע ווערק געגען די מחילות אַוועק אַ סך ווייטער אינ׳ם זין פון טעאָרעטישער באַגרינדונג, ווי לוטער, בעת ער האָט ארויסגעגעבען זיינע טעזיסען; וועזעל׳ס פּאָלעמיק איז געוועזן אַ קלאָרע, באַוואוסטזיניגע, אַלזייטיגע, זי איז געווען געריכטעט געגען דער גאַנצער איינריכטונג און אירע יסודות; לוטער׳ס פּאָלעמיק אָבער, הגם אַ שטאַרקע, טיפע און מוטיגע, האָט אין דער זעלביגער צייט ארויסגעוויזען נאָך אַן אומקאָמפּעטענטע קלאָרקייט פון וויסען און איז געווען געריכטעט אַם־מערסטען אויף צייטווייליגע תּמרונות״ (אַ. צ., 1, ז. 307).

לוטער, פונ׳ם יאָר 1508 פּראָפעסאָר פון טעאָלאָגיע אין וויטעמבערג און שטאָט־גלח טאָקע דאָרטען פונ׳ם יאָר 1515, איז

אויפגעבראכט געוואָרען געגען דעם האנדעל מיט אינדולגענציעס, וואָס טעצעל האָט אין דעם יאָר 1517 געפירט אין זאַקסען, מיט דעם צוועק אריבערצופירען דאָס געלט פון די קעשענעס פון'ם פראָסטען עולם, וואו עס האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגענומען, אין דעם דעקלאָזען אוצר פון'ם פויפסט לעאָ דעם 10־טען; אָן אויפ־געבראכטער, פונקט ווי אַנדערע, האָט לוטער זיך באַשלאָסען ארויס־צוטרעטען געגען אָט דם האנדעל. די פאָרם, אין וועלכער ער האָט דאָס געטאָן איז ניט געווען קיין אויסערגעוועהנטליכע; ער האָט צוגעשלאָגען צו דער טיר פון איינעם פון די וויטעמבערגער קלויסטער (דעם 31טען אָקטאָבער, 1517) 95 טעזיסען וועגען מחילה, אזוי פלעגען געוועהנליך טאָן אַלע פראָפעסארען פון יענער צייט, און זיך ארויסגערופען צו פירען וועגען זיי א ויכוח. דער אינהאלט פון אָט די טעזיסען האָט ניט געטראָגען קיין שום רעוואָלוציאָנערען כאראקטער; זיי האָבען געהאט א שייכות נאָר צו אזעלכע פונקטען, מכח וועלכע אין דער קירך גופא האָט נאָך ביז יענער צייט ניט עקזיסטירט קיין איינינקייט. באַרירען טאקע דעם מהות פון מחילה, ווי דאָס האָט געטאָן וועזעל, איז אים אפילו אויף די געדאנקען ניט געקומען. דער 71־טער טעזיס לויטעט דאָס פאָלגענדע: „פארשאָלטען זאָל ווערען יענער, וואָס רעדט געגען דער ריכטיגקייט פון דער פויפסטליכער מחילה". לוטער אליין זאָגט וועגען זיך שפּעטער: „ווען איך האָב אָנגעפאנגען ארויסצוטרעטען געגען דעם האנדעל מיט מחילות, בין איך גע־ווען אזוי פארטיפט אין דער פויפסטליכער לערע, אזוי דורכגע־דרונגען מיט איר, אַז איך בין געווען גרייט מיט חשק, ווען דאָס וואָלט נאָר געווען געוועגדט אָן מיר, צו הרג'ענען אַלעמען, ווער עס וואָלט ניט אויסגעפאָלגט דעם פויפסט, אָדער אם־וויינציגסטען וואָלט איך מיט פארגניגען זיי געהאָלפען אויסהרגענען".

דער ויכוח פון לוטער'ן מיט טעצעל'ן איז געווען, ווי עס באַ־מערקען ריכטיג זייערע צייט־גענאָסען, א פשוט'ע מאָנאַכען־זיד־לעריי, נאָר אין דער זידלעריי איז די פראגע געווען ניט מכח דאָג־מען, נאָר מכח געלד, ביי דער קוריע א זעהר עמפּפינדליכער פונקט. דערביי האָט דער ויכוח זיך צופלאקערט אין א גוואַלטיג אומרו־היגער, קריטישער צייט; גאַנץ דייטשלאַנד האָט דעמאָלט געברענט

פון דורשט צום קאמף געגען פויפסט און זיין קירך. צווישען די דייטשע „פיילען געגען די שווינדלער", ווי עס דריקט זיך אויס הוטטען, וואס האבען געזומט אין די אויערען פון די גלחים, זיינען די שטארקסטע און רעאלסטע געווען „די בריף פון אומבאקאנטע מענשען"*), א גאנצע רייהע בריף, וואס זיינען ערשינען אין דעם משך פון די יארען 1515—1517 דורך די פריינט פון מוציאן, נעמליך: דורך קראטאן רוביאן און הוטטען; דאס זיינען געווען סאטירעס און קאריקאטורעס, „וועלכע האבען אפגעמאלט די אנהענגער פון דער קירכליכער וויסענשאפט אלס אידיאטען און טויגעניכטסען"

דער האנדעל מיט אינדולגענציעס האט אומעטום אין דייטשלאנד ארויסגערופען ענערגישע פראטעסטען; און טאקע דערפאר האט זיך די קוריע געפילט צווייפאך אומאנגענעם, וואס אינ'ם שוים פון דער קירך האט זיך געפונען א מענש, א פראפעסאר פון טעאלאגיע, וואס האט אנגעפאנגען א ויכוח וועגען אזא דעליקאטע פראגע, ווי מחילה. אביסעל שפעטער האט זי זיך אליין אריינגעמישט אין דער פראגע, כדי דאס אלץ צו בארוהיגען, ארויסגעקומען איז אבער פונקט דער היפוך דערפון, וואס זי האט ערווארטעט. דערביי האט זיך אנטפלעקט ווי ווייט מאכטלאז די קירך איז שוין געווארען אין דייטשלאנד; איר האט זיך ניט איינגעגעבען צו צווינגען די גייסטליכע און וועלטליכע אויטאריטעטען פון לוטער'ן צו באפעהלען אים אנטשוויגען ווערען; אדרבא, דאס אריינמישען זיך פונ'ם פויפסט האט גאר געבראכט דערצו, אז די גרויסע צאל שונאים פונ'ם פויפסטענטום זאלען איצטער ווענדען זייער אויפמערקזאמקייט אויף לוטער'ן, זאלען זיך ארום אים פאראייניגען און אים ארויספירען פאראויס, ווייל דער דועל צווישען לוטער'ן און טעצעל'ן איז פארוואנדעלט געווארען אין א קאמף צווישען לוטער'ן און דעם פויפסט, איז ער אויך פארוואנדעלט געווארען אין א קאמף צווישען פויפסט און דעם דייטשען פאלק.

---

*) מיר זיינען איינשטימיג מיט יאנסענען, דאס אזא איבערזעצונג פון „עפיסטאלאע אבסקוראָרום וויראָרום" איז וויניגער פארגריזט, ווי די איבערזעצונג: „בריף פון פינסטערע מענשען".

אי די פריינט, אי די פיינט פון לוטער'ן האבען אים געשטויסען צו א פאלשטענדיגען ברוך מיט דעם פויפסטענטום, אהן זיין אייגענער איניציאטיוו. אויב אינ'ם יאר 1514 האט ער פארשאלטען דאס, צו וואס ער האט זיך נאך געבוקט אינ'ם יאר 1518, איז דאס ניט געווען קיין פועל יוצא פון א בעסערער פארשטענדיגונג פון דער זאך, נאר פשוט א רעזולטאט פון ריין אויסערליכע איינפלוסען, אונטער וועלכע ער איז פאלשטענדיג אונטערגעפאלען.

די בוללע, וואס האט געשאטען מיט קללות אויף לוטער'ן און וואס איז ארויסגעגעבען געווארען פונ'ם פויפסט אינ'ם יאר 1520, איז מער ניט געווען ווי א קלאפ אין דער לופט; אין דייטשלאנד האט זי נאר פארגרעסערט די פאפולאריטעט פון לוטער'ן און אים געצוואונגען צו געהן ווייטער אויפ'ן וועג, וועלכען ער האט איינמאל אויסדערוועהלט.

דער ניי־דערוועהלטער קייזער קארל דער 5־טער, וועלכער האט אינ'ם יאר 1519 גע'ירש'עט דעם טראן פון מאקסימילאנ'ען, האט ארויסגערופען לוטער'ן קיין ווארמס צום סיים (אינ'ם יאר 1521) מיט דער האפנונג, אז אים וועט זיך איינגעבען אנצושרעקען אט דעם עקשנותדיגען פראפעסאר און אים צווינגען אנטשוויגען צו ווערען.

לוטער'ס פארווייל'ונג אין ווארמס ווערט אמאל פארגליכען צו דער פארוויילונג פון הוס'ן אין קאנסטאנץ. נאר די לאגע אין דעם פאל איז געווען גאנץ אנדערש. הוס האט געמוזט פארלאזען דאס פאטערלאנד, כדי צו ערשיינען פאר דער קירכליכער אסיפה, פאר דער פארזאמלונג פון זיינע געשווארענע שונאים, לוטער אבער האט געדארפט קומען צום דייטשען סיים, וועמעס פארשטעהער עם זיינען געווען גוט געשטימט צו זיין צד. עס איז גאנץ ריכטיג, אז ער האט זיך דארטען געהאלטען זעהר מוטיג, נאר ער האט שוין אבער געהאט פארברענט זיינע שיפען און האט צוריק ניט געקענט אפטרעטען, ניט ארויסצייגענדיג קיין פייגהייט. די ווערטער וואס ער האט געזאגט אין ווארמס: „איך בין אט דא, ווייל איך האב אנדערש ניט געקענט האנדלען; גאט, העלף מיר, אמן”, באווייזען, קען זיין, ניט אזוי פיל העלדישקייט, ווי לוטער'ס פארשטאנד. וואלט ער זיך געווען אונטערגעגעבען, וואלט ער סיי ווי ניט געוועזן

באַרוהיגט זיינע שונאים, זיינע פריינט, אָבער וואָלט ער געוועזן אויפגעבראַכט געגען זיך. אונטערטעניגקייט האָט אים געדראָהעט מיט אַ גרעסערער סכנה, ווי האַרטנעקיגקייט. לוטער איז געוועזן איבערצייגט, אַז די פירשטען און די ריטער אין וואָרמס וועלען אים ניט לאָזען באַליידיגען, און, ווירקליך, ער איז אָפּגעפּאָרען סיים אָהן דער מינדסטער באַליידיגונג.

מינצער האָט שפּעטער אָפּגעשפּעט פון לוטער׳ן דערפאַר, וואָס ער האָט זיך געהאַלטען אַזוי גדול׳דיג מיט זיין העלדישקייט אין וואָרמס: „דיין אומדענקבאַר נאַרישע באַרימערייַ מיט דיין העלדישער האַלטונג אין וואָרמס איז פּשוט לעכערליך, דאַנק דעם דייטשען אַדעל, וועמען דו האָסט אַ שמיר געטאָן מיט האָניג אויף די ליפּען, פּונקט ווי ער האָט געטרוימט, ווייל מיט דיינע דרשות וועסטו זיי ברענגען די בעהמישע מתנות*), די מאָנאַסטירען און זייערע גיטער, וועלכע דו האָסט איצט צוגעזאָגט צו די פירשטען. ווען דו וואָלסט אין וואָרמס געוועזן געוואַגט צו וואַקלען זיך, וואָלטען די פּריצים דיך גיכער דערשטאָכען, איידער דיך אַרויסלאָזען אומבאַשעדיגט; דאָס ווייסט יעדער**).

ניט קיין אויסערגעוועהנליכער שכל, ניט קיין געוואַלטיגער מוט האָבען געמאַכט לוטער׳ן פאַר׳ן צענטר פין דער רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג. לוטער צייכענט זיך אויס ניט אַלס דענקער, ניט אַלס מאַרטירער, נאָר אַלס אַגיטאַטאָר, אַ דאַנק דעם, וואָס אין אים האָבען זיך פאַראייניגט אַזעלכע מעלות, וועלכע טרעפען זיך זעהר זעלטען פאַראייניגט אין איין מענשען.

זייענדיג שוין אַ דאָקטאָר און אַ פּראָפעסאָר, האָט ער פונדעסטוועגען ניט פאַרגעסען זיין פויערישע אַבשטאַמונג; זייענדיג אַ געלערנטער, האָט ער דאָך פאַרשטאַנען די נויטען, געפילען

*) אַ רמז אויף דער קאָנפיסקאַציע פון דעם קירכליכען פאַרמעגען אין בעהמען.

**). אַ זייער לעבעדיגע פאַרטיידיגונגס־רעדע (אינ׳ם יאָר 1524).

און די נעדראנקען פון די נידעריגסטע קלאסען פון פאלק און האט באזעסען זייער שפראך אזוי, ווי קיין אנדערער פון זיינע צייט־גענאסען און ווי גאר יחידים, וואס זיינען נאך אים געקומען. א קונציגער פאלעמיקער, ענליך צו לעססינגען, האט ער געהאט א זעלטענע פעהיגקייט צו באהערשען און הינרייסען די מאסען און אין דער זעלבינער צייט איינצופלאנצען אין זיי אן אכטונג צו די הערשענדע קלאסען; אין דעם איז ער ענליך צו לאסאל'ען, מיט' וועלכען ער האט זעהר וויכטיג געמיינשאפטליכעס אין אנדערע הינזיכטען.

אט די מעלה האט ביז אים ניט באזעסען קיין איין נעגנער פונ'ם פויפסטענטום אין דייטשלאנד. יעדער פון זיי, הגם ניט שטענדיג מיט א כיון, פלעגט זיך ווענדען נאר צו איין באשטימטען קלאס. אייניגע פלעגען זיך ווענדען צו די נידעריגסטע קלאסען, ווי, למשל, דער מחבר פונ'ם "Reformation Kaizer Sigismund's" וואס איז דאס „ערשטע רעוואלוציאנערע ווערק אין דער דייטשער שפראך" (Bezold) אזעלכע מענשען פלעגען די העכערע קלאסען חושד זיין, און טאקע מיט רעכט, אין טאבאריטישע טענדענצען. די הערשער פלעגען זיך צו זיי באציהען ניט נאר נעגאטיוו, נאר פלעגען טאקע אפט זיי פשוט פארפאלגען. און די פארשטעהער פון די העכערע קלאסען, וואס זיינען ארויס געגען דער הערשאפט פונ'ם פויפסט, פלעגען שרייבען ניט פאר דער מאסע פון פאלק. אזא, למשל, איז געווען געארג פאן היימבורג, וועלכער איז געווען אן אויפזעהער אין נירענבער ארום מיטען פונ'ם 15טען יאהרהונדערט, „אט דער בורזשואזער לוטער ביז לוטער'ן" (אולמאן), וועלכער פלעגט אין א גאנצער רייע שארפע, פונקט ווי וויסענשאפטליכע, ווערק, אין דעם משך פון די יארען 1440־1465 אנבאלען אויף דעם פויפסטענטום. בעת מען האט אים מחרים געווען און אלע נירענבערגער פריינט און באשיצער האבען אים פארלאזט, האט ער געמוזט אנטלויפען קיין בעהמען צו פאדעבראדען. נאך פארעבראד'ס טויט (אינ'ם יאר 1471) האט ער זיך אוועקגעלאזט קיין זאקסען, וואו ער האט פארענדיגט זיין שטורמיש לעבען.

געווען איז ער א מוטיגער און פעהיגער קעמפער, אבער די

פאָלקס־מאַסען האָט ער פונדעסטוועגן ניט באַרירט, ווייל ניט פאַר זיי האָט ער געשריבען.

דאָס אויבען געזאָגטע איז אויך ריכטיג בנוגע צו הוטטענען. אין אָנפאַנג פלעגט ער זיך אויך ווענדען נאָר צו די העכערע קלאַסען. אפילו ווען די לוטעראַנער באַוועגונג האָט ארומגעכאַפּט גאַנץ דייטשלאַנד, און הוטטען האָט געפונען פאַר נויטיג ארויסצולאָזען א צושריפט צו די דייטשען פון אַלע שטאַנדען*) (ענדע סעפּטעמבער 1520), האָט ער אָט דעם צושריפט אָנגעשריבען אויף לאַטיין, „צוליב דעם כדי צו וואָרענען די הויכע באַאמטע פון דער קירך, ווי מען זאָגט, אויג אויף אויג, און ניט צוציען דערצו דאָס גאַנצע פאָלק".

אמת, טאַקע באַלד נאָך דעם, אין דעצעמבער פון דעם זעלבינגען יאָר, איז ער געצוואונגען געווען צו אַפּעלירען צו דעם זעלבינגען „פּראָסטען פאָלק", כדי אים צוציען צו זיין אידעע. דאָס פאָלגענדע ווערק זיינס, „קלאַגען און וואַרנונגען קעגען די אומבאַשרייבליכע גוואַלטאַטען פונ'ם פּויפּסט און קעגען דעם מוטלאָזען קלערוס", איז שוין ערשינען אין דער דייטשער שפּראַך.

ער זאָגט אין דעם ווערק, וואָס איז אָנגעשריבען אין פערזען:

> ''Latein ich vor geschrieben hab,
> Das war ein jeden nit bekant;
> Jetzt schrei ich an das Vaterland,
> Teutsch Nation in ihrem sprach,
> Zu bringen diesen dingen rach.''

(אַמאָל האָב איך געשריבען אויף לאַטיין, וואָס איז ניט אַלעמען געוועזן פאַרשטענדליך; איצט רוף איך צום פאָטערלאַנד, צו דער דייטשער נאַציע אויף איר שפּראַך, כדי זי זאָל זיך נוקם זיין פאַר אַלץ).

נאָר, ווי א שריפטשטעלער, איז הוטטען נידריגער פון לוטער'ן, וועלכער האָט אָנגעפאַנגען זיין אַגיטאַציע אויף דער דייטשער

*) זעה וועגען דער פראַגע ד. פר. שטראוס „אולריך פאָן הוטטען", ליפּציג, 1858, II, ז. 89 און ו., 102 א. וו.

שפראך נאָך פאַר אים, טאקע אין זיינע צושריפטען „צו דעם קריסטליכען אדעל פון דער גערמאנישער נאציע" און האָט אָט די אגיטאציע געפירט אַ סך ערפאָלגרייכער פון הוטענען.

די געלערנטקייט און דער שטארקער, הינרייסענדער נאציאָנאלער גייסט האָבען זיך ביי לוטער'ן נאָך פארשטארקט מיט אזעלכע מעלות, וועלכע קומען זיך נאָך זעלטענער צוזאמען אין איין פערזאָן, — די פעהיגקייט זיך שטענדיג אַן עצה געבען, די קענטעניש פון הויפסמאן זיך צופאסען, צוזאמען מיט דער אומגעקינצעלטער קראפט און גראָבקייט פון אַ פויער, האָבען זיך דאָ פאראייניגט מיט דעם ווילדען טעמפעראמענט פון אַ פאנאטיקער, וואָס איז פעהיג צייטענווייז אריבערגעהן אין בלינדער משוגעת.

אינ'ם ברען פון דעם קאמף געגען רוים איז לוטער דערגאנגען ביז צו עקסטרעמען. ער פלעגט מיט פארגעניגען אָננעמען הילף פון אלע רעוואָלוציאָנערען, וואָס האָבען אים זי נאָר אָנגעבאָטען, פלעגט לייכט אריין אין זייער טאָן. אין דעם אויבענדערמאָנטען צושריפט צו דעם קריסטליכען אדעל פון דער גערמאנישער נאציע, פרעדיגט ער פשוט אַ רעוואָלוציע. ער שטעלט זיך איין פאר די ריטער און פויערים, שטעמפעלט מיט'ן נאָמען פון רויבער ניט נאָר די הויכע באאמטע, נאָר אויך די סוחרים; ער פאָדערט די אָרגאניזאציע פון אַ דעמאָקראטישער קירכליכער געמיינדע.

און אָט די רעוואָלוציע האָט געזאָלט געווען פאָרקומען אויף אַ גוואלטזאמען שטייגער. גלייכצייטיג מיט דעם צושריפט צום דייטשען אדעל, האָט לוטער ארויסגעגעבען דאָס ווערק פון סילוועסטער פריפיאס מיט אלע באמערקונגען, געריכטעט געגען אים גופא: „איבער דאָס אונפעלבארע פאפסטליכע לעהראמט". אין דעם נאָכוואָרט זאָגט ער דאָרטען: „אויב דער וואוט פון די רוימער וועט פאָרגעזעצט ווערען, שיינט מיר, אז עס בלייבט איין רעטונגס־מיטעל: דער קייזער, די קעניגען און פירשטען זאָלען זיך באוואפענען מיט געווער אין די הענט, אָנפאלען אויף אָט דער פעסט פון דעם ערד־קוגעל און שליכטען די זאך ניט נאָר מיט ווערטער, נאָר טאקע מיט אייזען. אויב גנבים באשטראָפען מיר מיט דער תליה, רוצחים מיט'ן שווערד, אפיקורסים מיט פייער,

פאַרוואָס־זשע זאָלען מיר, על אחת כמה וכמה, ניט אַ לאָז טאָן אָט די אַלע קרעפטען קעגען אָט די פּרעדיגער פון אומגליק, געגען די קאַרדינאַלען, ווי אויך קעגען דער גאַנצער פּעסט פון דעם רוימישען סדום, וואָס פאַראומרייניגט שטענדיג גאָט'ס קירך; *ווארום וואַשען מיר ניט אָפּ אונזערע הענט אין זייער בלוט!"*

ער פלעגט אַפילו אָנפאַלען אויף די פירשטען, בעת זיי פלעגען ניט וועלען טאַנצען צום טאַקט פון זיין פייפעל, און מיר וואָלטען קיינעם ניט געראַטען איצטער זיך אויסדריקען וועגען די היינטיגע דייטשע הערשער אזוי, ווי עס פלעגט זיך אויסדריקען „גאָט'ס באַליבטער מענש" (לוטער). דעם קייזער האָט ער אָפען אָנגערופען טיראַן, וועגען דעם הערצאָג געאָרג פון זאַקסען פלעגט ער איינפאַך ריידען, ווי „פון דעם דרעזדענער שוויין". „אויב די פירשטען וועלען ווייטער פאָלגען אָט דעם נאַרישען קאָפּ פון דעם הערצאָג געאָרג, — האָט ער אַמאָל געשריבען, — האָב איך שטאַרק מורא, אז עס וועט אויסברעכען אַ בונט, וועלכער וועט אין גאַנץ דייטשלאַנד אויסראָטען די פירשטען און די מאַגיסטראַטען און מיט זיי פאַרכאַפּען דעם גאַנצען קלערוס. אָט טאַקע אזוי שיינט מיר די לאַגע צו זיין. דאָס פאָלק איז אומעטום צורייצט און עס האָט אויגען צו זעהן; עס וויל ניט און קען זיך ניט אונטערוואַרפען צו גוואַלט. אָבער גאָט פאַרדעקט פון די אויגען פון די פירשטען די גאַנצע סכנה, און צוליב זייער בלינדקייט און זייערע גוואַלט־טאַטען, שיינט מיר, אז איך זעה שוין דייטשלאַנד שווימען אין בלוט. נאָר ער דאַרף פאַר דעם ניט מורא האָבען; דער אומגליק דראָהעט ניט אים, נאָר די פירשטען".

אין'ם יאָר 1523, בעת זיקינגען האָט זיך ערהויבען געגען די פירשטען און עס האָט געשמעקט מיט אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד, האָט לוטער דעם 1־טען יאַנואַר אַרויסגעלאָזט דאָס ווערק „פאָן וועלטליכער אבריגקייט, וויע וויית מען איר געהאָרכזאַם שולדיג זיי" (וועגען דער וועלטליכער מאַכט און ווי ווייט מען דאַרף איר פאָלגען), געריכטעט קעגען די קאַטוילישע ניט נאָר גייסטליכע, נאָר אויך וועלטליכע פירשטען. „דער אַלמעכטיגער גאָט, — שרייבט ער דאָרטען, — האָט צוגענומען דעם פאַרשטאַנד ביי אונ־

זערע פירשטען; זיי מיינען, אַז זיי קענען טאָן מיט זייערע אונ־טערטאַנען, וואָס נאָר עס קומט זיי אַרויף אויפ'ן זינען. גאָט האָט פאַרטיגקעלט זייער פאַרשטאַנד און וויל פון זיי מאַכען אַ סוף, פונקט ווי פון די גייסטליכע פּריצים. זיי זיינען שוין קיין זאַך ניט פעהיג צו טאָן אַ חוץ צו ערווערבען געלט מיט העסליכע מיטלען און אַרויפלעגען צינזען און צאָלונגען איינע נאָך די אַנדערע; ביי זיי קען מען ניט אָפּזוכען קיין גערעכטיגקייט אָדער רעכט, זיי האַנדלען ערגער פון אַלערליי גנבים און שווינדלער, און זייער וועלטליכע מאַכט איז אויך אַזוי טיף געזונקען, ווי די מאַכט פון די גייסטליכע טיראַנען". פון ששת ימי בראשית, ערקלערט ער, איז אַ קלוגער פירשט אַ זעהר זעלטענע ערשיינונג, אָבער נאָך אַ זעל־טענערע ערשיינונג איז אַ פרומער פירשט, „געוועהנליך זיינען זיי די גרעסטע נאַראָנים אין דער וועלט און די ערגסטע אויסוואור־פען". „קיינער קען ניט, וויל ניט און וועט מער ניט דולדען אייער טיראַניי, אייער ווילקיר. ווייסט, טייערע פירשטען און האַרען, אַז גאָט וויל מער ניט, אַז אַלץ זאָל געהן ווי אַמאָל. די וועלט איז שוין איצט ניט די זעלביגע, וואָס אַמאָל, בעת איר פלעגט זיך יאָגען נאָך אייערע מענשען און זיי פאַרפאָלגען, ווי ווילדע חיות".

מיר האָבען אָט די פלעצער איבערגעגעבען אַזוי גענוי, ניט נאָר צוליב לוטער'ס כאַראַקטעריסטיק. פונקט איצטער בעת די אונטער־שטיצער פון די לוטעראַנישע קירכען שרייען העכער פון אַלעמען וועגען דער נויטווענדיגקייט פון אַ געזעץ קעגען סאָציאַליסטען, אַ נויט־ווענדיגקייט, וואָס איז אַרויסגערופען געוואָרען דורך „דער גוואַל־טיגער שאַרפקייט און גראָבקייט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַגיטאַציע", דוכט זיך אונז אַם פלאַץ אָנצוצייגען, מיט וואָס פאַר אַ שפּראַך האָט אומבאַשטראָפט געקענט ריידען אַ מאַן, וועמעס לערע עס איז געוואָרען איינער פון די זיילען פון דער מאָדערנער געזעלשאַפט*).

*) דער אומבאַדינגט־קאָנסערוואַטיווער שריפטשטעלער און גלוי־ביגער פּראָטעסטאַנט קאַרל יענטש, אין זיין אַרטיקעל „דיע רעפאָר־מאַציאָן אונד דיע פרייהייט", זאָגט זעהר שאַרפזיניג: „ניט לוטער'ס ווערטער, ניט זיין טעטיגקייט וואָלטען ניט מעגליך געווען אין די גרויסע פּאָליציייאישע שטאַטען, ווי אונזערע מאָדערנע שטאַטען" (צ. יענטש, „געשיכטספילאָזאָפישע געדאַנקען", לייפּציג, פ. וו. גרונאָוו, ז. 204).

נאָר האַלטענדיג אזעלכע רעדעס, האָט לוטער זיך דאָך געהיט מיט זיי אין אנקלאנג צו האנדלען; ביי זיין גאנצער רעוואָלוציאָנערער שטימונג, איז ער ניט אריבער די גרעניצען, הינטער וועלכע ער וואָלט פארלוירען די חסדים פון זיין האר און באשיצער, דעם קורפירשט פרידריך פון זאקסען. ווען די רעפאָרמאציע איז אוועק ווייטער, ווען אין דעם נאַציאָנאַלען קאמף געגען רוים זיינען אין דייטשלאנד, פונקט, ווי פריער אין ענגלאנד און אין בעהמען, ארויסגעטראָטען די קלאַסען־אינטערעסען און קלאסען־געגענזאצען, און עס האָט זיך אָנגעפאנגען דער בירגער קריג, אין וועלכען מנצח זיין האָט געקענט נאָר איינער פון די צדדים, איז דעמאָלט לוטער ניט געבליבען קיין קאַטאָן; ער האָט זיך געשטעלט אויף דעם צד פון די זיגער, נאָר פריער האָט ער וואס מעגליך לענגער צופרידענגעשטעלט ביידע צדדים. אין דעם משך פון די יאָרען 1517—1522 פלעגט ער צונעמען שטיצע פון אלע דעמאָקראטיש־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען און פלעגט זיי אלעמען אפפירען מיט פאלשע הבטחות, נאָר שפעטער, אין די יאָרען 1521—1525 האָט ער זיי פארלאָזט און פארראטען איינעם נאָך דעם אנדערען, פון אָנפאנג די ריטערליכע אָפאָזיציע וואס איז געפירט געוואָרען פון זיקינגען און הוטענען, נאָכדעם, אין דער צייט פון דעם גרויסען פויערים־קריג, די פויערים־ און קליינבירגערליכע־אָפאָזיציע.

די מענשען אָבער, וואס זאָגען, אז זיין פאררוּאט איז געווען די סיבה פון דער מפלה פון די אָדער יענע, פארגעהען שוין צו־ווייט. קיין איין מענש באזונדער, ווי שטארק ער זאָל ניט זיין, קען ניט לויט זיין ווילען איינאָרדנען די שייכות׳ן צווישען די קלאסען. די עלעמענטען פון דער דעמאָקראטישער אפאָזיציע, וואס האָבען אין יענער צייט געהאט א מיסערפאָלג אין דייטשלאנד, האָבען אים געהאט מיט הונדערט יאָר פריער אין בעהמען, ניט קוקענדיג אויף זייערע מיליטערישע ערפאָלגען; אין דעם 16טען יאָרהונדערט האָבען זיי אָנגעפאנגען צו זינקען אומעטום אין אייראָפא.

לוטער האָט ניט געבראכט דעם ערפאָלג צו די פירשטען דערמיט, וואס ער איז אריבער אויף זייער זייט; נאָר אריבערגע־

ענדיג אויף דער זייט פון די זיגער־פירשטען, איז ער אליין כלומרשט ערשינען אלס זיגער און האט באקומען אלע באלוינונגען און כבודים, וואס א זיג ברענגט אי פערזענליך, אי אין דעם זכרון פון די דורות. דערפאר אבער, וואס ער האט אין א משך פון פינף יאר אין זיינע פייערדיגע רעדעס גערופען צו הילף אלע רעוואלוציאנערען, ארויסשטעלענדיג זייער אידעע אויך אלס זיינע, איז ער געווארען באליבט און געאכטעט ביי אלע אונטערדריקטע.

צו אט דעם זעלביגען געמיש פון רעוואלוציאנערער לייד־ענשאפטליכקייט און איבערגעבענהייט מיט כאראקטערלאזען אפאר־טוניזם קענען מיר צושרייבען אויך דעם פאקט, וואס בעת דעם גוואלטיגען שטורם, וועלכער האט זיך דורכגעטראגען איבער דייטשלאנד אין אנפאנג פונ׳ם 16טען יארהונדערט, איז לוטער געווען דער פאפולערסטער און שטארקסטער מענש; ביים ער־שטען אויבערפלעכליכען בליק איז ער געווען דער שעפער און פירער פון דער גאנצער באוועגונג. באמת אבער, האט ער אט די ראלע געשפילט ניט נאר צוליב פערזענליכע מעלות, נאר אויך ווארשיינליך, אין א גרעסער מאס צוליב דער לאגע פונ׳ם לאַנד, וועמעס הערשער עס האט אים געשטיצט.

## 3. דאס זאקסישע בערג־בוי.

בעת מיר האבען באשריבען די אורזאכען פון דער טאבארי־טישער באוועגונג, האבען מיר געזען, ס׳ארא באדייטונג די זילבער־מינען האבען אינ׳ם 15טען יארהונדערט צוגעגעבען צו בעהמען, ווי אזוי עס האבען זיך, א דאנק זיי, פארשארפט די סאציאלע גע־גענזאצען, און ווי עס האבען זיך פארשטארקט דאס לאנד גופא און זיינע הערשער. אינ׳ם 15טען יארהונדערט איז די פראדוקטי־וויטעט פון די בעהמישע מינען געפאלען, דערפאר האבען טאקע דעמאלט שנעל זיך אנגעפאנגען צו אנטוויקלען די זאקסישע מינען, נעמליך אין מייסען און אין טירינגען. די זילבער־דרייבטימער פון פרייבערג זיינען נאך געווען באוואוסט פונ׳ם יאר 1171, און דאס פרייבערגער בערג־רעכט איז געווארען דער יסוד פונ׳ם בערג־רעכט פון גאנץ דייטשלאנד. פונדעסטוועגען, האט אים שנעעבערג ביים

סוף פונ׳ם 15טען יאָרהונדערט אריבערגעיאָגט; דאָרטען זיינען אינ׳ם יאָר 1471 אנטדעקט געווארען נייע מינען, צוליב וועלכע ער איז א שטיקעל צייט געוואָרען באוואוסט אלס רייכסטער פון אלע דייטשע זילבער־מינען. אינ׳ם יאָר 1492 האָט מען זיך א נעם געטאָן צו באארבייטען די מינען פון שרעקענשטיין, און אינ׳ם יאָר 1496 האָט מען געלייגט דעם פונדאמענט פון דער מינען־שטאָט אנאבערג. אינ׳ם יאָר 1516 האָט זיך אָנגעפאנגען די אנטוויקלונג פון די יאָאכימסטאלער, האלב בעהמישע, האלב זאקסישע מינען, און אינ׳ם יאָר 1519 — די אנטוויקלונג פון מאריענבורג.

אין טירינגען איז די באדייטענדסטע מינע געוועזן די מאנס־פעלדער. אנטדעקט געווארען איז זי אינ׳ם 12טען יאָרהונדערט; אחוץ קופּער, פלעגט מען פון דאָרטען ארויסקריגען אויך גאלד און זילבער. דער מאנספעלדער רויער קופּער־מעטאל פלעגט אריבער־געפירט ווערען אזש קיין ווענעציע, ווייל דאָרטען פלעגט מען א סך בעסער, ווי אין דייטשלאנד, קענען אפּטיילען דאָס גאלד פון דעם קופּער.

די שנעל־וואקסענדע שפע פון די איידעלע מעטאלען האָט ארויסגערופען אין די זאקסישע שטעט די סחורה־פּראָדוקציע און דעם אויסטויש פון סחורות. ערפורט איז צוליב דעם געווארען א שטארקע שטאָט און האָט געדינט אלס ווארען־לאגער פאר דעם האנדעל מיט׳ן דרום (מיט ווענעציע); האללע און שפּע־טער לייפּציג זיינען געווארען ווארען־לאגערען פאר דעם האנדעל מיט׳ן צפון. אי אין דער ערשטער, אי אין דער צווייטער ריכטונג האָט זיך דער האנדעל אנגעפאנגען צו אנטוויקלען זעהר שנעל. דער האנדעלס־וועג פון זאקסען קיין איטאליע האָט זיך געצויגען דורך נירענבערג און אויגסבורג און א סך מיטגעהאָלפען יענער גרויסער ראָלע, וועלכע אָט די צוויי שטעט האָבען גע־שפּילט פון דעם 14טען ביז דעם 16טען יאָרהונדערטען.

צוזאמען מיט דעם האנדעל האָט זיך אויך אָנגעפאנגען צו אנטוויקלען די אינדוסטריע; אין די אויבענדערמאָנטע שטעט האָבען קונסט און האנטווערק זיך צובליט.

נאָר די זאקסישע מינען אינדוסטריע האָט ניט נאָר שטארק

געווירקט אויף דעם שטאָטישען לעבען; איר ווירקונג איז אפשר נאָך געווען פיל שטאַרקער אויף דעם דאָרף.

דער געברויך פון געהילץ אין דעם בערג־בוי איז זעהר גרויס געווען טיילווייז אלס בוי־געהילץ, כדי צו באשלאָגען אינוויינינג די מינען, כדי דורכצולייגען רעלסען (הילצערנע רעלסען, ווי מיר זעהען דאָס אין אגריקאָלאַ'ס בוך „וועגען בערג־בוי") א. אז. וו., טיילווייז אָבער און אפילו הויפּטזעכליך, אלס הייץ־האָלץ, כדי צו שמעלצען דעם רויען מעטאַל. אין אָנפאַנג איז די באַדערפניש אין האָלץ באַפרידיגט געוואָרען פון די וועלדער פון יענעם באַצירק, וואו עס זיינען געווען די מינען, נאָר וואס מער די מינען האָבען זיך אויסגעברייטערט, אלץ ווייטער האָט מען געמוזט ארויסגעהן פון די מארק־גרעניצען כדי צו באפרידינען די באַדערפניש אין געהילץ, אלץ מער געהילץ האָט מען געמוזט ק ו י פ ע ן. די אָפּטיילונג פון דער מינען־אינדוסטריע פון דער מארק־גענאָסענ־שאַפט האָט ארויסגערופען די נויטווענדיגקייט פון א פאַלקאם רע־געלמעסיגען האַנדעל מיט געהילץ. - מיר ווייסען, אז אין זאַקסען, אין אָנפאַנג פונ'ם 16טען יאָרהונדערט, איז ער שטאַרק געווען אנטוויקעלט און האָט געדינט אלס אביעקט פון א סך האַנדעלס־אָפּמאַכען.

אזוי, למשל, ווייסען מיר בנוגע די מאַנספעלדער מינען:
„אינ'ם יאָר 1510 האָבען די מאַנספעלדער גראַפען און דער גראַף באָטאָ פון שטאָלבערג אָפּגעמאַכט צווישען זיך וועגען די קוילען (האָלץ־קוילען) און האָלץ פאַר'ן שמעלצען, אַז דער גראַף שטאָל־בערג און זיינע אונטערטאַנען טאָרען ניט נעמען פאַר קוילען קיין העכערע פרייז פון דער פאָלגענדער: פאַר די באַדערפנישען אין די מינען פון הערקשטאַט און מאַנספעלד דאַרפען זיי רעכענען און ארויסגעבען פאַר איין גולדען ניין קובעלס*) קוילען, און פאַר די מינען פון עיסלעבען — אכט קובעלס"**).

---

*) אַזאַ מאָס.

**) „היסטאָרישע בעשרייבונגען דעם זעהר אַלטען אונד לעבליכען מאַנספעלדישען בערגווערקעס", י. א. בירינגען, א מאַנספעלדער געביר־גיגער און טאַקע דאָרטען אַ גלח. לייפּציג און עיסלעבען, 1743, ז. 15.

די מינען באַצירקען האָבען זיך אויך גענויטיגט אין אַנדערע פּראָדוקטען פונ׳ם דאָרף. אַט די באַצירקען פלעגען געוועהנטליך זיך געפינען אויף אומפּרוכטבאַרע און הויכע פּלעצער, וואו תבואה פלעגט געראָטען ווינציג און האָבען ניט געקענט שפּייזען אַט די מאסען, וועלכע האָבען זיך גרופּירט ארום די גרויסע מינען. די מינען־ארבייטער האָבען זיך אליין ניט געקענט באשעפטיגען מיט אגריקולטור, נאָר זיינען געצוואונגען געוועז צו קויפען ברויט. וואָס שטאַרקער עס האָט זיך אנטוויקעלט דאָס בערג־בוי, אלץ מער איז אויפ׳ן ערשטען פּלאַן ארויסגעטראָטען, צוזאמען מיט דעם געהילץ־האנדעל, אויך דער ת ב ו א ה ־ ה א נ ד ע ל. אזוי, למשל, איז ער געוואָרען איינער פון די פּרנסה־קוואלען פון צוויקוי, אויפ׳ן וועג פון דעם זאַקסישען נידערלאַנד צו דעם בערגיגען געגענט.

אויף אזא אופן זיינען די פּויערים און ערד־באזיצער פון אַ סך פּלעצער אין זאַקסען שוין גאָר פרי געוואָרען סחורה־פּראָדו־צענטען. ווי נאָר זיי האָבען אָנגעפאנגען צו פּראָדוצירען פאר׳ן פּארקויף, איז שוין זיי קיין חילוק ניט געוועזן, וואָס צו פּראָדוצירען אויב דער פּראָדוקט האָט נאָר געהאַט אַ מארק. אַט דער פּראָדוקט האָט דוקא ניט געמוזט זיין קיין תבואה, פאר וועלכער דער מארק איז געוועז אַ סך מער באגרעניצט, ווי פאר אנדערע האנדעלס־געוויקסען. אין קיין אַנדער פּלאַץ אין דייטשלאַנד איז זייער קול־טור ניט געוועז אזוי שטאַרק אַנטוויקעלט, ווי אין זאַקסען, ספּע־ציעל אין טירינגען. דער צענטראַלער פּונקט פון אַט דעם קולטי־ווירטען שטח איז געוועז ערפורט.

אין ערפורט און אין די ארומיגע געגענטען האָט געבליט די פּראָדוקציע פון אַניז, גאָרטען גרינסען, נעגעלאך, ווילדען זאפראַן און וואיד. די קולטיווירונג פון וואיד וואָס האָט דעמאָלט געהאַט אַזאַ באדייטונג, ווי עס האָט אין היינטיגע צייטען אינדיגאָ, איז דאָרט געוועז אזוי באדייטענד, אז בעת אַ גערעטעניש האָט איין דאָרף אַמאָל געקענט פארקויפען וואיד אויף אריבער הונדערט טויזענט טאָלער לויט דער היינטיגער רעכענונג*).

---

*) יאנסען, „געשיכטע דעם דויטשען פאָלקעס", II, ז. 296.

ערפרוט פלענט באזארגען מיט וואיד און זאפראן די גרעסטע צאל פארבערייען פון דייטשלאנד*) . גאטא האט אויך געהאט צו פארדאנקען פאר דעם גרעסטען טייל פון איר רייכטום דעם האנדעל מיט דארפס־ווירטשאפטליכע פראדוקטען, מיט תבואות און וואיד.**)

נאך אין דעם אנפאנג פונ׳ם 17טען יארהונדערט האבען אריבער דריי הונדערט טירינגענער דערפער זיך באשאפטיגט מיט קולטיווירונג פון וואיד, ניט קוקענדיג דארויף, וואס די קאנקורענץ פון אינדיגא איז דעמאלט געווען זעהר שטארק.***)

די געגענזאצען צווישען די ערד־באזיצער און פויערים, וואס זיינען אנשטאנען צוליב דער אנטוויקלונג פון דער סחורה־פראדוקציע, וועגען וועלכע מיר האבען שוין ניט איינמאל גערעדט, זיינען געווארען אויף אזא אופן, ביים אנפאנג פון דער רעפארמאציע ספעציעל באדייטענד. די פרייזען אויף לאנד זיינען אומגעהייער געוואקסען און צוליב דעם האט זיך אנטוויקעלט די גיהירינקייט פון די ערד־באזיצער; עס איז געקומען די סיסטעם פון געלט־אפצאלונגען און ארויסגערופען די געלט־זוכט ביי די פירשטען און ערד־באזיצער; ענדליך זיינען די פויערים גוואלטיג אפהענגיג געווארען פון די סוחרים און וואוכערניקעס. אט די קלאסען — די קאפיטאליסטען, די פירשטען און די ערד־באזיצערס האבען אויסגענוצט נאר פאר זיך די ווירטשאפטליכע אנטוויקלונג פונ׳ם לאנד. א דאנק דעם, וואס די קוואנטיטעט פון די איידעלע מעטאלען האט זיך פארגרעסערט און די הוצאות זיי ארויסבאקומען האבען זיך פארקלענערט, זיינען די דארפס־ווירטשאפטליכע פראדוקטען שטארק געשטיגען אין פרייז. „אלע מענשען אויף דער וועלט, — זאגט אווענטין אין זיין כראניק, — שרייען און קלאגען זיך, אז תבואה, ניט קוקענדיג אויף איר שפע, וואקסט פון טאג צו טאג אין פרייז; אבער אין די שטעט אויף די מערק

---

*) קר. י. פישער „געשיכטע דעם דויטשען האנדעלס", האנאווער 1797, I, ז. 659.

**) האלעטי „געשיכטע טירינגענס". גאטא. 1784, 5, ז. 143.

***) „צור געשיכטע דער דויטשען וואללענאינדוסטריע", הילדעבראנד׳ס יארביכער, 1866, ז. 207 און ווייט.

און אין דערפער זיינען דאָך פאַראַן גענוג פויערים". אין זאַקסען, אינ'ם צענטער פון דער מינען אינדוסטריע, איז די שטייגערונג פון פרייזען ספּעציעל גרויס געווען; נאָר דאָס האָט די פויערים ניט געהאָלפען. אין די ש ט ע ט אָבער האָבען זיי, אָט די הויכע פרייזען, ארויסגערופען אַן עקשנות'דיגען קאַמף פאַר שכירות.

אויף אזא אופן, זיינען די קלאסען־געגענזאצען אין זאַקסען ביים אנפאנג פון דער רעפאַרמאַציע ספּעציעל פאַרשאַרפט געוואָרען, פונקט ווי דאָס איז געווען מיט הונדערט יאָר פריער אין דעם דערבייאיגען בעהמען. נאָר דאַרטען האָבען די מינען־אַרבייטער מיט זיך נאָך פאַרגעשטעלט אַ ק אָ נ ס ע ר וו אַ ט י וו ע קראַפט. זייער פראָלעטאַריזאַציע האָט זיך נאָר־וואָס געהאַט אָנגעפאַנגען; זיי פלעגען צוגערעכענט ווערען צו די פריווילעגירטע קלאַסען און, זייענדיג דייטשען, זיינען זיי געווען געצוואונגען, צו־ליב דער אַלגעמיינער לאַגע אין בעהמען, צו פאַרטיידיגען די טראַדיציאָנעלע אָרדנונג, דעם פירשט און דעם פויפּסט.

פון יענער צייט אָבער האָט די פראָלעטאַריזאַציע פון די מינען־אַרבייטער און די עקספּלואַטאַציע פון זייערע קאַפּיטאַליסטען געמאַכט אַן אומגעהייערען שריט פאָרווערטס. אין זאַקסען זיינען די מינען־אַרבייטער ניט געווען קיין פרעמד־געבירטיגע און האָבען ניט געהאַט קיין פריווילעגיעס, פאַר וועלכע דער קראַך פון דער עקזיסטירענדער אָרדנונג זאָל זיין אַ סכנה. ווי מיר האָבען שוין געזעהן אין דער צווייטער אָבטיילונג פון דעם בוך, זיינען זיי אין דעם לעצטען יאָרצענדליג פאַר דער רעפאָרמאַציע געקומען אין אַ צוזאַמענשטויס מיט אָט דער אָרדנונג. ניט נאָר האָבען זיי ניט געשטערט קיין רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר אדרבא, אין די מערסטע פאַלען זיינען זיי געווען גרייט צו צושטעהן צו אַזאַ באַוועגונג, ווען נאָר זי וואָלט געווען אַנטשטאַנען. און זייער צאָל, זייער פאַרטיידיגונגס־פעהיגקייט און באַדייטונג פון זייער מלאכה, האָבען זיי צוגעגעבען אַזאַ קראַפט, מיט וועלכער די פּאָליטיקער וואָלטען זיך געמוזט געווען רעכענען.

נאָר די גרעסטע נוצען האָט די „מינען־מזל־ברכה" געבראַכט דעם רעוואָלוציאָנערסטען קלאַס פון יענער צייט — דעם, וועמען

אלע טענדענצען פון דער צייט האָבען אין דער העכסטער מדרגה באַגליקט, געמליך, די פאַרשטעהער פון דעם פ י ר ש ט ל י כ ע ן א ב ס אָ ל ו ט י ז ם.

דער באַזיץ פון גאָלד און זילבער האָט זינט די סחורת פּראָדוקציע איז אַנטשטאַנען, געגעבען אַן אומגעהייערע מאַכט; אָט די מאַכט איז, וואַרשיינליך, קיינמאָל ניט געווען באַדייטענ־דער, ווי אינ'ם 16טען יאָרהונדערט, בעת די קוואַלען פון מאַכט, וואָס האָבען געשטראַמט פון דער נאַטוראַלער ווירטשאַפט, זיינען שוין געווען שטאַרק אויסגעטריקענט, און די מיטלען צו הערשען דורך קרעדיט זיינען נאָך ניט געווען אַנטוויקעלט. דערפאַר האָ־בען אַלע אַזוי דעמאָלט געשטרעבט צו גאָלד און צו זילבער. נאָר דער גרעסטער טייל פון די פירשטען האָט קוים־קוים געקענט באַ־פרידיגען די באַדערפניש אין געלד דורך צינזען און אָבצאָלונגען. אין אַן אַנדער לאַגע אָבער זיינען געווען די פירשטען, אויף וועמעס גיטער עס זיינען געווען מינען פון גאָלד און פון זילבער.

אָהן יעדער ריזיקע, אַלענפאַלס דאָרטען, וואו זיי אַליין האָ־בען די מינען ניט באַארבייט, פלעגען זיי ערוואַרבען באַדייטענדע אוצרות, ווייל די מייסטערס, וואָס פלעגען די מינען באַארבייטען, האָבען פאַר דעם רעכט טייער געמוזט באַצאָלען, ספּעציעל ווען דאָס זיינען געווען גאָלד אָדער זילבער־מינען: צו דעם צינז אויף די מינען, דעם מינען־מעשר, פלעגט דעמאָלט נאָך צוקומען דער מטבע־צינז. דערצו פלעגען אָפט צוקומען אַנדערע אָבצאָלונגען פאַר פאַבריקען, דאָס נייטעל פאַר דעם וועג צו די מינען א. אז. וו. די מייסטערס פלעגען צוליב דעם אָפט פאַראָרימט ווערען, בפרט אויב זיי זיינען ניט געווען פון די גרויסע, די פירשטען אבער זיי־נען געוואָרען אַלץ רייכער און רייכער טאָקע פשוט מיט מזומן געלט.

פון אַלע דייטשע פירשטען ביים סוף פונ'ם 15טען און אָנ־פאַנג פונ'ם 16טען יאָרהונדערט איז די קאַסע געווען אַם פול־סטען ביי די זאַקסישע פירשטען. זינט די ירושה איז צוטיילט געוואָרען צווישען די ברידער ערנסט און אַלברעכט (אינ'ם יאָר 1485), איז דאָס זאַקסישע קורפירשטענטום צופאַלען געוואָרען אויף צוויי טייל: ערנעסט האָט באַקומען די הויפּט טייל, טי־

רינגען, און אלברעכט — מייסען. נאָר די זילבער־מינען אין די מינען־בערג זיינען ניט געווען צוטיילט; זיי זיינען געבליבען אלס געמיינשאפטליכער פארמעגען פון ביידע הערשענדע משפחות, מיט זייערע הכנסות פלעגט מען זיך טיילען. א דאנק אָט די הכנסות האָבען די זאקסישע פירשטען געשפיעלט אין דייטשלאנד אינ'ם 16טען יאָרהונדערט די אנזיכטיגסטע ראָלע, די ערשטע נאָכ'ן קייזער.

די רעשטלאך פון דער קייזערליכער מאכט האָבען זיך דערמאָלט הויפטזעכליך געהאלטען אויף דעם מאנגעל אין געלט און אויף דער געהיריגקייט פון די דייטשע פירשטען, ספעציעל פון די קורפירשטען. זיי, די קורפירשטען זיינען פאקטיש געווארען זעלבסטשטענדיגע הערשער; זיי פלעגען דולדען די קייזערליכע מאכט, הויפטזעכליך, דערפאר, וואס זיי האָבען ניט געוואלט פארלירען קיין קונה, וועמען זיי האָבען געקענט פארקויפען א טייל פון זייערע סואווערענע רעכט, באמת א זעהר אומבאדייטענדען. די ראָלע, וואָס דער לומפען־פראָלעטאריאט פון רוים האָט געשפילט בעת'ן אונטערגאנג פון דער אלט־רוימישער רעפובליק און נאָכדעם דער פרעטאריאנער ערב־רב, אָט די זעלביגע ראלע האָבען אינ'ם 15טען און אינ'ם 16טען יאָרהונדערטען געשפילט די קורפירשטען. די וואהלען פונ'ם קייזער פלעגען זיי אריינברענגען היבשע סומען. אָט די ערהאבענע הערען פלעגען נעמען לאפעק־געלט ביי אלע קאנדידאטען און סוף כל סוף אָפּגעבען זייערע שטימען פאר דעם, וואָס האָט באצאָלט מער פון אלעמען.

די וואלען, וואס האָבען געוואלט אויסקלייבען א יורש נאָך מאקסימיליאן דעם ערשטען, זיינען, ווארשיינליך געווען די שאנדלאָזסטע; אָנגעפאנגען האָבען זיי זיך פאר מאקסימיליאנ'ס לעבען, און האָבען זיך געצויגען פונ'ם יאָר 1516 ביז'ן יאָר 1519. די זעלביגע דינאסטיעס, וועלכע פלעגען זיך דעמאָלט קריגען פאר דער בכורה אין אייראָפּאַ און פלעגען אמאָל מאכען דאס פויפסטענטום אלס זייער געצייג, האָבען אויך געשטרעבט צו דער קייזערליכער קרוין; דאס זיינען געווען די פראנצויזישע וואלוא און די האבסבורגען, וועמעס צענטר פון מעכטיגקייט האָט זיך דעמאָלט געהאט אריבערגיטראגען פון דייטשלאנד קיין שפאניע.

כמעט אלע קורפירשטען האָבען גענומען געלט פוןביידע צדדים — פון פראַנץ דעם ערשטען פון פראַנקרייך און קאַרל דעם ערשטען פון שפּאַניע. און די צוויי האָהענצאָלערנס, יאָאַכים פון בראַנדענבורג און זיין ברודער אַלברעכט, דער ערצבישאָף פון מאַינץ און מאַגדענבורג, האָבען ארויסגעוויעזען אַזאַ געלטזוכטיג־קייט און פעהיגקייט צו באשווינדלען, וועלכע אונזערע „אריער" שרייבען צו נאָר די סאַמע עכטע „יודען".

דער איינציגער קורפירשט, וואָס האָט קיין שוחד ניט גע־נומען, איז געווען דער קורפירשט פרידריך פון זאַקסען (קומט פון ערנעסט'ס משפחה, וואָס האָט באקומען טירינגען). די איבריגע קורפירשטען, געררייצט פון די אוצרות פונ'ם שותף צו די זילבער־מינען פון מייסען, האָבען פאָרגעלעגט די קייזערליכע קרוין טאַקע אים גופא. — פארשטעהט זיך פאר אן אנשטענדיגער „נתינה". נאָר פרידריך האָט זיך פון איר אָפּגעזאָגט. ער האָט געוואוסט, אַז דאָס שפּיל איז ניט ווערט די ליכט, און האָט געריכטעט די וואָלען אויף האבסבורג'ס זייט וועלכער, ניט קוקענדיג אויף זיינע טיראָלער מינען, אויף דעם בליהענדען האנדעל פון די נידערלאַנ־דען און אויף דער מעכטיגקייט פון שפּאַניע, האָט אים געשיינט צו זיין ווייניגער געפעהרליך פאר דער זעלבסטשטענדיגקייט פון די דייטשע פירשטען, ווי פראַנץ דער ערשטער, וועלכער האָט שוין דעמאָלט באהערשט א גוט אָרגאַניזירטע און פאַראייניגטע פראַנק־רייך.

אין דער באטראכטונג פון די אנדערע סיבות, וואס האָבען מיטגעהאָלפען דער ערוויילונג פון קאַרל דעם ערשטען, ווי דער שרעק פאר דער טערקישער אריינדרינגונג א. אז. וו., וועלען מיר דאָ ניט אריינגעהן.

א דאנק זיין רייכטום און מעכטיגקייט, איז דער זאַקסישער קורפירשט געוואָרען דער באשעפּער פון די קעניגען. נאָר טאַקע צוליב די זעלביגע אומשטענדען איז ער געוואָרען דער צענטר פון דער אָפּאָזיציע, וועלכע די דייטשע פירשטען, וואס האָבען גע־שטרעבט צו זעלבסטשטענדיגקייט האָבען צוגעגרייט געגען קייזער און פּויפּסט. אין דעם אנפאַנג פון דער רעפאָרמאַציע האָט זאַק־סען געשפּילט פּונקט אזא ראָלע, ווי שפּעטער פּרייסען.

דער וויטענבערגער אוניווערזיטעט, וואס פרידריך האט געגרינדעט אינ'ם יאר 1502, האט אויף זיך גענומען די גייסטיגע פירונג פון דער פויפסטען־פיינטליכער באוועגונג לטובה פון די פירשטען. לוטער, א פראפעסאר פון אט דעם אוניווערזיטעט פון דעם יאר 1508, איז אונטערגעפאלען אונטער זיין איינפלוס און איז סוף־כל־סוף געווארען זיין אראטאר און געקראגען דעם צוטרויען און דעם שוץ פונ'ם קורפירשט. און דער מאנארך, אויף וועמעס גיטער די זון איז קיינמאל ניט אונטערגעגאנגען, האט גארניט געוואגט צו טאן געגען פרידריך'ן, און געמוזט אים און זיינע אונטערטאנען געבען פולשטענדיגע פרייהייט.

פונ־דעסטוועגען איז זאקסען געווארען דער מיטעלפונקט ניט נאר פון דער אבסאלוטיסטישער, זיגרייכער אפאזיציע געגען רוים, נאר אויך פון דער דעמאקראטישער, באזיגטער אפאזיציע. אין טירינגען האט זיך א גאנצע רייע קלענערע שטעדט נאך איינגעגעבען איינצוהאלטען זייער שטאטליכע אומאפהענגיגקייט, אדער אנדערש געזאגט, — די אומאפהענגיגקייט פון דער פירשטליכער מאכט; אזעלכע שטעדט זיינען געוועזן מילהויזען, נארדהויזען און אנדערע. ע ר פ ו ר ט איז געוועזן אונטער דעם גייסטליכען שוץ פון דער מאינצער ערצבישאף; נאר אט די שטאדט האט זיך געגען אים זעהר גוט געקענט באנוצען מיט די זאקסישע הערצאגען. אין דעם משך פון דעם גאנצען 15טען יארהונדערט זיינען צוליב דער שטאט ערפורט פארגעקומען צוזאמענשטויסען צווישען דעם מאינצער ערצבישאף און דער זאקסישער דינאסטיע. אבער א נוץ האט דערפון געהאט נאר די שטאדט: זי איז פטור געווארען פון דער מאכט פון דעם ערצבישאף, ניט פארשקלאפט געווארען צו זאקסען און זיך גאר געקענט רופען קייזערליכע שטאדט. ערפורט איז ביים אנפאנג פון דער רעפארמאציע געווען לויט איר האנדעל די ערשטע שטאדט אין מיטעלדייטשלאנד, נאר האט אבער שנעל אפגעטראטען איר פלאץ צו לייפציג, וואס האט דאמאלט אנגעפאנגען צו שטייגען, און וואס האט נאך פריער אריבערגעיאגט די אלטע האנדעלס־שטאדט האללע. דער ערפורטער אוניווערזיטעט האט זיך אינ'ם 15טען יארהונדערט גערעכענט אלס דער בעסטער אין דייטשלאנד. ער איז גע־

וואָרען דער צענטער פון'ם דייטשען הומאניזם, וואָס איז צוגעשטא־ נען צו דער קרוב'ישער באוועגונג פון איטאַליע און פראנקרייך און קאנקורירט מיט זיי אין טאַלאנטפולען און חוצפה'דיגען פאר־ שפּעטען פון די טראדיציאָנעלע גלויבונגען. מיר האָבען שוין דערמאָנט דאס קרייזעל, וואס איז געגרינדעט געווארען אונטער מוציאן, צו וועלכען עס האָט געהערט הוטטען, און אין א משך פון א שטיקעל צייט אויך לוטער, און וועלכער שטעלט מיט זיך פאר אין א ריין־גייסטיגען זין א פולשטענדיגע אָפּזאָגונג פון די רע־ ליגיעזע אנשויאונגען, וואס עס האָט באקומען בירושה.

דאָך, האָט ניט נאָר די געלערנטע אדער בורזשואזע אָפּאָזי־ ציע געפונען פאר זיך א גוטען באָדען אין די זאקסישע שטעדט, נאָר אויך די קאָמוניסטישע.

## 4. די פאנאטיקער פון צוויקוי.

מיר האָבען איבערגעלאזט די קאָמוניסטישע באוועגונג אין דייטשלאנד אין דער עפּאָכע פון דער קאטוילישער רעאקציע אונ־ טער קארל דעם 4טען. מיט די בלוטיגע פארפאָלגונגען האָט זיך ניט איינגעגעבען פולשטענדיג צו פארניכטען די באוועגונג, וואס איז ארויסגערופען געוואָרען דורך די נויטיגסטע באדערפנישען פון דעם פּראָלעטאריאט, אָט דעם שטענדיג וואקסענדען שיכט פון דער געזעלשאפט. נאָר אָט דער באוועגונג האָט זיך אויך ניט איינגעגעבען צו באקומען א גרויסע באדייטונג פאר דער רעפאר־ מאציע, ווייל דער קלאס, אויף וועלכען זי האָט זיך געשטיצט, — דער פּראָלעטאריאט, הגם אויסראָטען האָט מען אים ניט געקענט, איז אבער נאָך געווען צו שוואך און אומבאדייטענד אינ'ם געזעל־ שאפטליכען לעבען, אז ער זאל וואגען ארויסצוטרעטען, בעת די הערשענדע קלאסען זיינען נאָך געווען שטארק און ניט אויפגע־ טרייסעלט דורך דעם בירגער קריג.

די הוססיטישע מלחמות זיינען ניט אוועק אָהן א ווירקונג אויף דער דייטשער רעוואלוציאנערער באוועגונג. אויב פון איין זייט האָבען זיי ארויסגערופען ביי די הערשענדע קלאסען א גוואל־ טיגען אומצוטרויען און שטרענגקייט בנוגע צו אלע פארדעכטיגע

באוועגונגען צווישען די נידעריגסטע קלאסען, איז פון דער צווייטער זייט בעהמען, טאקע א דאנק זיי, געוואָרען דער מקום מקלט, פון וואנען די דייטשע עמיגראנטען האָבען געקענט ווירקען אויף דייטשלאנד. די טשעכישע טאבאריטען האָבען לייַדענשאפטליך ארויסגעהאלפען דער אויסלענדישער פראפאגאנדא. „אלץ וואס איז אונז אין דייטשלאנד איבערגעגעבען געוואָרען דורך דער פראָפאגאנדא פון די הוסיטישע מלחמות, איז ארויסגעקומען — כמעט אָהן אן אויסנאם — פון א טאבאריטישען קוואל. צווישען די חילות פון די „ברידער" האָט זיך דער הוסיטישער גייסט דערהויבען צו די געוואגטעסטע פראיעקטען. דא פלעגט ניט איינמאָל ארויסגעזאגט ווערען דער מוטיגער געדאנק, אז די גאנצע קריסטליכע מענשהייט מוז געבראכט ווערען צו באגרייפען דעם אמת, אלץ איינס צי דורך געוואלט־מיטלען צי דורך פרידליכע ערציהונג. „די אפיקורס'ישע בריף" און די פאלקס־מאניפעסטען פון די טאבאָריטען, אין וועלכע זיי פלעגען איינלאַדען אלע קריסטען אָהן אונטערשיד פון נאציאָנאליטעט און שטאנד צו באפרייען זיך פון די גלחים און צונעמען די קירכליכע גיטער, זיינען פארשפרייט געווארען ביז ענגלאנד און שפאניע. פון דאפינע פלעגט דאס פאלק שיקען קיין בעהמען געלט אלס שטיצע און אנגעפאנגען אויף א „טאבאָריטישען אופן" צו שלאגען די פריצים. מער ווי אומעטום געפינען מיר טאבאָריטישע עמיסארען אין דרום דייטשלאנד. דאָרטען זיינען געווען צוויי תוכיגע באדינגונגען, וואָס זיינען געווען גינסטיג פאר דער בעהמישער פראפאגאנדע: ראשית, די עקזיסטענץ פון א גרויסער צאָל וואלדענזער־געמיינדען און, צווייטענס, א שטארקע סאציאליסטישע באוועגונג, וואס איז געווארען אנזיכטיג ספעציעל צווישען די נידעריגסטע שיכטען פון דער שטאָדטישער באפעלקערונג און געדראהט, א חוץ די אידען, פריער פון אלץ דעם רייכען קלערוס*).

די בעהמישע פראפאגאנדע האָט, אגב, ניט געגעבען קיין אנדערע ממשות'דיגע רעזולטאטען, אחוץ א רייהע מארטירער.

*) פר. פאָן־בעצאָלד, „געשיכטע דער דויטשען רעפאָרמאציאָן", ז. 127.

עס איז זעלבסטפארשטענדליך, אז אונטער דעם טאבאָריטישען איינפלוס זיינען פאר אלעמען אונטערגעפאלען הויפּטזעכליך די לענדער, וואָס זיינען געלעגען ארום בעהמען, צווישען זיי פריער פון אלץ די עקאָנאָמיש־אנטוויקעלטע פראנקען און זאקסען. שוין אינ׳ם יאָר 1425 האָט מען אין וואָרמס פארברענט א „הוססיטישען מיסיאָנער", דעם זאקסישען אדעלמאן יאָהאן פאָן שליבען, וועמעס צונאָמען איז געווען דרענדאָרף, וועלכער איז נאָך פאר דעם אנפאנג פון די הוסיטישע מלחמות, אינ׳ם יאָר 1416, צוגעשטאנען צו דער קאָמוניסטישער סעקטע און צוטיילט זיין פארמעגען צווישען זיינע ארימע מיטברידער. נאָך א לאנגיאָריגער טעטיגקייט אין זאקסען, ארום רהיין, און אין פראנקען האָט מען אים, ענדליך, געכאפּט, בעת ער האָט געזוכט אויפצובונטעווען די צוויי שטעדט, אויסגעשלאסענע פון דער קירך, היילבראָן און וויינסבערג.

נאָר ספּעציעל איז כדאי צו באמערקען וועגען פרידריך רייזער, וואָס האָט געשטאמט פון א שוואבישער פאמיליע פון וואלדענזער און געלערנט אין נ י ר ע נ ב ע ר ג (אין די יאָרען 1418-20), וואו עס איז דעמאָלט שטארק אנטוויקעלט געווען די בעגארדען־וואלדענזער באוועגונג. אלס וואנדערענדער אגיטאטאָר (אלס אפּאָסטעל) איז ער דורכגעגאנגען דייטשלאנד, די שווייץ און עסטרייך, און, לסוף, געפונען א מקום מקלט אין פראָג. דאָרטען האָט אים א טאבאָריטישער גייסטליכער ערקלערט אלס גלח (אינ׳ם יאָר 1433); נאָר אין א יאָר שפּעטער האָט ער פארלאָזט בעהמען, כדי ווידער צו בארייזען דייטשלאנד צוליב אגיטאציאָנס־צוועקען. דאָס מאָל איז ער טעטיג געווען אין פראנקען, אין נירענבער, ווירצבערג און אין היילבראָן. אינ׳ם יאָר 1447 האָט ער זיך באטייליגט אין דעם קאָנגרעס (אפּאָסטעל־אסיפה) פון די ברידער אין העראלדסבערג, נעבען נירענבערג, וואו ער איז דערוועהלט געוואָרען אלס בישאָף; עטליכע יאָהר שפּעטער זעהן מיר אים זיך באטייליגען אין א קאנגרעס פון די דייטשע וואלדענזער, אין טאבאָר, אויף וועלכען מען האָט אויפ׳ן ניי איינגעשטעלט די צושטערטע ארגאניזאציע פון אָט דער געמיינדע. אבער־דייטשלאנד איז פאר אים באשטימט געוואָרען אלס טעטיגקייטס־פעלד, און ער האָט זיך איינגעאָרדענט אין שטראסבורג. אינ׳ם יאָר 1458 האָט מען אים

דאָרטען אויסגעגעבען צו די דאָמיניקאַנער און דאָרטען טאַקע נאָך א ברוטאַלער אויספאָרשונג האָט מען אים פאַרברענט*).

רייזער'ס לעבען איז זעהר כאַראַקטעריסטיש; עס צייגט אונז, ס'אַרא פעסטער צוזאַמענבונד עס האָט עקזיסטירט צווישען די טשעכישע טאַבאָריטען און די דייטשע „ברידער", ניט קוקענ־דיג אויף דעם נאַציאָנאַלען קאַמף, וואָס האָט דעמאָלט אזוי שטאַרק געפלאַקערט.

אפילו נאָכ'ן אונטערגאַנג פון טאַבאָר, זיינען די באַציהונגען מיט בעהמען ניט איינגאַנצען איבערגעהאַקט געוואָרען: לאָמיר נאָר דערמאָנען די פאַרהאַנדלונגען צווישען די בעהמישע ברידער און די וואַלדענזער, וואָס האָבען געציעלט צו פאַראייניגען ביידע סעקטען, אָבער וואָס האָבען זיך סוף־כל־סוף ניט איינגעגעבען.

די ערשיינונג פון פפייפער פון ניקלאַסהויזען צייגט אויך אָן אויף דעם דויערענדען טאַבאָריטישען איינפלוס. אין עפּעס א דאָרף פון מזרח פראַנקען, ניקלאַסהויזען אַם־טויבער, האָט זיך באַ־וויזען אינ'ם יאָר 1476 א בחור'ל, יאָהאַן, „וועמען מען האָט גע־רופען, וואַרשיינליך, צוליב זיין געבורטס־אָרט, אָדער אפשר, צוליב זיינע ארויס־געזאָגטע מיינונגען — דער בעהמישער".**) געוועזען איז ער א כלי־זמר, — „איצטער קומען נאָך אויך פיל פון אונזערע מוזיקער פון בעהמען" — און גערופען האָט ער זיך אויף זיין ספּעציאַליטעט „פפייפער" דער פלייטיסט. נאָר אינ'ם יאָר 1476 האָט ער פאַרברענט זיין פלייט און אָנגעפאַנגען צו פּרעדי־גען עוואַנגעלישע גלייכהייט און רעוואָלוציע, באַרופען דערצו, לויט זיינע ווערטער, דורך דער הייליגער בתולה, לויט די ווערטער פון זיינע געגנער, דורך עמיצען אַנדערש; אייניגע זאָגען, אז אָט דער עמיצער איז געוועזען א „תלמיד פון הוס'ן", אַנדערע ווידער זאָגען — א פראַנציסקאַנער פון דער שטרענגער ריכטונג, און ענדליך איז נאָך פאַראַן א דריטער, שוין גאָר אַן אַלטער „יש אומרים", וואָס האַלט, אַז דאָס איז גאָר געוועזען א בעגאַרד. אַן אַלטער, וואַרשיינ־

*) זעה וועגען רייזער'ן ביי ל. קעלער'ן „די רעפאָרמאַציאָן עטצ.", ז. 261—281.

**) אולמאַן, „רעפאָרמאַטאָרען", 1, ז. 423.

ליך, א דעמאָלטיגער אקט (אינגאַנצען אפּגעדרוקט ביי אולמאַנען ז. 441), זאָגט, אז ער פלעגט פרעדיגען פאָלגענדעס: „דער קסר איז א גנב, און פונ'ם פויפּסט קען מען אויך קיין גוטס ניט דער־וואַרטען; דער קסר לאָזט די גייסטליכע און וועלטליכע פירש־טען, די גראַפען און ריטער אַרויפוואַרפען צינזען און אָפּצאָלונגען אויפ'ן פּראָסטען פאָלק. וועה צו אייך, קבצנים!"

„די גייסטליכע האָבען צו פיל הכנסות, און דאָס טאָר אַזוי ניט זיין. זיי טאָרען ניט האָבען מער, ווי זיי איז נויטיג אויף חיונה. די גלחים וועט מען הרג'ענען, און אין גיכען וועט קומען א צייט, ווען זיי וועלען באַהאַלטען זייערע אויסגעגאָלטע קעפּ, כדי מען זאָל זיי ניט דערקענען. ער פלעגט זאָגען, אז עס איז לייכטער צו באַקערען צום אמת א אידען, איידער א גלח אדער טעאָלאָג.

„די פיש אין די טייכען און די חיות אין די וועלדער דאַרפען זיין פריי פאַר אַלעמען. ווען די גייסטליכע און וועלטליכע פירשטען, די גראַפען און ריטער וואָלטען געהאַט ניט מער, ווי דאָס פּראָסטע פאָלק, וואָלט ביי אונז אַלעמען אַלץ געווען איבערגענוג, און דאָס דאַרף טאַקע אַזוי זיין. עס וועט נאָך אַזוי ווייט אַוועק, אַז די פירשטען און די פּריצים וועלען געצוואונגען זיין צו אַרבייטען פאַר א טעגליכען לוין".

די ערפאָלגען פון דעם מוטיגען אגיטאַטאָר זיינען געווען געוואַלטיג; די פּויערים און פּראָלעטאַריער פלעגען מאַסענווייז צו אים שטראָמען. „די פּועלים זיינען געלאָפען פון זייערע ווערק־שטאַטען, — טיילט אונז מיט א כראָניקער, — די פּויערים־אַרביי־טער פונ'ם אַקער, די שניטער מיט זייערע שנייד־מעסער, ניט בע־טענדיג קיין ערלויבניש פון זייערע מייסטערס און פּריצים, און פלעגען זיך אַרומבלאָנקען אין די זעלביגע בגדים, אין וועלכע דאָס משוגעת האָט זיי פאַרכאַפּט. גאַר א קליינער טייל פון זיי האָבען געהאַט מיטלען צום לעבען, נאָר יענע, צו וועמען זיי פלעגען אַריינ־קומען, פלעגען זיי באַזאָרגען מיט עסען און טרינקען, און זיי פלע־

גען זיך ניט אנדערש ווענדען איינער צום אנדערן, ווי מיט'ן נאָ־מען ברודער אדער שוועסטער*).

אין די צענדליגער טויזענדער פלעגן זיי זיך פארזאמלען אויף די ענטוזיאסטישע קאמוניסטישע פיקניקעס, ענליכע צו יענע, וועלכע, ווי מיר ווייסען, פלעגען ארגאניזירט ווערען בעת דער גרינדונג פון טאבאָר. מען דערצעהלט, אז שפּעטער זיינען זיי אוועק נאָך ווייטער און האָבען באשלאָסען אנצופאנגען א באוואַ־פענטען אויפשטאנד. צו איז דאס טאקע ווירקליך אזוי געווען, אדער דאס איז פשוט געווען א תרוץ, כדי אויף זיי אנצופאלען, איז שווער איצטער צו באשטימען. עס איז גענוג צו זאגען, אז דער בישאָף רודאָלף פון ווירצבערג האָט אוועקגעשיקט זיינע רייטער, וועלכע זיינען אנגעפאלען אויף פּפייפערן אין שלאָף און אים געכאפּט; זיינע אנהענגער, וואס האָבען אים געוואלט פאר־טיידיגען, האָט מען אָהן מיה צוטריבען. דעם אומגילקליכען, צו־זאמען מיט זיינע צוויי חברים האָט ערוואַרטעט דער געוועהנלי־כער אין יענער צייט ארגומענטאציאנס־מיטעל — דער שייטער־הויפען.

די טעטיגקייט פון דרענדארפ'ן (פון שליבענען), פון רייזער'ן און פון דעם פלייטיסט יאָהאן דעם בעהמישען, און נאָך א סך אנדערע פאקטען צייגען אָן דארויף, אז אינ'ם 15טען יאָרהונדערט איז פראנקען געוואָרען די הויפּט־נעסט פון דער בעגארדען־וואל־דענזער באוועגונג אין דייטשלאנד, פונקט ווי פריהער האָט זי זיך געהאט קאנצענטרירט אין דעם רהיינישען טאָל; אָט דער טאָל איז געווען דער הויפּט־וועג אינ'ם פארקער צווישען איטאליע און נידערלאנדען און פלעגט ברענגען קיין דייטשלאנד פון דרום די וואלדענזער, און פון די נידערלאנדען — די בעגארדען, וועלכע פלע־גען אויף דעם וועג אָנטרעפען די עקאָנאָמיש הויך־אנטוויקעלטע טיילען פון דער אימפּעריע. אין דעם 14טען יאָרהונדערט זיינען די שטיץ־פּונקטען פון דער באוועגונג געווען ק ע ל ן, ש ט ר א ס־ב ו ר ג און ב א ז ע ל, נאכדעם איז צו זיי אויך צוגעקומען נ י ר ע נ ב ע ר ג.

*) אולמאן, א. צ. ז. 426.

אין אנדער צענטער פון דער באוועגונג איז אנטשטאנען אין זאקסען. א חוץ בעהמען און פראנקען, האט מייסען אויך געהערט אינ'ם 15טען יארהונדערט צו די ערטער, וואו עס זיינען פארגע־קומען די קאנגרעסען פון די „ברידער", — למשל, די אלגעמיינע אסיפה אין ענגעלסדארף, וואס איז צוזאמענגערופען געווארען דריי יאר שפעטער נאכ'ן קאנגרעס אין טאבאר, וואס מיר האבען אוי־בען דערמאנט; דאס וואלט געוועזן אוממעגליך אהן א שטארקער אנטוויקלונג פון דער באוועגונג אין דעם לאנד.

זעלבסטפארשטענדליך, האבען די קאמוניסטישע סעקטען געקענט עקזיסטירען נאר אין דער פארם פון געהיימע קרייזלאך. איינזאמע מילען, הייזער און הויפען זיינען געווארען געוועהנטלי־כע פארזאמלונגס־פלעצער פון די „ברידער", און צוליב א גאטעס־דינסט פלעגען זיי זיך פארזאמלען אין זעהר קליינע קרייזלאך, כדי נית צוציהען קיין זייטיגע אויפמערקזאמקייט.

דאס זיינען געוועזן פארזאמלונגען, וועלכע זיינען באשריבען געווארען ארום דעם יאר 1501 אין דער ספאנהיימער כראניק פון טריטהיים. „זיי פארזאמלען זיך, — זאגט טריטהיים, — ביי־נאכט אין גריבער און אין פארבארגענע היילען; דארטען זינדי־גען זיי אויפ'ן מיאוסטען שטייגער, פונקט ווי חיות. אט די נידע־ריגע ראסע מערט זיך און וואקסט פון טאג צו טאג מיט אן אוי־סערגעוועהנליכער שנעליגקייט*).

פונקט ווי די פארשטעהער פון אנדערע רעוואלוציאנערע ריכ־טונגען, האבען די „גרובענהיימער", די „גרובניקעס", נאך א גרוכטלאזער עקספעדיציע פונ'ם פויפסט און קייזער געגען לוטער'ן און נאך דעם, ווי מען האט פארברענט די חרם־בוללע (אינ'ם יאר 1520), און טאקע מער נאך דעם וואָרמס'ער קייזערליכען סיים אינ'ם יאר 1521, זיך אויך אנגענומען מיט מוט און ארויסגע־געטראטען אין דער עפענטליכקייט. דער סיים פונ'ם יאר 1521, האט באוויזען די פולשטענדיגע מאכטלאזיגקייט פונ'ם פויפסט און פון דעם קייזער אין דייטשלאנד.

*) ל. קעללער „די רעפארמאציאן", ז. 304.

די בעסטע שטיצע פאר פאליטישע אדער געזעלשאפטליכע אויטאריטעטען, וואס האבען אנגעוואוירן זייער מאטעריעלען פונ־דאמענט, איז די טראדיציאנעלע אכטונג צו זיי, זייער פרעסטיזש. מיט זיין כח קענען זיי זיך ביי א צופאל זעהר לאנג האלטען געגען זייער שטארקסטען געגנער; נאר וואס לענגער זיי האלטען זיך, אלץ האסטיגער, פארשטעהט זיך, מוז זיין זייער פאלען, אויב נאר דער פרעסטיזש צייגט זיך ביי א פראבע ארויס אלס פוסטע פאנ־טאזיע.

בנוגע צום פויפסט און צום קייזער זיינען אזא פראבע געווען די געשעהענישען פון די יארען 1520 און 1521. ביז יענער צייט איז נאך אין דייטשלאנד קיינער ניט ארויסגעטראטען אומבא־שטראפט קעגען קייזער און פויפסט מיט איין מאל. איצטער איז פלוצלונג געגען זיי ארויסגעטראטען אן איינפאכער מאנאך, און זיי האבען ניט געוואגט אים אויסצוראטען. דער חרם האט ניט געמאכט קיין שום איינדרוק, און לוטער האט טריאומפירענד פאר־לאזען דעם סיים אהן שרעק פאר דעם חרם, וועלכער האט אים בא־גלייט. וואס ווינציגער די נידעריגסטע פאלקס־שיכטען האבען בא־מערקט די פירשטען און ריטער, וואס זיינען אין ווארמס געשטאנ־נען אויף לוטער'ס צד, און וואס מעהר איזאלירט, ווי זיי האט גע־שיינט, ער איז געווען, אלץ שטארקער האבען געמוזטווירקען אויף די פאלקס־מאסען די רעזולטאטען פון אט דעם סיים. אזוי ווי דער אמת האט זיך ארויסגעצייגט צו זיין אזוי שטארק, אז א פשוט'ער מאנאך האט מוטיג און אומבאשטראפט געקענט ארויס־טרעטען קעגען די מעכטיגסטע פון דער קריסטליכער וועלט און אים פארטיידיגען, האבען שוין אלע, וואס שטעלען זיך איין פאר'ן אמת איצטער, דאכט זיך, געקענט מוטיג און אפען ארויסטרעטען פאראויס.

די באוועגונג האט זיך אנגעפאנגען פריער פון אלץ אין זאק־סען; עטליכע וואכען שפעטער, בעת דער חרם אויף לוטער'ן און אויף זיינע פריינט איז נתפרסם געווארען, אין יוני 1521, האט זיך אין ערפורט ערהויבען דאס פאלק און דורך א גאנצער רייהע אויפשטאנדען געמאכט א סוף צום קאטוילישען רעזשים. אין ווירטעמבערג איז אויך געווען אומרוהיג, נאר פאר אונז איז דא

ספעציעל וויכטיג די באוועגונג אין צוויקוי, וואס האט זיך אנגע־
פאנגען אינ'ם יאר 1520.

מיר האבען שוין אויבען געזעהן, אז אט די שטאדט האט גע־
האט א באדייטונג אלס פארמיטלער אין דעם תבואה־האנ־
דעל צווישען דעם זאקסישען טאל און די בערג־בוי באצירקען.
וואס מער דאס בערג־בוי האט זיך אנטוויקעלט, אלץ מער האט
זיך צובליט די אינדוסטריע און האנדעל אין צוויקוי. ספעציעל
האט איר רייכטום אנגעפאנגען צו וואקסען זינט עס זיינען אנט־
דעקט געווארען די גאלד־מינען אין דעם דערבייאיגען געגענט פון
שנעעבערג. „ערשט נאך דעם, ווי מען האט אנגעפאנגען צו בא־
ארבייטען די מינען פון שנעעבערג, האט אונזער שטאדט צוגע־
קראגען ווערטפולע אויסבעסערונגען אין איר ארכיטעקטור, וואס
זיינען נאך עד היום אנזיכטיג. א סך בירגער זיינען צוליב דעם
רייך געווארען, למשל, מיכאל פאלנער, יאהאן פעדעראנגעל, אנד.
און ניק. הוילענהאפער, קלעמענטיוס שיקער (מערסמענס־
מיילס אלץ טוך־מאכער), ספעציעל אבער די ברי־
דער מארטין און ניקאלאוס ראמער, וועלכע זיינעןביידע דערהוי־
בען געווארען שפעטער צום ראנג פון אדעללייט. עס זיינען אויך
פארבעסערט געווארען, צוליב דער פארבעסערונג פון דער געלט־
לאגע, דאס פארדינסט און לעבענס־מיטלען פון די איבריגע ביר־
גער".*)

די רייכסטע איינוואוינער פון צוויקוי זיינען געווען טוך־מא־
כער. „פון די אלטסטע צייטען ביז דעם דרייסיגיאריגען קריג איז
די הויפט אינדוסטריע אין צוויקוי געווען טוך־וועבעריי. שוין
אינ'ם יאר 1348, בעת עס זיינען זיי געגעבען געווארען די תקנות
האבען די טוך־וועבער צוזאמענגעשטעלט דעם ווירדיגסטען און,
ווארשיינליך, דעם אלטסטען צעך אין שטאט; אין דער צווייטער
האלב פונ'ם 15טען יארהונדערט פלעגט צוויקוי, צוזאמען מיט
אשאץ, צושטעלען די מערסטע און בעסטע טוכען אין מייסען;
פונדעסטוועגען האבען זיך אט די טוכען נאך אלץ ניט געקענט
פארגלייכען מיט די באליבטע לאנדאנער און נידערלאנדישע טו־

*) הערצאג, „כראניק דער קרייזשטאדט צוויקאו", I, ז. 81.

כען. אינ'ם יאָר 1540 זיינען צווישען די הויזבאַזיצער פון שטאָט געווען ארום צוויי הונדערט און דרייסיג טוך־וועבער, לויט אַמאָלי־גע און, ווארשיינליך, ניט גאָר גרונדלאָזע דערצעהלונגען, איז זייער צאָל זיך צואוואקסען אין דער בליהונגס־צייט און דערגרייכט ביז זעקס הונדערט.*)

מיט אָט דער „בליהונגס־צייט" זיינען מיר טאקע איצטער באַ־שעפטיגט. אין דעם צעניאָריגען משך פון די פויערים־מלחמות פלעגט יאָרליך אויסגעארבייט ווערען אין דורכשניט פון צען ביז פופצען־טויזענט פעק וואָל און עס פלעגט פראדוצירט ווערען פון צען ביז צוואנציג טויזענט קלעצלאָך געוואנט.

די וועבער האָבען צוזאמענגעשטעלט א וויכטיגע טייל פון דער באפעלקערונג פון דער שטאָט ניט נאָר לויט זייער עקאָנאָמי־שער באדייטונג, נאָר אויך לויט זייער צאָל. אין שטאט זיינען דעמאָלט געווען ארום טויזענט הייזער; פון זיי האָט אין דער בליהונגס־צייט געהערט צו טוך־וועבער פון א פערטעל ביז האלב (יעדענפאלס מער פון צוויי הונדערט און דרייסיג, ס'קען זיין, ארום זעקס הונדערט).

די טוך־וועבעריי איז געווען אן עקספּאָרט־פּראדוקציע; זי פלעגט עקספּלואטירט ווערען קאפּיטאליסטיש, דורך די גרויסע סוחרים. דעמאָלט איז גאר קיין חדוש ניט געווען וואס די רייכע סוחרים האָבען פאראייניגט די עקספּלואטאציע פון די קאָנסו־מער, דורכ'ן האנדעל, מיט דער עקספּלואטאציע פון די ארביי־טער אין די צוויי גרויסע קאפּיטאליסטישע אינדוסטריע צווייגען פון יענער צייט, אין דער וועבער־ און מינען פּראדוקציע. אלס אנזיכטיגסטער ביישפּיל דערפון קענען דינען די פ ו ג ג ע ר ס , וועלכע פלעגען זאמלען זייערע רייכטימער ניט נאָר דורכ'ן האנ־דעל מיט אלערליי זאכען (צווישען זיי, ווי מיר האָבען שוין גע־זעהן, אויך מיט גייסטליכע שטעלעס), נאָר דורך דער עקספּלוא־טאציע פון די אויגסבורגער וועבער און טיראלער מינען־ארביי־טער. עוליכעס איז אויך פארגעקומען אין צוויקוי: די מינען אין שנעעבערג האָבען געהערט מערסטענס צו די טוך־וועבער און

*) א. צ. I, ז. 234.

טוך סוחרים, הויפּטזעכליך צום אויבען־דערמאָנטען סוחר מ א ר־ ט י ן ר א מ ע ר , דעם זאַקסישען פּוגגער, וואס איז געשטאָר־ בען אינ׳ם יאָר 1483, איבערלאָזענדיג אַ גרויס פאַרמעגען.*)

נאָר די מינען־ארבייטער, וואס זיינען עקספּלואטירט געוואָרען דורך די פוגגערס, זיינען געווען אפּגעטיילט אויף אַ באַדייטענדען שטח פון די אויגסבורגער וועבער. פאַרקערט, אין צוויקוי זיינען די עקספּלואטירטע וועבער־פּועלים געווען זעהר נאָהענט פון די מינען־ארבייטער, וועלכע זיינען עקספּלואטירט געוואָרען דורך די זעלבּינע קאַפּיטאַליסטען. דערפון האָט זיך באַקומען אַן אייגענ־ אַרטיגע לאַגע, דער רעוואָלוציאָנערער און קריגערישער גייסט פון די מינען ארבייטער האָט צוגעגעבען מוט די וועבער־פּועלים, און דער קאָמוניסטישער ענטוזיאזם פון איינע האָט אויך געמוזט אַנ־ שטעקען די אַנדערע. דערפאַר דאַרפען מיר זיך ניט חדוש׳ן, וואס די קאָמוניסטען פון צוויקוי און אומגעגענד זיינען געווען די ערש־ טע, וואס האָבען געוואָגט עפענטליך צו ערקלערען וועגען זייער עקזיסטענץ.

שוין אינ׳ם יאָר 1520 טרעפען מיר דאָרט אַן אָרגאַניזירטע געמיינדע מיט מדריכים, וועלכע ווערען גערופען, פּונקט ווי ביי די וואַלדענזער, אַפּאָסטאָלען. זיי האָט זיך גערוכט, אַז איצטער קומט אָן, דורך דעם שרעקליכען בלוטיגען משפט פון גאָט, אַ גוואַלט־ זאַמע רעוואָלוציע, וועלכע וועט ברענגען צו דער לאַנג־געוואונש־ טער טויזענט־יאָריגער קעניגרייך. דער הויפּט באַשטאַנדס־טייל פון דער קאָמוניסטישער געמיינדע זיינען געווען די וועבער־פּועלים פון דער שטאָט; זיי האָבען אָבער צוגעקראָגען אָנהענגער אויך צווישען די מינען־ארבייטער און צווישען די געבילדעטע מענשען. צווישען די לעצטע קען מען אנדייטען אויף מ א ק ס ש ט י ב־ נ ע ר , איינער פון די „אַפּאָסטאָלען“, וועלכער האָט זיך געלערענט אין וויטעמבערג. זייער פירער איז געווען דער וועבער נ י ק אָ־ ל א ס ש ט אָ ר ך .

זיי האָבען אויך געקראָגען אַן איינפלוס אויסער צוויקוי, אפילו אין וויטענבערג גופא. צוזאַמען מיט די נידעריגסטע קלאַסען פון

*) א. צ., II, ז. 140—149.

פאָלק זיינען אויך געווען די געבילדעטע, וועלכע זיינען צו זיי צוגעשטאנען. דעמאָלט האָבען די קלאסען־געגענזאצען זיך נאָך ניט געהאט ארויסגעוויזען אין הער רעפאָרמאציאנס־באוועגונג; אָט די באוועגונג האָט נאָך דעמאָלט, פון איין זייט, געשיינט צו זיין א נאציאנאַלע, וואס רייסט הין די גאנצען נאציע, אָהן אונטערשיד פון קלאסען, און פון דער צווייטער זייט א ריין־רעליגיעזע באוועגונג, מיט'ן צוועק ארויסצוטרייבען די טמאה פון די קירכען, ווידער אויפצולעבען דאָס עוואנגעלישע קריסטענטום.

מיר האָבען אין צווייטען קאפיטעל פון דער אפטיילונג אנגעוויזען דארויף, ווי לייכט עס איז געווען אויף אָט דער שטופע פון דער באוועגונג פאר די אידעאלאָגען, וואס זיינען דירעקט ניט געווען פאראינטערעסירט אין דער עקספּלואטאציע פון די נידעריגסטע פאָלקס־מאַסען, באגעגענען מיט מיטגעפיהל די קאָמוניסטישע באוועגונג, וועלכע האָט זיך געשטיצט אויף דער אלט־קריסטליכער טראדיציע.

אפילו אויף מעלאנכטאָנען גופא, לוטערס פריינד און מיטארבייטער האָבען די צוויקויער פאנאטיקער געמאכט א טיפען איינדרוק. ער האָט געקלערט, אז „לויט פיל סמנים לעבען אין זיי נשמות פון צדיקים”. וועגען ניקאָלאס שטאָרך האָט ער געשריבען צום קורפירשט פרידריך: „איך האָב גוט באמערקט, אז ער פארשטעהט ריכטיג דעם זין פון די הייליגע שריפטען אין די העכסטע און וויכטיגסטע פראגען פון גלויבען, הגם ער דרוקט זיך אויס זעהר מאָדנע”.

צוליב דער אויפפירונג פון זיינע טעאָלאָגען, האָט פרידריך אליין ניט גוט געוואוסט, וואָס ער זאָל קלערען פון די פאנאטיקער. מעלאנכטאָן איז געווען כיטרע אום זיך ניט צו קאָמפּראָמעטירען און האָט די גאנצע פראגע וועגען די שטרעבונגען פון די פאנאטיקער איבערגעגעבען צו לוטער'ן; נאָר ער האָט צו זיי געפילט אזא צוציהונג, אז ער האָט אויפגענומען ביי זיך אין הויז איינעם פון די „אפּאָסטאָלען”, דעם אויבענדערמאָנטען שטיבנער'ן. לוטער האָט אין אָנפאנג כמעט גאָרניט געקענט זאָגען פרידריך'ן מכח די איינוואוינער פון צוויקוי; געוואוינט האָט ער אליין אין ווארטבורג, וואו ער האָט ערווארט די אָפיציעלע ידיעה מכח דעם חרם. נאָר,

זעלבסטפארשטענדליך, אים איז שנעל קלאָר געוואָרען, וואס די „ברידער" באצוועקען, און העמאָלט איז ער געגען זיי ענערגיש ארויסגעטראָטען.

א סך אנטשלאָסענער פון מעלאַנכטאָנען האָט זיך אויף דער זייט פון די פאנאטיקער געשטעלט לוטער'ס פריינט און קאָלעגע ק א ר ל ש ט א ד ט, וועמען די לוטעראנישע באוועגונג האָט גע־שיינט צו געהן זעהר פאמעלאך. נאָך א היבשע צייט פאר לוטער'ן, וועלכער האָט אים נאָר אומאנטשלאָסען נאָכגעפאָלגט, האָט ער אָנ־געפאנגען א קאמף געגען דער הייראטסלאָזיגקייט פון דעם קלערוס און געגען די לאטיינישע קירכליכע תפילות, אויך געגען די תעניתים און געגען די הייליגע בילדער. נאָר ער איז אוועק נאָך ווייטער: דער געלערנטער פראפעסאר האָט פארדאמט יעדער געלערענטקייט, פולשטענדיג אין דעם טאבאָריטישען אָדער בעגאר־דישען גייסט. לויט זיינע ווערטער דארפען ניט קיין געלערנטע, נאָר פשוטע האָרעפאשניקעס פרעדיגען דאָס עוואנגעליום; די גע־לערנטע דארפען זיך ביי זיי טאקע צולערנען, די העכסטע שולען מוזען פארמאכט ווערען.

דער אָנזיכטיגסטער צווישען די נאָכפאָלגער פון די צוויקוי'ער אפאָסטאָלען איז געוועזן ט א מ א ס מ י נ צ ע ר. פונ'ם יאָר 1521 ביז 1525 האָט ער אין זיין פערזאָן פאָרגעשטעלט דעם צענטער פון דער גאנצער דייטשער קאָמוניסטישער באוועגונג. זיין בילד ווערט אזוי מעכטיג ארויסגערוקט דורך אָט דער באוועגונג, זיין געשיכטע איז אזוי ענג מיט איר צוזאמענגעבונדען, און אלע דאָקו־מענטען פון יענער צייט ציטירען אים אזוי עקשנות'דיג, אלס פירער, אז מיר וועלען אויך נאָכפאָלגען דעם אלגעמיינעם ביישפיל און מיר וועלען באשרייבען די געשיכטע פון דער קאָמוניסטישער בא־וועגונג אין די ערשטע יאָרען פון דער רעפאָרמאציאָנס־עפּאָכע אין דער פאָרם פון דער געשיכטע פון מינצער'ן.

## 5. מינצערס ביאָגראפיע.

מיר זיינען שלעכט אינפאָרמירט מכח טאָמאס מינצער, פונקט ווי מכח א סך אנדערע רעוואָלוציאָנערען, וואס האָבען פארשפילט זייער קאמף. ניט מיר האָבען וועגען אים ניט קיין ידיעות,

דאָס ניט; די ידיעות אבער, וואס מיר האָבען, קומען מערסטענ־טיילס פון זיינע געגנער, און זיינען דערפאר פיינטליך צו אים און ניט זיכער. דער באוואוסטעסטער קוואל, וואס באציט זיך צו מינ־צער'ן איז מעלאנכטאנ'ס דערצעהלונג אין זיין ווערק: „היסטאָריע טאָמאָס מינצערס, דעם אנפענגערס דער דירינגישען אופרור, זעהר נוצליך צו לעזען, א. ז. וו.", וואָס איז ערשינען, וואַרשיינליך, גלייך נאָך דער אונטערדריקונג פונ'ם אויפשטאַנד, נאָך אינ'ם יאָר 1525 (צוגעלעגט כמעט צו אלע פאָלשטענדיגע זאַמלונגען פון לוטער'ס ווערק). אויף ווי ווייט אָביעקטיוו עס האָט דעמאָלט געקענט שריי־בען אַ פירשטליכער דינער וועגען דעם ערגסטען שונא פון די פירש־טען — איז שוין זעלבסטפארשטענדליך. מעלאנכטאָן האָט געהאַט ספּעציעלע אורזאַכען צו באַציהען זיך צו אים פיינטליך, ווייל, ווי מיר האָבען געזעהן, איז ער אַ שטיקעל צייט געווען א מחותן מיט מינצער'ס אָנהענגער, האָט באַקומען פון זיי בריף און אויף זיי גע־ענטפערט.*) אָט דעם פעלער האָט ער אויסגעקויפט מיט אַ פאַרדאָ־פעלטער שנאה.

פאר דעם „ענו" מעלאנכטאָן איז וויכטיג געווען ניט דער אמת, נאָר די דערנידערונג פון די געגנער. ער פלעגט זיך צוטשעפען צו די אומוויכטיגסטע פראגען און ריידען פארטייאיש און זיך באַציהען נאַכלעסיג.**)

*) אין דער ביילאַגע צו מינצער'ס „אויסטייטשונג פונ'ם נײנ־צענטען קאַפּיטעל תהילים", וואָס אַגריקאָלאַ האָט ארויסגעגעבען, איז אָפּ־געדרוקט אַ בריף פון מינצער'ן צו מעלאַנכטאָנען, אין וועלכער ער איז מזרז דעם לעצטען צו אַ מער ענערגישען ארויסטריט געגען די „גאָט־לאָזע".

**) עס וועט זיין גענוג איין ביישפּיל. לויט מעלאנכטאנען האָט מינצער זיך אויסבאהאלטען אַ האַלב יאָר באַלד ווי מען האָט אים אויס־געוויזען פון אַלשטעדט, נאָכדעם איז ער אַוועק קיין נירענבערג און פון דאָרטען אין מילהויזען, וואו ער איז פאַרבליבען אַ גאַנץ יאָר, ביז דעם אָנפאַנג פונ'ם פויערים־קריג. דאָס פארנעמט אַ משך פון אריבער אָנ־דערטהאַלבען יאָר. באמת אָבער איז מינצער נאָך אין אויגוסט 1524 געווען אין אַלשטעדט, און אין אָנפאַנג אַפּריל 1525 האָט זיך שוין אָנ־געפאַנגען דער פויערים־אויפשטאַנד. דערפון זעהט מען ווי פינקטליך עס איז מעלאַנכטאָן'ס כראָנאָלאָגיע; אַלע זיינע מעשיות וועגען מינצער'ס רייזעס אנטהאלטען ניט אפילו קיין שפור פון אמת.

סלעידאן און גנאדאליוס האבען דירעקט פון אים איבערגע־ שריבען*) אלע זיינע מעשיות, און פון זיי זיינען זיי שוין אי־ בערגעגאנגען אין די שפּעטערדיגע ווערק פון דער געשיכטע פון יענער צייט. נאָר די פראנצויזישע רעוואָלוציע האָט ביז א גע־ וויסען גראד באהערט מינצער'ן. זי האָט אָנגערעגט דעם פּאסטאָר ג. ט. שטראָבעל פון ווערדט (בייערן ?) זיך צו באשעפטיגען מיט דער אויספאָרשונג פון דעם פויערים־קריג, ד. ה. פון מינצערס אויפ־ שטאַנד. שטראָבעל האָט אנטדעקט די פעלערן און ווידערשפּרו־ כען אין מעלאנכטאָן'ס באשרייבונג און פּרובירט, ווי ווייט מעג־ ליך, זיי אויסבעסערען אין זיין ווערק „לעבען, שריפטען און לעהרען טאָמאס מינצערס, דעם אורהעבערס דעם באַוערנאופשטאַנדעס אין טהירינגען", נירענבערג און אַלטדאָרף, 1795. דאָס איז די ערש־ טע וויסענשאפטליכע מאָנאָגראפיע וועגען מינצער'ן, און מיט איר קען זיך פארגלייכען נאָר דאָס ווערק פון דעם פּאסטאָר זיידע־ מאַן, וואס איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין דעם יאָר 1842: „טאָמאס מינצער, איינע ביאָגראַפיע, נאָך דען אים קעניגליך־זאַק־ זישען האופּטשטאַטסאַרכיוו צו דרעזדען פאָרהאַנדענען קוועלען בע־ אַרבייטעט", דרעזדען און לייפּציג. זיידעמאַן ברענגט א רייע נייע דאָקומענטען, נאָר אין דעם אַריינפיר צו זיין ווערק זאָגט ער צו א סך מער, ווי ער גיט באמת, ווייל אין א סך פאַלען באַנוצט ער זיך פּשוט מיט שטראָבעל'ן, פון וועמעס ווערק ער שרייבט איבער גאַנצע שטיקער און דערמאָנט אַפילו ניט דעם קוואַל.

דאָס נייסטע ווערק וועגען מינצער'ן איז: „טאָמאַס מינצער אונד היינריך פּפייפער, 1523-1525", העטטינגען, 1889; עס גע־ הערט צו אָ. מערקס און איז א מין דאָקטאָר־דיסערטאַציע, וועַ־ מעס אויטאָר לאָזט ערגעץ ניט פאַרביי די געלעגענהייט אַרויסצו־ שטעלען זיינע גוטע לאָיאַלע געפילען. אָט די בראָשורקע טראָגט אַריין עטליכע נייע ידיעות און אויסבעסערונגען, באַגרינדעט אויף

*) „דאָס גאַנצע דריטע בוך פון גנאָדאַליוס'עס געשיכטע פונ'ם פויערים־קריג (ארויסגעגעבען אינ'ם יאָר 1570) איז פּשוט אַן איבער־ זעצונג פון מעלאנכטאָן'ס ווערק". אָ. ל. שעפער „דאָס פערהעלטניס דער דריי געשיכטשרייבער דעם באַוערנקריגעס, האַאַרער, גנאָדאַליוס אונד לעאָדיוס, היסטאָריש־קריטיש בעטראַכטעט", 1876, ז. 35.

גייע מאַטעריאַלען, וואָס זיינען צוואָרפען אין פאַרשידענע פער־ריאָדישע אויסגאַבען און זאַמעל־ביכער. נאָר זי באַרירט מער ניט ווי די אויסערליכע באַדינגונגען און צייגט ניט אַרויס דעם מיגדס־טען באַגריף אין מינצער'ס אידעען און טעטיגקייט.

אַלע איבריגע מאָנאָגראַפיעס, וואָס מיר האָבען באַטראַכט, האָ־בען ניט קיין שום וויסענשאַפטליכע באַדייטונג*).

אין זיי אַלע שוועבט דער גייסט פון מעלאַנכטאָן־אַרבייט, פונקט ווי אין די ווערק וועגען אַלגעמיינער געשיכטע פון יענער צייט, ניט אויסשליסענדיג די ווערק פון יאַנסענען און לאַמפּרעכ־טען.

צווישען די זעלבסטשטענדיגע ווערק, וואָס באַהאַנדלען די פראַגע וועגען מינצער'ן, איז אונז באַקאַנט נאָר איינס, וואָס גיט איבער ריכטיג די היסטאָרישע באַדייטונג פון אַט דעם מענשען און פון זיין פּערזענליכקייט: נעמליך דאָס ווערק פון וו. צימער־מאַן: „געשיכטע דעם גראָסען באַוערנקריגעס”; דאָס ווערק, ניט קוקענדיג דאַרויף, וואָס זינט עס איז ערשינען איז שוין אַוועק מער פון אַ האַלבען יאָרהונדערט, האָט צו זיך ניט קיין גלייכען, הגם איינינע דעטאַלען זיינע זיינען שוין איצט פאַרעלטערט.**)

נאָר אין איין, אגב זעהר אַ תוכ'יגען, פונקט קענען מיר ניט איינשטימען מיט צימערמאַנען: ער קוקט אויף מינצער'ן, ווי אויף אַ מענשען, וואָס איז אַוועק פאָראויס פון זיין צייט: „מינ־צער איז אַוועק אויף דריי יאָרהונדערטען פאָראויס ניט נאָר אין זיינע פּאָליטישע, נאָר אויך אין זיינע רעליגיעזע אַנשויאונגען.”

---

*) למשל, ב. ל. פאָן־באַטשקא „טהאָמאַס מינצער, דעססען כאַראַקטער און שיקזאַלע”, האַללע און לייפּציג, 1812, אָדער פ. שטרייף „טהאָמאַס מינצער אָדער דער טהירינגישע באַוערנקריג”, לייפּציג, 1836. אַם ערג־סטען איז די לעקציע פון פּראָפעסאָר לעוו: „טאָמאַס מינצער”, געליינט אויפ'ן אויפטראַג פון דעם עוואַנגעלישען פאַראיין אין בערלין אינ'ם יאָר 1856. ער האָט אויפגעזאַך זי איבערגעשריבען ביי זיידעמאַנען און אָנגעפּיקעוועט זי מיט העסליכער אונטערטעניגקייט.

**) אַ פּאָפּולערע אויסגאַבע האָט אַרויסגעלאָזט בלאָס. זי איז ער־שינען ביי דיצ'ן אין שטוטגאַרט.

באַנוצענדיג צימערמאַן'ס בוך, האָט פרידריך ענגעלס באַשריבען דעם פויערים־קריג, און צוזאַמען דערמיט אויך מינצער'ס טעטיגקייט אין אַן

צו אַט דער מיינונג קומט צימערמאַן, ווייל ער פאַרגלייכט מינצער'ס אַנשויאונגען מיט די אַנשויאונגען פון די נייעסטע דענ־קער און רעפאָרמער: פון פעננען, צינצענדאָרף'ן, רוססאָ'ן און אַנדערע. פאַרקערט אָבער, ווען ער וואָלט פאַרגלייכען מינצער'ס אַנשויאונגען מיט די אַנשויאונגען פון די גאָר אַלטע קאָמוניס־טישע סעקטען, וואָלט ער געזעהן, אַז מינצער האָט זיך געדרעהט אין'ם קרייז פון זייערע אידעען. אונז, פון אונזער זייט, האָט זיך ניט איינגעגעבען צו אַנטדעקען ביי מינצער אפילו קיין איין נייע אידעע.

די אָרגאַניזאַטאָרישע און אַגיטאַטאָרישע באַדייטונג פון אַט דעם מענשען האָט זיך, לויט אונזער מיינונג, ביז דער געגענווער־טיגער צייט צו הויך אָפּגעשאַצט. די פאַרפאָלגונגען פון די בע־גאַרדען און די וואַלדענזער האָבען ניט אויפגעהערט און האָבען באַוויזען, אַז ניט נאָר די אידעען, נאָר אויך די אָרגאַניזאַציעס פון די קאָמוניסטישע סעקטען האָבען דערלעבט ביז דער רעפאָר־מאַציאָנס-עפּאָכע. מיט פולער רעכט קענען מיר באַהויפטען, אַז גלייכצייטיג מיט מינצער'ן און אפילו פאַר אים, ווי דאָס איז גע־ווען אין צוויקוי, האָבען אַ סך אַגיטאַטאָרען און אָרגאַניזאַטאָרס געווירקט אין דעם זעלביגען גייסט, ווי ער, און אַז אין פיל ערטער האָבען זיך שוין פריער געהאַט געבילדעט געהיימע אָרגאַניזאַציעס, וואָס אויף זיי האָבען זיי זיך געקענט שטיצען.

---

אַרטיקעל, וואָס איז אָנפאַנגס ערשינען אין דעם זעקסטען העפט פון דער „נייע רהיינישע צייטונג" האַמבורג, 1850, און פון יענער צייט איז דאָס פיל מאָל ארויס באַזונדער אונטער דעם נאָמען: „דער דויטשע באַוערנ־קריג". דעם מאַטעריאל האָט ענגעלס גענומען, ווי ער דערקלערט אין דער פאָררעדע, ביי צימערמאַנען, נאָר ער האָט אים איבערגעאַרבייט זעלבסט־שטענדיג לויט דעם שטאַנדפונקט פונ'ם מאַטעריאַליסטישען בליק אויף דער געשיכטע, און מיט דער הילף פון דער ערפאַרונג, וואָס די רעוואָלוציע פון דעם יאָר 1848 האָט אים געגעבען. צוליב איר האָט ער ערוואָרבען אַ גאַנצע רייע פון נייע אַנשויאונגען אויף דעם מהות פון דעם פויערים־קריג, וועלכע וועלען אונז זעהר צונוץ קומען ביי דער ווייטערער באַ־שרייבונג.

מינצער האָט איבערשטיגען זיינע חברים ניט מיט דעם פּי־לאָזאָפישען שכל און ניט מיט דעם אָ ר ג א נ י ז א ט אָ ר י ש ע ן ט אַ ל אַ נ ט, נאָר מיט זיין רעוואָלוציאָנערער ענערגיע און פאַר אַלעמען מיט זיין פּאָליטישען טאַקט. די קאָמוניסטען פון׳ם מיטעלאַלטער, ווי מיר האָבען שוין ניט איין מאָל געזעהן, זיינען אין אַלגעמיין געווען פרידליכע מענשען, הגם אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע האָבען זיי זיך לייכט אָנגעשטעקט מיט רעוואָלוציאָנער־יען פּלאַנען. בעת די רעפאָרמאַציע האָט אריינגעשליידערט גאַנץ דייטשלאַנד אין דעם שרעקליכען תהו ובהו, זיינען די קאָמוניסטען מיט פאַרלעגטע הענט ניט געזעסען. נאָר פונדעסטוועגען האָבען אַ סך פון זיי, ווי עס זעהט אויס, געצווייפעלט אין דער צוועקמעסיגקייט פון גוואַלטזאַמע טאַטען, ספּעציעל די דרום־דייטשע קאָמוניסטען, וועלכע זיינען געווען אונטער׳ן איינפלוס פון די שווייצאַרישע אַנאַבאַפּטיסטען; זיי, די אַנאַבאַפּטיסטען, זיינען אַנטשידען ארויסגעטראָטען געגען מינצער׳ס לערע, אַז נאָר גוואַלט קען העלפען דעם עוואַנגעליום צו זיגען. זיי האָבען זיך נאָר געוואָלט באַנוצען מיט אַ „קאַמף דורך גייסטיגע געווער", „געוואָלט באַקעמפען די וועלט מיט גאָט׳ס וואָרט", ווי מען פלעגט זיך אין יענער צייט אויסדריקען. מיר וועלען זיך צו אָט דער ערשיינונג אומקערען אין דער געשיכטע פון די אַנאַבאַפּטיסטען.

מינצער איז ווייט פון אַזאַ פרידליכקייט; זיין ענערגיע און ברען האָט מען ניט געקענט באַזיגען. ער איז אָבער אויך ניט געווען ניט קיין בונטאָוושטשיק, ניט קיין באַגרעניצטער פאַנאַטיק־סעקטאַנט. ער איז געווען באַקאַנט מיט די געגענזייטיגע באַציהונגען פון די מלוכה־קרעפטען און פון די קרעפטען אין דער געזעלשאַפט און ביי זיין גאַנצען מיסטישען ענטוזיאַזם האָט ער זיך, פונדעסטוועגען, מיט זיי גערעכענט. ער איז געווען ווייט פון באַגרעניצען זיין טעטיגקייט מיט אַ קליין קרייזעל פּרומאַקעס; ער האָט גערופען אַלע רעוואָלוציאָנערע עלעמענטען פון זיין צייט און פּרובירט זיי צוויגנען צו דינען זיין זאַך.

אויב ער האָט געהאַט אַ מיסערפאָלג, איז דאָס נאָר צוליב די ארומיגע באַדינגונגען, וועלכע ער האָט ניט געקענט ענדערען. מיט די מיטלען, וואָס ער האָט זיך געקענט באַנוצען, האָט מינצער

געטאָן אַלץ, וואָס מען האָט געקענט טאָן, און אויב אינ'ם יאָר 1525 אין דער אויפשטאַנד אין טירינגען פון די אומבאַוואָפּענטע פּויערים אַ שטיקעל צייט געווען אַ סכנה פאַר די סאַמע יסודות פון דער עקספּלואַטירענדער געזעלשאַפטליכער אָרדנונג, איז דאָס געשעהען ניט אין קיין קלענער מאָס אַ דאַנק טאָמאָס מינצער'ן, אַ דאַנק דעם, וואָס אין אים האָט זיך דער עקסטרעמער קאָמוניסטישער פאַנאַטיזם פאַראייניגט מיט אַ שטאַרקער ווילענס־קראַפט, מיט אַ גוואַלטיגער ענערגיע און, ועל כולם, מיט אַ פּאָליטישער שאַרפזיכטיגקייט.

## 6. דער אָנפאַנג פון מינצער'ס טעטיגקייט.

מינצער איז געבאָרען געוואָרען אינ'ם יאָר 1490 אָדער 1493 *) אין שטאָלבערג, ביים פוס פון האַרץ־געבירג. וועגען זיין יוגענד און ערשטע למודים האָבען מיר ניט קיין שום ידיעות; עס איז אומצווייפעלהאַפט, אַז ער האָט ערפאָלגרייך שטודירט די וויסענשאַפטען, ווייל ער האָט געקראָגען דעם טיטול דאָקטאָר. ער איז געוואָרען אַ גלח, נאָר האָט זיך שלעכט געפילט אין דער ראָלע פון אַ „שוואַרצען זשאַנדאַרם". זיין רעוואָלוציאָנערע נאַטור האָט זיך פרי ארויסגעצייגט, און ער האָט אָרגאַניזירט אין האַללע, וואו ער איז געווען אַ לערער, אַ געהיימען פאַרבאַנד געגען ערנעסט דעם צווייטען, דעם ערצבישאָף פון מאַגדענבורג און ערצבישאָף פון דייטשלאַנד. בעת ער, ערנעסט דער צווייטער, איז געשטאָרבען, אינ'ם יאָר 1513, איז מינצער אַלט געווען ניט מער פון דריי־און־צוואַנציג יאָר. אינ'ם יאָר 1515 טרעפען מיר אים אַלס גלח אין פראָזאַ נעבען אַשערסלעבען, וואַרשיינליך, אין דעם אָרטיגען פרויען־מאָנאַסטיר. נאָר דאָרט איז ער ניט לאַנג געווען. נאָך פיל וואַנדערונגען פון אָרט צו אָרט, האָט ער זיך ענדליך איינגעאָרדענט אַלס גייסטליכער אין אַ פרויען־מאָנאַסטיר, אין בעאויטיצע נעבען ווייסענפעלז. נאָר אויך דאָרטען איז ער ניט איינגעזעסען, און אינ'ם יאָר 1520 איז ער שוין ערשינען אַלס

*) זיידעמאַן ברענגט דאָס יאָר 1490, צימערמאַן האָט געפונען ראיות וועגען דעם יאָר 1493.

פרעדיגער אין צוויקוי. ווען מינצער, אַט די יונגע שטורמדיגע נאַטור, האָט זיך באַפריינדעט מיט לוטער'ן, האָט ער זיך אייפערדיג אַ נעם געטאָן אים צו העלפען אין'ם קאַמף געגען רוים. די פאַרוויילונג אין צוויקוי האָט געהאַט אַן אַנטשידענע באַדייטונג פאַר מינצער'ס ווייטערער טעטיגקייט.

אין אָנפאַנג איז מינצער געווען אַ פרעדיגער אין דער קירך פון דער הייליגער מאַריע, נאָכדעם איז ער איבערגעגאַנגען אין דער קירך פון דער הייליגער קאַטערין, אין וועלכער ער האָט זיך, לויט דעם אויסדרוק פון זיידעמאַן, „איינגעריבען". אַט דער פאַקט האָט זיך ביז איצטער גערעכענט אַלס מינדערוויכטיג, נאָר מיר קלערען אַנדערש. די קירך פון דער הייליגער קאַטערין איז געווען ביז אַ געוויסען גראַד אַ זאַמלונגס־פּלאַץ פון דער געזעלשאַפט פון די פועלים טוך־וועבער. אין'ם יאָר 1475 האָבען זיי דאָרטען אויפגעבויט אַן אייגענעם אַלטאַר, „דעם אַלטאַר פון די פועלים", וואָס דער צעך (פאַראיין ?) האָט איבערגעגעבען דעם גייסטליכען פאַר אַ באַלוינונג פון פינף־און־דרייסיג פלאָרינס יערליך. אויף דעם קירכען־בית־עולם פלעגען די וועבער צוזאַמענרופען זייערע פאַרזאַמלונגען (די מאָרגען־געשפּרעכען). פאַרקערט, די קירך פון דער הייליגער מאַריע איז געווען אַ פאַרזאַמלונגס־פּלאַץ פון דער געלט־אַריסטאָקראַטיע פון שטאָט. אין'ם יאָר 1475 האָט מאַרטין ראָמער אויף איר מנדב געווען צו „דערלייזען די נשמה" טויזענט רהיינישע גולדען, וואָס זיינען געלעגען אין נירענבערג און איינגעטראָגען פיר פּראָצענט. דערפאַר האָט מען געמוזט מאַכען זיבען „מלא'ס" אַלע טאָג נאָך דער נשמה פונ'ם רייכען בעל־עבירה *). אגב, אָט איז אַ ביישפּיל, ווי איינטראָגענד עס איז געווען פאַר דער קירך די לערע וועגען דעם לייטער־פּלאַץ.

צי די סימפּאַטיע צו די פועלים טוך־וועבער האָט אָנגערעגט מינצער'ן צו ווערען דער פרעדיגער אין זייער קירך אָדער, אדרבא, די דערנענטערונג מיט זיי איז גאָר געווען דער פועל יוצא פון אַט

*) הערצאָג, „כראָניק פאָן צוויקאו", I, ז. 235 ; II, ז. 133—135.

דעם טאַט זיינעם, דאָס קען מען איצטער ניט באַשטימען. זיכער איז נאָר, אַז ער אַלס פּרעדיגער פּלעגט קומען אין זעהר נאָענטע באַציהונגען מיט זיי, האָט זיך באַקענט מיט זייערע אַנשויאונגען און תיכף טאַקע פון זיי פאַרכאַפּט געוואָרען. איין ווערק, וואָס איז אָנגע־שריבען געוואָרען אין צוויקוי אינ׳ם יאָר 1523 *), זאָגט מכח זיינע באַציהונגען צו די פּועלים, אַז „די פּועלים זיינען אויף זיין זייט, און ער פירט זיך מיט זיי אַרום מער, ווי מיט דעם וויר־דיגען קלערוס. דער מאַגיסטער טאָמאַס שעצט העכער די פּועלים, ספּעציעל איינעם אַ ניקאָלאַס שטאָרך. ער לויבט אים זעהר אין זיינע דרשות און שטעלט אים העכער פון אַלע גייסטליכע, ווי ער וואָלט געווען דער איינציגער מענש, וואָס קען גוט די הייליגע שריפטען און איז טיף דורכגעדרונגען מיט זייער גייסט. דערביי האָט מאַגיסטער טאָמאַס זיך אויך באַרימט, אַז ער ווייסט, דאָס אויף שטאָרך׳ן וועט רוהען דער הייליגער גייסט. צוליב דעם האָט שטאָרך זיך דערלויבט אונטער טאָמאַס׳ן אָנצופאַנגען אַ גע־היימען פּרעדיגט, ווי דאָס איז געוועהנטליך ביי די בעגאַרדען (פּיקאַרדען), וואָס לעגען פאָר יעדען שוסטער אָדער שניידער צו פּרעדיגען. אויף אַזאַ אופן איז שטאָרך אַרויסגערוקט געוואָרען פאָראויס דורך מאַגיסטער טאָמאַס און ער האָט פון דער בימה אָנערקענט אַלס געזעצליך, אַז איינפאַכע בירגער זאָלען ווערען אונזערע פּרילאַטען און גייסטליכע און טאַקע פאַר זיי זאָל מען מתודה זיין די זינד. דערפון איז אַנטשטאַנען און באַוואוסט גע־וואָרען די סעקטע פון די שטאָרכיטאַנער. און אָט די סעקטע האָט זיך אַזוי צעוואַקסען אין פאָלק, אַז מען האָט אָפען גערעדט, דאָס זי האָט געמאַכט אַ געהיימע פאַרשווערונג און באַשטימט צוועלף אַפּאָסטלען און צוויי־און־זיבעציג תּלמידים״.

אַזאַ געוואַגטער שריט מצד די קאָמוניסטען האָט נויטווענדי־גער ווייזע געבראַכט צו אַ קאָנפליקט. כל זמן מינצער איז אַרויס־געטראָטען נאָר געגען די רייכע גלחים, האָבען נאָך ער די שטאָט בירגער און די שטאָטישע רעגירונג פון אים געהאַלטען. איצט אָבער האָט זיך די זאַך געענדערט.

---

*) אָפּגעדרוקט אין דער ביילאַגע צו זיידעמאַנס בוך „מינצער״, ז. 109 און ווו.

דער קאָנפליקט האָט זיך פריהער פון אַלץ אַרויסגעצייגט אין דער פאָרם פון אַ צוזאַמענשטויס אויף אַ רעליגיעזען באָדען צווישען די צוויי קירכען, צווישען דער וועבער־קירך פון דער הייליגער קאַטערין און דער קירך פון די אָנגעבלאָזענע נגידים, אין דער פּערזאָן פון זייערע פּרעדיגער, פון איין זייט מינצער, און פון דער צווייטער זייט יאָהאַן ווילדענוי פון עגער (עגראַנוס). שוין אין׳ם יאָר 1520 איז צווישען זיי אָנגעגאַנגען אַ קאַמף. צי איז ווילדענוי אין דער ווירקליכקייט געווען אַן אומפעהיגער מענש, ווי עס מאָלען אים אָפּ די געגנער, אָדער די שטאָט־בירגער האָבען אים ניט גענוג געשטיצט. ווי ס׳איז דאָרטען ניט געווען, נאָר ער האָט געמוזט אָפּטרעטען מינצער׳ן (פרילינג 1521).

אויב אַזאַ אויסגאַנג האָט געמאַכט די פּועלים טוך־וועבער מוטיגער, האָט ער, פון דער אַנדערער זייט, געמאַכט דעם שטאָט־ראַט און די פאַרמעגליכע בירגער מער שרעקעוודיג און גענייגט אָנצונעמען גוואַלטזאַמע מיטלען. אין קיין אויסרייד איז קיין מאַנגעל ניט געווען. דאָס מאָל איז דער אויסרייד געווען אַ בונט פון די וועבער, אין וועלכען מינצער, ווי ער האָט נאָך געשריבען דעם נייגטען יוני, 1523, צו לוטער׳ן, האָט קיין שום אַנטייל ניט גענומען. פינף־און־פופציג פּועלים האָט מען איינגעזעצט אין תפיסה, די מער שולדיגע זיינען אַנטלאָפען, און מינצער׳ן האָט מען אַרויסגעטריבען. ניקאָלאַס שטאָרך און די אַנדערע האָבען גלייך אָדער באַלד נאָך דעם פאַרלאָזען צוויקוי, וועמעס באָדען איז פאַר זיי געוואָרען צו הייס. זיי האָבען זיך אַוועקגעלאָזט קיין וויטענבערג, וואוהין זיי זיינען אָנגעקומען אין דעצעמבער 1521, און, ווי מיר האָבען געזעהן, זיינען זיי דאָרטען געקומען אין באַרירונג מיט מעלאַנכטאָנען און קאַרלשטאַדט׳ן. מינצער אָבער האָט זיך געלאָזט קיין פּראַג; ער האָט געהאָפט אין׳ם לאַנד פון די טאַבאָריטען צו קריגען אָנהענגער און אַ פרוכטבאַרען באָדען פאַר זיין טעטיגקייט.

נאָר די צייטען האָבען זיך געענדערט. דער באָדען פאַר דער טאַבאָריטישער לערע איז אין בעהמען געווען נאָך ערגער, ווי אין זאַקסען. די קריגערישע דעמאָקראַטיע איז שוין לאַנג באַזיגט געוואָרען אין דער אַנטשיידענער שלאַכט מיט די גרויסע אַריסטאָקראַ־

טען, און די לעצטע רעשטלאך פונ'ם דעמאָקראַטישען קאָמוניזם, וואָס האָבען נאָך פאָרגעזעצט זייער עקזיסטענץ צווישען די בעה־מישע ברידער, זיינען אזוי געווען צו'מזיק'ט, אז מען האָט זיי קוים געקענט דערקענען, ספּעציעל זינט די בורזשואזע ריכטונג צווישען די ברידער האָט געקראָגען די אויבער־האַנט איבער דער פּראָלע־טארישער.

פּראָג האָט ווינציגער פון אַלץ געקענט זיין א פּאַסענד פּלאַץ פאַר אַזאַ מענשען ווי מינצער. אָט די שטאָט, אפילו אין דער עפּאָכע פון דער העכסטער אנטוויקלונג פון דער מאַכט פון די טאַ־באָריטען, פלעגט אין בעסטען פאַל זיין נאָר א גלייכגילטיגער פריינט, אם מערסטען אָבער פלעגט זי זיין זייער אנטשידענער פיינט. איצט איז פּראָג געוואָרען א שטאַרקע שטיצע פון דער רעאַקציע.

מינצער האָט, מיט דער הילף פון אן איבערזעצער, אָנגעפאַנ־גען צו פּרעדיגען אין פּראַג, וואוהין ער איז געקומען שפּעט אין הערבסט, נאָכדעם ווי ער האָט ארויסגעלאָזט אן אויפרוף אין דער בעהמישער שפּראַך. זיין נאָמען האָט ער געענדערט, און דעם אופי־רוף אנגעפאַנגען אויף דעם טשעכישען שטייגער: „יאַ טאָמאַס מינ־צערס שטאָללערקו". אָבער ווי נאָר זיין פּרעדיגט האָט צוגעצוי־גען די אויפמערקזאַמקייט, איז געקומען א סוף צו זיין פרייהייט. מינצער איז ארונטער אונטער פּאָליציי־אויפזיכט (מען האָט ביי אים אוועקגעשטעלט פיער וועכטער) און באַלד גאָר ארויסגעטרי־בען. דעם 25טען יאַנואַר 1522 האָט ער שוין פאַרלאָזט פּראַג.

צוויקוי — פּראַג: פון אָט דעם פאַרגלייך זעהט יעדער, אז די מאָדערנע פּאָליצייאישע טעטיגקייט אין בעהמען און אין זאַק־סען שפּאַרט זיך אָן אויף פיינע טראַדיציעס; זי איז שוין פאַרהיי־ליגט געוואָרען פון דער צייט.

## 7. מינצער אין אַלשטעדט.

פון בעהמען האָט זיך מינצער אומגעקערט צוריק אין זאַקסען, אין אָנפאַנג קיין נאָרדהויזען, וואו ער איז פאַרבליבען א שטיקעל צייט, נאָכדעם האָט ער זיך איבערגעצויגען קיין אַלשטעדט. פּונקט ווי צוויקוי, איז אויך אָט די שטאָט געלעגען נאָהענט צו דעם גרוי־סען בערג־בוי באַטריב, נעבען די מאַנספעלדער קופּער־, זילבער־

און גאָלד־מינען, וועלכע מיר האָבען שוין דערמאָנט. עס איז לייכט צו פאַרשטעהן, אַז אַט די קאַמפּס־פעהיגע, כמורנע באַפעלקערונג פון אַלשטעדט איז געווען אַ גוטער באָדען פאַר דער אַנטוויקלונג פון די פּראָלעטאַרישע טענדענצען, און דערפאַר טאַקע איז מינ־צער'ס אַגיטאַציע געווען ערפאָלגרייך. בלי ספק, האָט דער אַגי־טאַטאָר, וואָס איז אַזוי אַרומגעיאָגט געוואָרען פון איין פּלאַץ צום צווייטען, ענדליך, אין אַלשטעדט געפונען אַ פּאַסיגען אָרט פאַר זיין טעטיגקייט. ער האָט דאָרט שנעל געקראָגען איין איינפלוס אַלס פּרעדיגער. מיר דאַרפען באַטראַכטען, אַלס אַ צייכען פון זיין האָפנונג אויף דער צוקונפט, דעם פאַקט, וואָס ער האָט חתונה געהאַט (פאַסכא 1523) מיט דער מאָנאַכין אַטיליאַ פאָן־הערסע;*) די ידיעה, אַז ער האָט כלומר'שט חתונה געהאַט מיט אַ גלח'ס אַ קעכין, איז באַגרינדעט אויף אַ מיספאַרשטענדניס;**) אגב, דאָס וואָלט אויך ניט געווען קיין אומגליק.

פונדעסטוועגען האָט מינצער צוליב אַט די פּערזענליכע אָנ־געלעגענהייטען ניט פאַרגעסען דעם צוועק, צו וועלכען ער האָט זיך געווידמעט. ער איז געווען דער ערשטער פון דייטשע רעפאָר־מאַטאָרען, וואָס פלעגט פּראָווען די גאָטעס־דינסט אויף דער דייט־שער שפּראַך און האָט ערלויבט צו פּרעדיגען און לייענען ניט נאָר דעם נייעם טעסטאַמענט נאָר אַלע טיילען פון דער ביבעל. די לעצ־טע באַדינגונג איז זעהר כאַראַקטעריסטיש. מיר האָבען שוין אָנ־געוויזען אינ'ם צווייטען קאַפּיטעל פון אַט דער אָפּטיילונג, אַז דער „רעפּובליקאַנישער“, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקען, אַלטער

---

*) מערקס, „מינצער“, ז. 9.

**) פאַרגלייך שטראָבעל'ס ז. 136, זיידעמאַנס — 18. אַט די מיט־טיילונג (פון ציפּריאַנען) לויטעט: „פון אַט דער שלעכט־פאַרשטאַנענער לערע פון טאולער'ן וועגען דעם מהות און נאַטור פון דער נשמה איז טאָמאַס מינצער און זיינע אָנהענגער שטאַרק פאַרכאַפּט געוואָרען, ווייל ער פלעגט וועגען איר שטענדיג לייענען, ווי מיר ווייסען דאָס, צוזאַמען מיט עפּעס אַ פרוי, אַ געוועזענע קעכין פונ'ם הער קאָנראַד, דעם גלח פון אָרלאַמונד, און וואָס איז געווען אַזוי באַרימט אין לייפּציג, אַז מען האָט זי געהאַלטען פאַר אַ הייליגער“. לייענענדיג אָנשטאָט „איינעם ווייבע“ (עפּעס אַ פרוי) — „זיינעם ווייבע“ (זיין פרוי), האָט מען אונזער טאָמאַס'ען צונויפגעפּאָרט מיט אַט דער קעכין.

טעסטאַמענט איז די דעמאָקראַטישע סעקטען אַ סך מער געפעלען געווען, ווי דער נייער, אַט דער פּראָדוקט פון דער צעזאַרישער גע־זעלשאַפטליכער אָרדנונג. אַזאַ פאַרצוג פונ'ם אַלטען טעסטאַמענט קען מען נאָכפאָלגען פון די טאַבאָריטען ביז די פּוריטאַנער.

„דער פּויפּסטליכער צבוע'שער פּרעדיגט" איז אָפּגעשאַפט גע־וואָרען, און קאָמוניאָן איז איינגעפירט געוואָרען לויט ביידע אופנים. אין דער גאָטעס־דינסט האָבען געדאַרפט אַן אַנטייל נעמען אַלע מענשען; צו דער פּריווילעגירטער לאַגע פונ'ם קלערום איז גע־קומען אַ סוף. דעריבער, ווי מינצער אַליין דערצעהלט, „זאָגען די געגנער פון אונזער זאַך, אַז מיר לערנען בעלי־עגלות, אַז זיי זאָלען אַליין פּראַווען די גאָטעס־דינסט, אפילו אויף דעם אָפּענעם פעלד".

ער זאָגט דאָס אין זיין ערשטען ווערק, וואָס איז צו אונז דער־גאַנגען, וואו ער באַשעפטיגט זיך מיט דער אויבענדערמאָנטער נייער גאָטעס־דינסט: „אָרדנונג אונד בערעכנונג דעס טויטששען אַמפּטס צו אַלסטעדט דורך טאָמאַס מינצערס, זעעלוואַרטערס אים פערגאַנ־גענען אָסטערן אופגעריכט 1523".

מיט דער זעלביגער פראַגע באַשעפטיגט זיך אויך זיין ווערק: „די דייטשע עוואַנגעלישע מעסע, וואָס ווערט דורך די פּויפּסטליכע גלחים צום גרויסען פאַרלוסט פון דעם גלויבען אָפּגעהאַלטען אויף לאַטיין, און וואָס איז איצט, אין אָט דער פּרעכטיגער צייט, גע־בראַכט געוואָרען אין אָרדנונג און באַשטימט געוואָרען צו אַנט־פּלעקען דעם גרויל פון גאָטלאָזיגקייט, וואָס אַזעלכע מיסברוי־כונגען אין דער גאָטעס־דינסט האָט געבראַכט אינ'ם משך פון אַזאַ לאַנגער צייט. טאָמאַס מינצער, אַלשטעדט 1524. („דויטש עוואַנגעלישע מעססע עטוואַן דורך די בעבסטישען פּפאַפען אין לאַטיין צו גראָססען נאַכטייל דעם קריסטענגלאַובענס פאָר איין אָפּפער געהאַנדעלט, אונד יעטצט פעראָרדנעט אין דיעזער הער־ליבען צייט צו ענטדעקען דען גרעוועל אַלער אָבגעטעריי דורך זאָלכע מיסברויכע דער מעססען לאַנגע צייט געטריעבען").

אין דער פאָררעדע באַמערקט ער, אַז די לאַטייניזישע ווער־טער שאַפען שווינדעל און אומוויסענהייט, „דערפאַר האָב איך, כדי דאָס אויסצובעסערען, איבערזעצט, אין איינקלאַנג מיט'ן דויי־

טשען גייסט, דעם תהילים גיבער לויט'ן אינערליכען ז"ן ווי ווער־טערליך. *)

דער אינהאלט פון אט דעם ווערק איז דאס גאטעס־דינסט גופא, איבערזעצט אין דער דייטשער שפראך. אין דעם גייסט איז אויך געשריבען דער צווייטער טייל פונ'ם בוך. דא, ווי שטראבעל באהויפטעט, זיינען פאראן לאטיינישע לויב־געזאנגען פון פינף תפילות, איבערזעצט אין דייטש.

אחוץ דעם האט מינצער ארויסגעלאזט אין אלשטעדט נאך צוויי אגיטאציאנס־בראשורען: „פראטעסטאציע" און דאס ווערק „וועגען דער פאלשער אמונה".

אויסער די ווערק, דארף מען אנרופען נאך צוויי בריף, וואס האבען א שייכות צו אט דער עפאכע. איינע פון זיי, פונ'ם 18טען יולי 1523, „א שטרענגע ווארנונג צו די באליבטע ברידער אין שטאלבערג אויסצומיידען דעם פארנונפטלאזען אויפשטאנד", דערמאנט בריפליך די שטאלבערגער פארבאנדס־גענאסען וועגען געדולד, ווייל עס איז נאך נישטא די געהעריגע שטימונג. „עס איז נאריש ביז דער העכסטער מדרגה, וואס איינינע אויסדער־וועהלטע פריינט פון גאט קלערען, אז גאט מוז, כלומר'שט, אין גיכען ענדערען אלץ צום בעסערען צווישען די קריסטען און מוז זיך צואיילען זיי צו הילף, בעת קיינער שטרעבט דערצו ניט און דורשט ניט צו ווערען ארים אין גייסט". מענשען לעבען נאך צו גוט; עס מוז ווערען נאך ערגער, איידער עס וועט ווערען בעסער. „דערפאר צווינגט גאט די טיראנען צו ווילדעווען אלץ מעהר און מעהר, כדי די אויסדערוועהלטע זאלען איבערפילט ווערען מיט דער שטרעבונג צו זוכען גאט. מענשען, וואס האבען ניט געזינ־דיגט געגען גלויבען און האפנונג, וועלכע האבען ניט געהאסט, וואס עס איז געבאטען געווארען ליב צו האבען, ווייסען ניט, אז גאט אליין צייגט אן די מענשען, וואס זיי דארפען". צום סוף טאדעלט ער די ברידער פאר זייער נים־אויסגעהאלטענקייט און לוקסוס־לעבען. „איך הער, אז איר האט זיך ליב צו בארימען,

---

*) ארויסגענומען פון שטראבעל'ס ווערק. דאס ווערק פון מינ־צער'ן און זיינע אנדערע ווערק האבען מיר, צום באדויערען, ניט געהאט קיין מעגליכקייט צו שטודירען אין אריגינאל.

לערנט זיך גאָר ניט און פּיהלט זיך זעהר זיכער. ווען איר טרינקט, רעדט איר אַ סך וועגען דער זאַך, אָבער בעת איר זענט ניכטער — ווערט איר שרעקעדיג. דערפאַר, טייערע ברידער, בעסערט אויס אייער לעבען; מיידט אויס הוליאַנקעס (לוקס 21, פּעטרוס 5), תאוות און די, וואָס גיבען זיך צו זיי איבער (2, טימאָטעאוס 3); זייט מוטיגער, ווי ביז איצטער, ווייל אייך שטעהט נאָך פאָר צו ארבייטען, און שרייבט צו מיר בריף".

דער צווייטער בריף, וואָס ענטהאַלט אַן ערקלערונג פונ'ם 19טען קאַפּיטעל תהילים, האָט ער אָנגעשריבען אין מאַי 1524 צו איינעם פון זיינע אָנהענגער, און אינ'ם יאָר 1525 האָט יאָהאַן אַגריקאָלאַ פון עסלעבאַך אים ארויסגעגעבען, כדי צו דערוועקען דאָס פאָלק געגען מינצער'ן, „כדי די גאַנצע וועלט זאָל זעהן, אַז דער שד וויל זיך פאַרגלייכען מיט גאָט". ער ענטהאַלט ניט אין זיך קיין אויסערגעוועהנטליכע געדאַנקען, וועלכע מיר זאָלען ניט קענען געפינען אין קיין אַנדער פּלאַץ אין מינצער'ס ווערק, וואָס באַציהען זיך צו דער זעלביגער עפּאָכע.

וועגען דער איבערזעצונג פון דעם צווייטען קאַפּיטעל דניאל, וואָס איז אויך ערשינען אין אַלשטעדט, וועלען מיר שפּעטער ריידען.

אין די ערשטע פון אַט די ווערק, וועגען דער איינפירונג פון דער דייטשער גאָטעס־דינסט, זיינען שוין איינגעשלאָסען אַלע הויפּט־סמנים פון מינצער'ס פילאָזאָפיע, זיין מיסטיציזם, זיין פאַראַכטונג צו דער ביבעל, אויף וויפיל זי שפּאַרט זיך ניט אָן אויף דער שטימע פון אינערליכער אַנטפּלעקונג, וואָס קען דערגרייכט ווערען נאָר דורך אַסקעטיזם, דורך ליידען, זיין פאַראַכטונג צו געלערנטע, און ענדליך זיין פּאַנטעאיזם און רעליגיעזע טאָלעראַנץ.

וואָס ס'איז שייך צו די ערשטע פון די געבראַכטע סמנים, האָבען מיר שוין ביישפּילען פון זיי געבראַכט אינ'ם צווייטען קאַפּיטעל פון אַט דער אָפּטיילונג. דאָ וועלען מיר נאָר ברענגען אַ ציטאַט פון דעם דערמאָנטען ווערק: „די ביבעל, אַז און פאַר זיך, קען אונז ניט אויסלערנען, וואָס עס איז רעכט, — גאָט דאַרף דאַרויף אָנצייגען דורך אַן אינערליכער אַנטפּלעקונג. „אויב דו

האָסט אַפילו די גאַנצע ביבעל איינגעשלונגען, וועט דאָס דיר אויך ניט העלפען; דו מוזט איבערלײידען דעם שארפען אקער, מיט וועלכען גאָט רייסט ארויס די קרייטער פון דיין הארץ.*)

א קלאָרער באווייז פון זיין מיסטיציזם עטוואָס פארפארבט אין פאַנטעאיזם, איז דאָס פאָלגענדע פלאַץ: „ווייל ער (דער מענש) מוז וויסען, אז גאָט געפינט זיך אין אים, אז ער איז ניט קיין אויסגעטראכטע זאך, געפינט זיך ניט פאר טויזענטער מיילען פון אים, נאָר **אז דער הימעל און די ערד זיינען פול מיט גאָט**, און אז דער פאָטער געבירט אומאויפהערליך אין אונז דעם זון און אז דער הייליגער גייסט צייגט דעם געקרייציגטען אין אונזער ערנסטער חרטה".

ענדליך קען מען די רעליגיעזע טאָלעראַנץ פון מינצער'ן זעהן אין זיין פאָלגענדער חקירה: „קיינער דארף זיך ניט וואונדערען, וואָס מיר האָבען אָפּגעהאַלטען אונזער גאָטעס־דינסט אין אַלטשטעדט אויף דער דייטשער שפּראַך. נאָך אַלעמען האָבען ניט נאָר מיר אַליין די געוואוינהייט אָפּצוהאַלטען די גאָטעס־דינסט אַנדערש, ווי די רוימער, אויך אין מילאַן, אין לאָמבארדיע ווערט די גאָטעס־דינסט אָפּגעהאַלטען אַנדערש, ווי אין רוים. די קראַאַטען, טשעכען, ארמעניער און אַנדערע פעלקער האַלטען אָפּ זייער גאָטעס־דינסט אויף זייער שפּראַך, די רוסען האָבען אַ סך אַנדערע מנהגים, פונדעסטוועגען זיינען זיי דערפאר ניט קיין שדים. אָ, ווי בלינד מיר זיינען און אומוויסענד, קלערענדיג, אז נאָר מיר אַליין זיינען קריסטען לויט אויסערליכע מנהגים און קריגען זיך דערפאר, ווי זינלאָזע בהמות בצורת־מענשען". די געצענדינער און טערקען זיינען, לויט זיינע ווערטער, ניט ערגער פון די קריסטען. מינצער וויל אויך ניט „פאראכטען אונזערע אָפּגעשטאַנענע רוימישע ברידער".

פאר יענער צייט איז דאָס, פארשטעהט זיך, טיפע און וויכטיגע אמת'ן. נאָר דאָס זיינען ביי מינצער'ן ניט קיין אָריגינעל־

---

*) דער פארגלייך פון צוריקהאלטונג פון ליידען מיט אַן אקער, האָט מינצער זעהר ליב געהאַט. אַט דעם פארגלייך טרעפען מיר אויך אין זיין „פּראָטעסטאַציע".

לע גערדאַנקען; דעם פאַנטעאיסטישען מיסטיציזם האָבען מיר שוין געזעהן ביי די ברידער און שוועסטער פון דעם פרייען גייסט.

מינצער'ס רעליגיעזע טאָלעראַנץ האָט אויך איהרע פאָרגענגער: מיר ווייסען, אַז ענעאַס סילוויוס האָט זי באַמערקט נאָך ביי די טאָבאָריטען. די בעהמישע ברידער האָבען אויך פון איר געהאַלטען. אָט די רעליגיעזע טאָלעראַנץ דאַרף מען פונדעסט־וועגען פארשטעהן אין אַ זעהר שמאָלען זין; זי האָט זיך ניט געקענט פארשפרייטען אויף אַלע רעליגיעזע פראַגען אין אַזאַ צייט, ווען אַלע גרויסע געגענזאַצען אינ'ם שטאַט און אין דער געזעלשאַפט זיינען געווען פאַרדעקט מיט אַ רעליגיעזען דעק־טוך. דערפאַר האָט מינצער געהאַסט יעדע היפּאָקריטישע טאָלעראַנץ, הינטער וועלכער עס פלעגט זיך באַהאַלטען שרעקעדיגקייט און כאַראַקטערלאָזיגקייט. „עס איז ניטאָ אויף דער וועלט קיין איין זאַך, — שרייט ער אויס, — וואָס זאָל האָבען אַ בעסער אויסזעהן, ווי די פויפּסטליכע גוטסקייט; דאָך שוויבעלט עס און גריבעלט אומעטום אַזוי מיט היפּאָקריטען, צווישען וועלכע קיין איינער האָט קיין מוט צו זאָגען דעם אמת. דערפאַר, כדי דער אמת זאָל זיך ארויסצייגען קלאָרער, דאַרפט איר, הערשער (הלואי וואָלט איר דאָס געטאָן, פרייוויליג, אָדער ניט — אַלץ איינס), זיך האַלטען, ווי עס שטעהט געשריבען אין די הייליגע שריפטען, וואו עס ווערט דערצעהלט, ווי נבוכדנאצר האָט געמאַכט דעם הייליגען דניאל'ן פאַר'ן ריכטער, אַז ער זאָל משפּט'ן מיט גוטסקייט און מיט גערעכטיגקייט אַזוי ווי עס הייסט דער הייליגער גייסט (תהלים קאַפּיטעל ה). *די גאָטלאָזע האָבען קיין רעכט ניט צו לעבען, סיידען עס דערלויבען זיי אָט די אויסדערוועהלטע.**)

אָט דאָס פּלאַץ שיינט צו ווידערשפּרעכען אַנדערע, וועלכע צייגען אָן אויף מינצער'ס טאָלעראַנץ; נאָר דער ווידערשפּרוך פארשווינדט, ווען מען באַטראַכט אויף וואָס עס באַציט זיך אָט די טאָלעראַנץ. זי האָט נאָר אַ שייכות צו אינטערפּעלקערליכע באַציהונגען און שטאַמט פון דער אַנערקענונג פון דעם רעכט פאַר

*) אויסטייטשונג פון צווייטען קאַפּיטעל פון דניאל.

יעדען פאָלק צו שאפען זיך א רעליגיע לויט זיין אייגענעם ווילען; מינצער'ן ארט ווינציג, וואָס די כיטרע רוימישע ברידער האלטען אָפּ זייער גאָטעס־דינסט אויף זייער שטייגער, וואָס די טערקען גלויבען אין וואָס זיי ווילען, דאָס איז צו אים ניט שייך. ער ווייל נאָר, אז מען זאָל דערלויבען צופאסען די לעבענס־באדינגונ־גען צו די באדערפעניסען, דערפאר טראָגט ער ניט קיין שנאה צו קיין פרעמדע נאציעס; דערצו ווידערשפרעכט גאָר ניט די פּראָ־קלאמירונג פון אן אומברחמנות'דיגען קלאסען־קאמף אינערהאלב פון שטאט.

אָט די פּראָקלאמירונג פון קאמף איז אָבער ארויסגענומען פון זיינע שפּעטסטע ווערק. די אויבענגעבראכטע ווערק זיינען בכלל אָנגעשריבען אין א רוהיגען טאָן, אויף ווי ווייט נאָר דאָס קאָן טאָן אזא היציגע נשמה. דאָס זיינען ווערק, אָנגעשריבען מיט'ן צוועק פון פּראָפּאגאנדע, וואָס באשעפטיגען זיך הויפּט־זעכליך מיט פראגען פון רעליגיע און קירכליכער אָרגאניזאציע; עס זיינען אין זיי ניט פאראן קיין רעוואָלוציאָנערע פראזען און אויפרופען. דעמאָלט איז מינצער נאָך ניט געווען קיין בונטאָווּ־שטשיק, ער איז נאָך אָפען ניט ארוסגעטראָטען אלס געגנער פון דער אויטאָריזירטער מאכט.

נאָר מיט לוטער'ן איז ער שוין דעמאָלט קיין מחותן ניט געווען; די אורזאך דערפון איז, ווי עס שיינט, געווען א פּער־זענליכע קאָנקורענץ.

עס קען זיין, דאָס מען האָט קיינמאָל קלאָרער ניט געקענט זעהן, ווי אין די יאָרען 1522 און 1523, ווי ווינציג די רעפאָר־מאציע איז געווען א רעזולטאט פון דער פערזענליכער איניציא־טיווע פון לוטער'ן.

ער איז נאָר געגאנגען מיט'ן שטראָם, ניט פארשטעהענדיג קלאָר דעם אינערליכען צוזאמענהאנג פון די געשעהענישען, און עס האָט אפילו פּאסירט, אז אויף ד'עם וועג, אויף וועלכען ער איז ארויף, האָבען אים אנדערע איבערגעאָגט. בעת ער איז זיך גע־זעסען רוהיג אין װארטבורג און איבערזעצט די ביבעל, האָבען די ענערגישע עלעמענטען פון וויטענבערג, אָנגעפירט פון קארל־שטאדטען און אונטער דעם איינפלוס פון די צוויקוי'ער פאנא־

טיקער, אָנגעפּאַנגען צו ציהען פּראַקטישע שלוסען פון דער אָפּ־
ברעכונג מיט רוים; זיי האָבען אָפּגעשאַפט די הייראַטסלאָזיג־
קייט פונ׳ם קלער, די מאָנאַכישע שבועות, די תעניתים, דאָס
בוקען זיך צו הייליגע בילדער א. אז. וו. לוטער׳ן איז שפּעטער
געבליבען אָנצונעמען אָט די רעפאָרמען און זיי סאַנקציאָנירען . . .
אין די פאַלען ווען ער האָט זיי ניט אָפּגעוואָרפען.

און אין א יאָר ארום נאָך אָט די געשעהענישען איז וויטענ־
בערג, האָט דער מאַן, וואָס האָט זיך געפילט אַלס פירער אינ׳ם
קאַמף „פאר׳ן עוואַנגעלישען אמת”, דערזעהן, אַז מינצער האָט
אים איבערגעיאָגט, איינפירענדיג די גאָטעס־דינסט אויף דער
דייטשער שפּראַך, ווייל מינצער האָט זי אין אַלשטעדט איינגע־
פירט מיט אַזאַ ערפאָלג, אַז לוטער׳ן איז נאָר געבליבען די ברירה
אים אונטערצוהאַלטען. נאָר פאַר מענשען האָט ער ניט געוואָלט
ערשיינען אַלס אימיטאַטאָר; האָט מען געמוזט אַזוי איינאָרדנען,
אַז זיי זאָלען זיך ניט דערוויסען פון מינצער׳ס נייאיגקייט, ביז
ער אַליין וועט ניט אָנפאַנגען זי צו אימיטירען. דארויף איז גע־
ווען אַן איינפאַכער מיטעל.

מינצער אַליין האָט געשריבען אין זיין „גוט־באַגרינדעטער
פאַרטיידיגונגס־רעדע”, וועגען וועלכער מיר וועלען ריידען ווײ־
טער: „באמת קען דאָס גאַנצע לאַנד עדות זאָגען, אַז דאָס אָרים
נויטליידענד פאָלק שטרעבט שטאַרק צום אמת, אַז אַלע גאַסען
זיינען געווען פול מיט מענשען, וואָס האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען
פון אַלע זייטען, צו הערען, ווי עס איז איינגעשטעלט געוואָרען
די גאָטעס־דינסט אין אַלשטעדט, ווי מען האָט געזונגען די לידער
פון דער ביבעל און ווי מען האָט געפּרעדיגט. ווען ער (לוטער)
זאָל אפילו פּלאַצען, וואָלט זיך דאָס אים ניט איינגעגעבען צו טאָן
אין וויטענבערג. פון דעם אינטערעס צו דער גאָטעס־דינסט אויף
דער דייטשער שפּראַך זעהט מען מיט וואָס פאַר אַן אָפּשיי דאָס
פאָלק באַציט זיך צו איר. דאָס האָט אַזוי אַרוסגעבראַכט לו־
טער׳ן פון די כלים, אַז ער האָט אויסגעווירקט ביי זיינע פירשטען
אַ פאַרבאָט צו דרוקען מיין גאָטעסדינסט.”

אויף דער באַשולדיגונג האָט לוטער קיינמאָל ניט געענט־
פערט.

די קנאה צווישען די צוויי רעפאָרמאַטאָרען האָט, פאַרשטעהט זיך, ניט געמאַכט זייערע באַציהונגען מער פריינטליך. נאָר די סיבה פון זייער מחלוקת איז געווען טיפער.

לוטער האָט נאָך, אמת, דעמאָלט ניט אָנגענומען קיין באַשטימטע שטעלונג צו דער דעמאָקראַטיע. ער האָט נאָך ניט געוואוסט אויף וועמעס זייט עס וועט זיין דער איבערגעוויכט, נאָר איין זאַך איז פאר אים געווען קלאָר; זיין בורזשואזער אינסטינקט איז געווען צו פיל אנטוויקעלט, אז ער זאָל זיך אין דעם טועה זיין: מען האָט באַין אופן ניט געטאָרט צולאָזען די פאַרשפּרייטונג פון די קאָמוניסטישע סעקטען.

אין דעם האָט ער זיך נאָך איבערצייגט אינ'ם יאָר 1522, בעת די צוויקוי'ער פאַנאַטיקער האָבען אָנגעפאַנגען צו קריגען אן איינפלוס אויף וויטענבערג. ווען ניט מעלאַנכטאָן, ניט דער קורפירשט האָבען ניט געוואגט אָנצונעמען צו זיי קיין באַשטימטע שטעלונג, איז לוטער ניט איינגעזעסען אין וואַרטבורג. אין פרילינג פונ'ם יאָר 1522 איז ער אוועק קיין וויטענבערג און צוטריבען די געפערליכע מענשען. שטארך איז אוועק קיין דרום דייטשלאַנד, וואו ער איז ערגעץ פאַרשוואונדען געוואָרען; קאַרלשטאַדט, ביי וועמען לוטער האָט געוואָלט צונעמען די פרייהייט פון וואָרט, ווי ביי מינצער'ן (ער האָט געצוואונגען די אויטאָריטעטען צו קאָנפיסקירען זיינע ווערק), איז אָנפאַנגס אוועק אין א דאָרף נעבען וויטענבערג, געקויפט דאָרטען א גוט און געוואָלט לעבען ווי א פויער, דערביי האָבען אים די פויערים געמוזט רופען ניט דאָקטאָר, נאָר שכן אנדריי. פונדעסטוועגען זעהען מיר אים ווידער ערפאָלגרייך זיך באשעפטיגען מיט אַגיטאַטאָרישער און אָרגאַניזאַטאָרישער טעטיגקייט אין אָרלאַמונד, וואו ער האָט איינגעשטעלט די קירכליכע געמיינדע אויף פולשטענדיגע דעמאָקראַטישע יסודות און אָפּגעשאַפט אַלע טראַדיציאָנעלע קאַטוילישע צערעמאָניעס.

ווען מינצער איז ערשינען אין אַלשטעדט, האָט לוטער, וואָס האָט געוואוסט זיין שייכות צו די צוויקוי'ער פאַנאַטיקער, פאַרשטעהט זיך פון סאַמע אָנפאַנג געמוזט קוקען אויף אים מיט

אומצוטרויען. אט דער אומצוטרויען האט געוואקסען אין דער־מאס, ווי עס האט געוואקסען מינצער'ס פאפולאריטעט; דער גיפט פון אייפערזיכטיגקייט האט לוטער'ן געמוזט אריינברענגען אין א גוואלדיגען צארען, וואס געהט איבער אין משוגעת, נאר מינ־צער'ן איז אבער שווער געווען צו כאפען. אומזיסט האט לוטער אים ארויסגערופען קיין וויטענבערג אויף א חקירה ודרישה, — מינצער האט דערקלערט, אז ער וועט קומען נאר אין א פלאץ, וואס וועט זיין פאר אים זיכער.

אזוי ווי מינצער האט ניט געוואלט ערשיינען אין וויטענ־בערג, האבען די זאקסישע פירשטען פרידריך און זיין ברודער און דער הערצאג יאהאן זיך אליין אוועקגעלאזט קיין אלשטעדט. געטריבען דערצו האבען זיי די אומארדנונגען, וואס זיינען פאר־געקומען ניט ווייט פון אט דער שטאט.

דעם 24־טען מערץ, 1524, האט א המון פון אלשטעדטער פארניכטעט דאס קלויסטערל אין מעללערבאך, וואס פלעגט זעהר אפט באזוכט ווערען פון פרומע, כדי מאכען א סוף צו דער „גאטלאזער פארהערונג פון הייליגע בילדער", געגען וועלכער מינ־צער פלעגט דעמאלט פרעדיגען. נאך דעם האבען די אלשטעדטער אויטאריטעטען באקומען א באפעהל פונ'ם קורפירשט פרידריך צו באשטראפען די צושטערער פונ'ם קלויסטערל. נאר די אויטארי־טעטען האבען לאנג ניט געוואגט צו ערפילען דעם באפעל, ווייל זיי האבען זיך געשראקען פאר א בונט. זיי האבען, ענדליך, דעם 13־טען יוני, שוין יא געוואלט ארעסטירען די פארדעכטיגטע, איז זייער אבזיכט געווארען באוואוסט. „ניט נאר די מענער, נאר אויך די פרויען און מיידלאך, ווען מינצער האט באפעהלען זיך באוואפענען מיט ווידלעס און הראבליעס" האבען זיך אנגעפאנגען צו פארזאמלען מענגעסווייז. די גלעקער האבען געקלונגען טרע־וואגע, מען זאגט, אז מינצער אליין האט געקלונגען. אויפ'ן צוויי־טען טאג האבען די „אלשטעדטער", קען זיין אויף זייער פאדערונג, באקומען שטיצע פון דער פרעמדע, זיי האבען מודיע געווען די אוי־טאריטעטען, אז צו זיי זיינען געקומען א ר ב י י ט ע ר און אנ־דערע מענשען, כדי אכטונג צו געבען, דאס מען זאל ניט אנפאלען אויף דעם לערער (מינצער'ן) און ניט באליידיגען די שטאט־

מענשען פאר דעם עוואנגעליום; קען דען זיין א בעסערער באַ־
ווייז פאר מינצער'ס ווירקונג און פאָפולאריטעט?*).

אויף אזא אופן זיינען די אבזיכטען פון די פירשטליכע אויַ־
טאָריטעטען ניט דורכגעפירט געוואָרען, און דער הויפּט־שולדיגער
דערפון האָט זיך גערעכענט מינצער.

נאָר וועןביידע פירשטען זיינען אָנגעקומען קיין אַלשטעדט
(ווארשיינליך אין אָנפאנג יולי), כדי איינצופירען אָרדנונג, האָבען
זיי ניט נאָר גאָרניט אונטערנומען געגען מינצערן, נאָר זיי האָ־
בען אים נאָך ערלויבט צו האלטען אין זייער אנוועזענהייט א
רעדע, קיין מוטיגערער פון וועלכער קיינער האָט נאָך ניט גע־
האלטען אין דער אנוועזענהייט פון פירשטען. אָט די רעדע אליין
איז שוין געווען אַפּצואווארפען יעדע פּלוידעריי וועגען מינצער'ס
שרעקעדיגקייט, וואָס ווערט ווידערהאָלט אין אַלע „וואוילמיינענדע"
געשיכטעס פון דער מינצער־באוועגונג, פון מעלאנכטאנען ביז
לאמפּרעכטען.

מינצער האָט גענומען אלס טעמע פאר זיין רעדע דאָס צוויי־
טע קאַפּיטעל פון דניאל, וואו עס ווערט דערצעהלט וועגען
נבוכדנצר'ס חלום און וועגען דניאל'ס באַשיידונג. מינצער האָט
געזאָגט, אז אַזעלכע אנטפּלעקונגען זיינען אויך פאראן אין דער
געגענוווערטיגער צייט. „די געלערנטע חכמים זאָגען אפילו, אז
גאָט אנטפּלעקט זיך שוין ניט היינטיגע צייטען צו זיינע אויסדער־
וועהלטע אין חלום אָדער אויפ'ן וואָר, אז איצטער דארף מען זיך
שוין האלטען ביי די הייליגע שריפטען. זיי לאכען זיך אויס
פון די ווארנונגען פון יענע, צו וועמען גאָט האָט זיך אנטפּלעקט,
ווי די אידען האָבען זיך אויסגעלאכט פון ירמיהו הנביא, וועלכער
האָט זיי פאָראויסגעזאָגט דעם גלות בבל". אָבער דורך אָפּהאלטען
זיך פון תענוגים, דורך טויטען דעם חומר, דורך אן ערנסטער שטרע־
בונג צום אמת קען מען זיך אויך היינטיגע צייטען דערהויבען
צו דער מדרגא פון אנטפּלעקונג. „באמת מוז מען זיין דורכגע־
דרונגען מיט אן עכטען אַפּאָסטאָלישען און נביא'ישען גייסט, אז

*) מערקס, ז. 16, 17.

מען זאָל ערוואַרטען אַנטפּלעקונגען און זיי אויפנעמען מיט טרויער און עניוות; דער פּאַר איז קיין חדוש ניט, וואָס ברודער „אָפּגעפּרעסענדער שוויין” און „ברודער ענו” (לוטער), טאַדלען זיי”... איך צווייפעל ניט און מיר איז גוט באַקאַנט, אַז דער הייליגער גייסט אַנטפּלעקט צו אַ סך אויסדערוועהלטע פרומע מענשען די שרעקליכע נויטווענדיגקייט אין פאַלשטענדיגער און ענדגילטיגער צוקונפטיגער רעפאָרמאַציע; זי מוז קומען אפילו ווען אַלע זאָלען מיט זייערע גאַנצע כחות איר שטערען; די נבואה פון דניאל'ן וועט דאָך בלייבען אמת. מיר געפינען זיך איצטער אין דער פינפטער מלוכה פון דער וועלט. „איצטער קען מען דייטליך זעהן, ווי ווערים און שלאַנגען קומען זיך צוזאַמען אויף איין קופּע. די גלחים און דער גאַנצער שלעכטער קלערוס, אַקוראַט ווי שלאַנגען... און די וועלטליכע הערשער און פירער — דאָס זיינען די ווערים... אך, מיינע הערען, ווי גאָט וועט דאָס גוט צוקלאַפּען די אַלטע טעפּלאַך מיט'ן אייזערנעם שטעקען”. איצטער דאַרפען די עוואַנגעלישע פירשטען אָנפאַלען אויף די געגנער פון דעם עוואַנגעליום. „אויב איר ווילט זיין עכטע הערשער, מוזט איר זיך נעמען גרונטליך צו דער זאַך”. מען מוז פאַרניכטען דעם וואָרצעל פון די שאַנדטאַטען, דער מיטעל צו פאַרניכטען די גאָטלאָזע איז — די שווערד. „נאָר כדי אַלץ זאָל פאַרקומען, ווי עס געהער צו זיין, ווי עס פּאַסט, דאַרפען דאָס טאָן אונזערע טייערע פאָטערס, די פירשטען, וואָס גלויבען מיט אונז צוזאַמען אין קריסטוס'ען. אויב אָבער זיי וועלען דאָס ניט וועלען טאָן, וועט די שווערד ביי זיי צוגענומען ווערען (דניאל, קאַפּיטעל 7), ווייל דאָס וועט באַווייזען, אַז זיי גלויבען אין קריסטוס'ען נאָר מיט ווערטער, און זיי לייקענען אים אָפּ אין טאַט”... נאָכדעם טרעט מינצער אַרויס געגען דער היפּאָקריטישער טאָלעראַנץ, — מיר האָבען אויבען ציטירט דעם כאַראַקטעריסטישען אויסצוג פון זיין אַרגומענטאַציע וועגען אָט דער פראַגע, — און פאַרענדיגט מיט'ן רוף: „זייט מוטיג, דאָס וויל גאָט, צו וועמען עס געהערט די גאַנצע מאַכט אויפ'ן הימעל און אויף דער ערד. דער סוף איז נאָהענט. זאָל אייך גאָט אייביג היטען. אָמן”.

באמת א מוטיגע רעדע. ווייט פון אַפּלייקענען זיינע רעוואָלו־ציאָנערע אבזיכטען, האָט מינצער דערקלערט, אז א רעוואָלוציע איז נויטווענדיג. די פירשטען מוזען זיך שטעלען אויף דער שפּיץ פון דער רעוואָלוציע, אַ־ניט — וועט דאָס ענטריסטעטע פאָלק זיי צוקוועטשען. אין דער רעדע איז ניט קענטיג קיין ספּעציעלע זיכערקייט, אז די הערשער וועלען פאָלגען אָט דעם רוף, נאָר זי באווייזט, אז מינצער האָט ניט גערעכענט פאר אוממעגליך צוצי־הען אויף זיין זייט לכל הפחות די קורפירשטען.

דעמאָלט האָבען זיך די קלאַסען־געגענזאצען אין דער רעפאָר־מאציאָנס־באוועגונג נאָך ניט געהאט אויסגעדרוקט אזוי קלאָר און שארף, ווי מיט א יאָר שפּעטער. דערביי דארף מען ניט פאר־געסען, אז דער אבסאָלוטיזם איז דעמאָלט נאָך געווען א רע־וואָלוציאָנערע קראפט, אזוי אז א פאראייניגונג מיט אים האָט ניט געקענט שיינען אלס אוממעגליך, לכל הפחות אין פּרינציפּ. האָבען דאָך אינ׳ם 18־טען יאָרהונדערט די קסרים זיך צוגעשפּילט אין אויפשטאנד, ווען די דינאַסטישע אינטערעסען האָבען זיי גע־שטופּט צו רעוואָלוציאָנערע פּאָליטיק. אויף דעם שטייגער זיינען די האָהענצאָלערנס א צייט, נעמליך ביז דעם יאָר 1866, געווען טעטיג. דערצו איז צוגעקומען נאָך יענע באדינגונג, וואָס דער קורפירשט פרידריך האָט זיך באצויגען צו פאָלקס־באוועגונגען גאנץ מילד, אמאָל אפילו מיט א מין סימפּאַטיע, ווי מיר האָבען דאָס געזעהן אינ׳ם פאל מיט די צוויקוי׳ער פאנאַטיקער און ווי מיר וועלען ווייטער ווידער זעהן ביים אָנפאנג פון דעם פּויערים־קריג.

אָט צו דער באדינגונג, אָדער אפשר צו מינצער׳ס פּאָפּולאַ־ריטעט אין אַלשטאדט קען מען צושרייבען דעם פאקט, וואָס די הערשער האָבען אים אָפּגעלאָזט גאנץ, ניט גערירט אפילו קיין האָר.

פרידריך׳ס ברודער, דער הערצאָג יאָהאַן, איז געווען א סך מער קלאַסענבאוואוסט: בעת מינצער האָט אָפּגעדרוקט זיין רעדע, איז ער אזוי אין כעס געוואָרען, אז ער האָט אַרויסגעטריבען פון זאקסען ניקאָלאַס ווידמעאר פון עלענבורג, וועלכער האָט געדרוקט

מינצער׳ס ווערק. אומזיסט האָט מינצער געגען דעם פראָטעסטירט אין אַ בריוו פון דעם 18־טען יולי. מען האָט אים פארבאָטען עטוואָס צו דרוקען אָהן דער ערלויבעניש פון דער זאַקסישער רע־גירונג אין ווייםאַר.

אַלס ענטפער אויף אָט דעם פארבאָט האָט דער עקשנות׳דיגער מינצער ארויסגעלאָזט אַ נייע אַגיטאַציאָנס־ווערק: „די אַנטדעקונג פון דעם פאַלשען גלויבען פון דער גאָטלאָזער וועלט", וואָס איז אָפּגעדרוקט געוואָרען אין דעם דערבייאיגען מילהויזען, וואו עס האָט זיך גראַד געהאַלטען אין פארענדיגען אַ זיגרייכע פאָלקס־באַ־וועגונג.

אויף דעם טיטול־בלאַט רופט ער זיך „מינצער מיט׳ן האַמער", אַנדייטענדיג אויף אַ שטעל אין ירמיהו (קאַפּ. כ״ג, פּסוק כ״ט), וואו גאָט זאָגט: „איז דען ניט מיין וואָרט אַ האַמער, וואָס צוקלאַפּט פעלזען?" — „ליבע ברידער", — שרייבט מינצער ווייטער אויפ׳ן זעלביגען בלאַט, — לאָמיר פארגרעסערען די עפענונג, כדי די גאַנ־צע וועלט זאָל זעהן און פארשטעהן, ס׳אַרא מענשען עס זיינען אונזערע נגידים, וועלכע זיינען מחלל השם און פארוואַנדלען גאָט אין עפּעס אַן אָפּגעפארבטער געטשקע".

אויף דער צווייטער זייט שטעהען צוויי פּסוקים פון׳ם ערשטען קאַפּיטעל ירמיהו אַלס עפּיגראַף, וואָס מינצער האָט צוגעפּאַסט צו אָט דעם פאַל: „זעה, איך האָב אַריינגעלעגט מיינע ווערטער אין דיין מויל, איך האָב דיך היינט געשטעלט איבער פעלקער און קעניגרייכען, אַז דו זאָלסט אויסוואָרצלען, צושטערען, פארניכטען און פארוויסטען, בויען און פלאַנצען"... און נאָכדעם: „געגען די קעניגען, פירשטען, גלחים און פאָלק איז אוועקגעשטעלט געוואָרען אַן אייזערנע וואַנט. זאָלען זיי קעמפּען; דער נצחון וועט דורך אַ נס פארוואַנדעלט ווערען אין אַ מפּלה פון די מעכטיגע גאָט־לאָזע טיראַנען". אָט דער אַריינפיר דערקלערט שוין דעם גאַנצען כאַראַקטער פון׳ם ווערק.

עס פאַנגט זיך אָן מיט אַ פּאָלעמיק געגען די געלערנטע חכמים, וואָס נארען דאָס אָרימע פאָלק. דאָס פאָלק דאַרף זיך פון זיי באַפרייען; ווער עס שטרעבט צו רייכטום און כבוד, יענער קען גאָר גאָט ניט דינען. „וואָרום־זשע ווערען ברודער

„זאנפטלעבען” און ברודער לייזעטריטער*) אזוי היציג און פילדערען אזוי? ער מיינט, אז ער קען זיך איבערגעבען אלע זיינע תאוות, קען אנהאלטען זיין לוקסוס און רייכטום און דאך האבען אן אמת׳דיג גלויבען, אבער גאט׳ס זון האט דאך אזוי קלאר פאר דער זעלביגער זאך געטאדעלט די געלערנטע חכמים... מען קען ניט דינען אי גאט אי מאמאנען. ווער עס נעמט זיך כבוד און רייכטום, יענער ווערט סוף־כל־סוף פארלאזט פון גאט, דען אינ׳ם פינפטען קאפיטעל תהילים זאגט גאט: „זייער הארץ איז פוסט און נישטיג”. „דערפאר דארף מען די עקשנים און אונטערדריקער אראפּזעצען פון זייערע עמטער”. די הערשער און באאמטע פון די גאטלאזע, זינלאזע מענשען טוען גוואלטיגע רשעות געגען גאט און זיינע אויסדערוועהלטע”; אייניגע פאנגען ערשט איצטער אן „שלאגען, אומברענגען און ראבעווען זייער פאלק, דערביי דראהען זיי דאס גאנצע קריסטענטום, מאטערען און הרג׳ענען אייגענע און פרעמדע אויף אזא מיאוס׳ען שטייגער, אז גאט וועט נאך אט דעם גאנצען קאמף פון זיינע אויסדערוועהלטע ניט זיין בכח און ניט וועלען קוקען אויף אט די אלע שרעקען”. גאט לעגט ארויף אויף זיינע זין מעהר, וויפיל זיי קענען איבערטראגען. צו דעם מוז אין גיכען קומען א סוף און ער וועט קומען.

די פירשטען זיינען א פלאג, מיט וועלכע גאט און זיין צארן באשטראפט די מענשען. „דערפאר טאקע זיינען זיי נאר הענקער און הויט־שינדער. נאר אט די מלאכה קענען זיי”.

מורא האבען דארף מען ניט פאר זיי, נאר פאר גאט. פונדעסטוועגען דארף מען זיך ניט מיאש זיין פון גאט, ביי אים איז אלץ מעגליך, אפילו דער נצחון פון א קאמוניסטישער רעוואלוציע. „יא, דער גרעסטער צאל מענשען ציינט דאס אויס צו זיין אן אומווארשיינליכע פאנטאזיע; זיי זיינען ניט בכח זיך פארצושטעלען, אז עס זאל צוגעגרייט און דורכגעפירט ווערען אזא זאך, וואס זאל צונעמען ביי די גאטלאזע דאס רעכט צו משפט׳ען און דאס איבערגעבען צו די דערנידעריגטע און איינפאכע מענשען”. דאס אומ־

*) אן ענו „וואס טרוט ארויס פארזיכטיג”, ער מיינט דא לוטער׳ן.

מעגליכע וועט מעגליך ווערען; „נאָר דאָס איז אָבער פאָרט אַ ניצליכער גלויבען, און עס וועט נאָך טאָן אַ סך גוטס. עס וועט, וואַרשיינליך שאַפען אַן ערהאַבען פאָלק, ווי עס האָט אַמאָל געקלערט דער פילאָזאָף פלאַטאָן (דע רפּובליקא) און אַפּולעוס (וועגען גאָלדענעם אייזעל)".

אין דעם איבעריגען טייל פון דער בראָשורע ווערען נאָר ווידערהאָלט די זעלביגע געדאַנקען. ווען מען זאָל זיי פאַרגלייכן מיט די פריערדיגע אַלשטעדטער אויסגאַבען פון מינצער'ס ווערק, וואָלט צווישען זיי זיך אַרויסגעצייגט אַ שאַרפער אונטערשייד. די אויסטייטשונג פון'ם צווייטען קאַפּיטעל דניאל שטעלט מיט זיך פאַר דעם איבערגאַנג פון אָט־די אויסגאַבען צו דער לעצטער בראָשורע. איצטער איז פאַר מינצער'ן שוין ניט אַזוי וויכטיג צו איבערצייגען און איבעררעדען די געגנער; ליבער שטרעבט ער אויפצורייצען זיינע אָנהענגער. איצטער שטעהט שוין פאַר אים אויפ'ן ערשטען פּלאַן ניט די קירכליכע, נאָר די פּאָליטישע און סאָציאַלע רעוואָלוציע. „די אויסטייטשונג" קומט נאָך אַלס פאַרזוך אַריבערצוציהען די פירשטען אויף דער זייט פון דער רעוואָלוציע, פאַרקערט, איצטער אָבער איז דער הויפּט־שונא ניט דער פויפּסט נאָר די פירשטען. די פראַגע איז דאָ ניט וועגען אַ טונקעלען באַגריף פון דעם „עוואַנגעליום", נאָר פשוט וועגען קאָמוניזם, ווי דער פילאָזאָף פלאַטאָן האָט געקלערט, און וועמעס בוך „וועגען רעגירונג" מינצער איז, דרינגענדיג דערפון, געווען באַהאַוונט.

אָט־די ענדערונג אין טאָן און אין אינהאַלט פון מינצער'ס אַגיטאַציע איז, אָהן צווייפעל, אַרויסגערופען געוואָרען טיילווייז דורך דעם ברוך מיט דער רעגירונג, וואָס האָט באַשיינפערליך געוויזען, אַז נאָר דורך אַ קאַמף געגען איר קען ער דורכפירען זיינע אידעען. אָבער טיילווייז, און וואַרשיינליך הויפּטזעכליך, ליגט די אורזאַך פון אָט־דער ענדערונג אַ סך טיפער און באַשטעהט דערין, וואָס פונקט אין יענער צייט האָט אָנגעהויבען אויפפלאַקערען דער ערשטער פלאַם פון דעם פויערים־קריג: מען האָט געדאַרפט ניט פרעדיגען, נאָר טאָן.

## 8. די אורזאכען פון דעם גרויסען פויערים-קריג.

פריער נאך — בעת מיר האבען באשריבען דעם אויפשטאנד פון דאלצינא, דעם ענגלישען פאלקס-בונט פונ'ם יאר 1381 און די טאבאריטישע באוועגונג, — איז אונז אויסגעקומען צו ריידען וועגען די געגענזאצען, וועלכע האבען געפירט צו דעם פויערים־קריג. מיר וועלען איצט שוין מער ניט ווידערהאלען אלץ, וואס מיר האבען אויבען געזאגט, מיר וועלען נאר אנווייזען יענע פונקטען, אין וועלכע די לאגע פון די דייטשע פויערים פון דעם אנפאנג פונ'ם 16־טען י. ה. האט זיך אונטערשיידט פון דער לאגע פון זייערע פאר־גענגער.

די אויבען־אויסגערעכענטע בונטען זיינען אלע פארגעקומען אין א צייט, בעת די לאגע פון די פויערים האט זיך בכלל אנגע־פאנגען צו פארבעסערען; אין דייטשלאנד אבער איז ערשט געקומען צו א גרויסען פויערים־אויפשטאנד דעמאלט, ווען זייער לאגע האט זיך באדייטענד פארערגערט.

די צייט פון די הוסיטישע מלחמות קען מען אומגעפער רעכענען אלס גרענעץ, הינטער וועלכען די טענדענצען צו אונטער־דריקען דאס פויערטום האבען געקראגען דאס איבערגעוויכט אי־בער די טענדענצען צו זיין פארבעסערונג ניט נאר צופעליג און אין באזונדערע פלעצער, נאר אומעטום. די הויפט־אורזאך דער־פון זעהען מיר אין דער פארשטארקונג פון דער באדייטונג פון קא־פיטאל (פריער פון אלץ פון דעם האנדעלס־קאפיטאל) און פון דעם אבסאלוטיזם, וואס איז מיט אים פארבונדען.

די פארשטארקונג פון דער מאכט פון קאפיטאל איז געקומען אלס נאטירליך־נויטווענדיגער רעזולטאט פון דער אנטוויקלונג פון דער סחורה־פראדוקציע און סחורה־אויסטויש. דער קאפיטאל, און פריער פון אלץ דער האנדעלס־קאפיטאל, האט זיך גענויטיגט אין א שטארקער רעגירונגס מאכט, וואס זאל אים פארזיכערען דעם אינערליכען מארק און פארלייכטערט די קאנקורענץ אויף דעם וועלט־מארק. דערפאר האבען די קאפיטאליסטען מיט אלע מיטלען מיטגעהאלפען דער אנטוויקלונג פון דעם אבסאלוטיזם און פון זיינע ביידע וויכטיגע ארגאנען: פון דער ביוראקראטיע און

פון דעם געדונגענעם חיל; זיי האָבען אויך געהאָלפען דעם אַב־סאָלוטיזם, — אויב ניט פערזענליך, איז מיט זייער געלט, — אין זיין קאמף געגען די פרייע קלאסען, וועלכע האָבען זיך געפלייסט צו פארשטארקען די ערוואָרבענע פריהייטען און רעכט. אַט די קלאסען זיינען געווען דער אדעל און דער קלערוס פון איין זייט, און פון דער צווייטער — די פויערים און קליין־בירגער. דערביי איז פאר די פירשטען און קאפיטאליסטען זעהר גינסטיג געווען דער אומשטאנד, וואס די קלאסען, וועלכע זיינען געווען פיינט־ליך צו זיי, זיינען שטענדיג געווען אנטאגאָניסטיש איינער צום אנדערען און האָבען צווישען זיך געפיהרט א העפטיגען קאמף.

דער קאפיטאל, אין דער פערזאָן פון די סוחרים און וואוכער־ניקעס, און די פירשטען האָט זיך איינגעגעבען שטופענווייז צו פארשקלאפען אַלע די קלאסען. יעדער פון אַט־די קלאסען האָט זיך נעפלייסט אראפוואַרפען פון זיך אויף אנדערע די משׂא,, און אויף אזא אופן איז זי סוף־כל־סוף מיט א פארדאָפעלטער קראפט געפאלען אויף די נידעריגסטע שיכטען פונ׳ם פאָלק, — אויפ׳ן שטאָטישען פראָלעטאריאט און ספעציעל אויף די פויערים, ווי אויף דער הויפט מאסע פון דער באפעלקערונג. די רעוואָלוציע אויפ׳ן געביט פון פרייזען, וועגען וועלכער מיר האָבען גערעדט, האָט נאָר פארשטארקט די ווירקונג פון אַט דעם געוויכט.

גלייכצייטיג מיט דער פארגרעסערונג פון דעם דרוק אויף די נידעריגסטע קלאסען, האָט זיך אויך פארקלענערט זייער ווידער־שטאנדס־פעהיגקייט. אויב די לאגע פון די פויערים האָט זיך אינ׳ם 13טען און 14טען י. ה. פארבעסערט, איז דאָס פארגעקומען טיילווייז א דאנק דער אויפבליהונג פון די שטעט און ספעציעל פון די אומצעהליגע פראָווינציעלע שטעדטלעך, אין וועלכע די פויערים פלעגען געפינען שטיצע און אָנהענגער געגען דעם אלגע־מיינעם שונא. נאָר אינ׳ם 15טען יאָרהונדערט זיינען די דייטשע שטעט אַלץ מער און מער אָפהענגיג געוואָרען פון די פירשטען; די זעלבסטשטענדיגקייט פון דער מאיאָריטעט פון די דייטשע שטעט איזביים סוף פו׳ם 15טען יאָרהונדערט שוין געווען געבראכען. פארהעלטניסמעסיג א קליינע צאָל פון אַט די שטעט זיינען געווען בכח צו באשיצען זייער פרייהייט; דאָס זיינען מייסטענס געווען

די גרויסע שטעט, אין וועלכע די הערשענדע קלאסען זיינען געווען פאראינטערעסירט אין דער עקספלואטאציע פון די פויערים. אָט די שטעט־רעפובליקען, צווישען וועלכע די וויכטיגסטע איז געווען נירענבערג, זיינען געווען געניינט אויף דער זייט פון די פירשטען, פונקט ווי אין בעהמען, בעת די הוסיטישע מלחמות, איז פראג געשטאנען אויף דער זייט פון דער גרויסער אריסטאָקראטיע. די שטיצע פון דער דעמאָקראטיע איז געווען די באפעלקערונג פון די קליינע שטעט; און אויף ווי ווייט זיי, אָט די שטעט, האָבען פארלאָרען זייער זעלבסטשטענדיגקייט, איז אויך פארשוואונדען די קראפט פון דער דעמאָקראטישער באוועגונג.

דער גאנג פונ׳ם שטאָטישען לעבען אין דעם 15טען יאָרהונדערט האָט נאָך אין אן אנדער הינזיכט פארערגערט די לאגע פון די פויערים; ביז׳ן סוף פון דעם 16טען יאָרהונדערט זיינען די שטעט געווען פאר זיי אָפען, ווי עריי־מקלט. דאָס האָט געצוואונגען די ערד־באזיצער, אויב זיי האָבען ניט געוואלט אנווערען קיין ארבייטער, צובינדען צו זיך די פויערים, וואו מען האָט געקענט, מיט גוואלט, אבער אויך מיט גוטער באהאנדלונג.

איצט אָבער האָט זיך די לאגע געענדערט. מיר וועלען דערמאָנען, וואָס מיר האָבען געזאָגט אינ׳ם צווייטען טייל וועגען דער אנטוויקלונג פון דער צעך־אָרדנונג. אין דעם 15טען יאָרהונדערט האָט די אפגעשלאָסענקייט פון די מלאכות דערגרייכט, צוליב דעם גרויסען שטראָם פון ארבייטער, א באדייטענדע אנטוויקלונג. דאָס האָט געפירט צו א פארשקלאפונג ניט נאָר פונ׳ם שטאָטישען אומאָרגאניזירטען פראלעטאריאט, נאָר אויך פון דעם פויערטום. דער וועג צו וואוילזיין איז פאר זיי אין די שטעט געווען פארמאכט; צווישען די שטאָטישע קליינבירגער און דעם פויערטום איז אנטשטאנען א שנאה, וואָס איז הגם געווען געצוימט דורך דעם בשותפות׳דיגען קאמף געגען די אלגעמיינע פיינט — געגען דער קירך, דעם אדעל, די פירשטען און די קאפיטאליסטען, — האָט זי אָבער דאָך געמאכט דעם פארבאנד זייערען ניט צו זיכער.

וואָס מער די שטאָט האָט אויפגעהערט צו דינען אלס א מקום־מקלט פאר די פויערים אלץ ווייניגער צערעכאָניעס האָט דער פריץ מיט זיי געמאכט. איצטער זיינען זיי איינגאנצען גע־

און אייזען פאר דער זאך פון די הוסיטען; דערצו האָבען זיי גע־

ווען ביי אים אין די הענט, ווייל אין די שטעט האָבען זיי אויך ווינציג־וואָס געקענט געווינען, איידער זיי זיינען געבראַכט גע־ווארען צו פולשטענדיגער בעטלעריי. נאָר אויך פאר דעם פּראָ־לעטאַריאַט זיינען די שטעט געווארען אלץ מער אומצוגענגליך; דערפאר אנשטעהט גלייכצייטיג מיט דעם שטאָטישען אויך א דאָר־פישער פּראָלעטאַריאַט, וועלכער האלט אין וואקסען צוליב דער פארקלענערונג און פולקאָמער פארניכטונג פון די פעאָדאלע חילות, וואָס קומט אלס נאַטירליכער רעזולטאַט פון דעם אריינ־דרינגען פון דער סחורה־פּראָדוקציע און פון דעם דורשט צו געלט, וואָס הענגט פון איר אָפּ. מיר האָבען שוין געזען, אז די אמאָליגע גאַסטפריינדליכקייט פון דער באַפעלקערונג האָט זיך צוליב דעם געהאלטען אין איין פארקלענערען. דאָס האָט נאָר פארשטארקט די פארקלענערונג פון די פּריצים־חילות, די הערשענדע פירשטען פון זייער זייט האָבען, ווי ווייט זיי האָבען נאָר געקענט איר מיט־געהאָלפען, כדי די זעלבסטשטענדיגקייט פון די פּריצים, וואָס איז פאר זיי געווען אומאנגענעם, זאָל זיך מער פארקלענערען.

נאָר די אנטוויקלונג פון דער סחורה־פּראָדוקציע האָט אויך צוגעגעבען א ווערט צו דער ערד און האָט פון איין זייט פארגרע־סערט די אפּגעשלאָסענקייט פון די דאָרפישע געמיינדעס, און פון דער צווייטער זייט — געררייצט די ערד־באַזיצער צו פארכאפּען זייער פארמעגען און דאָס פארוואַנדלען אין פּריוואַט־אייגענטום.

אויב מען נעמט אין אנבאַטראַכט, אז ערדלאָזע מענשען האָ־בען ניט געקענט קריגען קיין אָפּדאַך ניט אין די שטעט, און ניט אין די דערפער, און אז צוזאַמען מיט'ן נאַטירליכען צוואוואוקס פון דער באַפעלקערונג, האָט די אויפלייזונג פון די פּריצים־חילות מיט־געהאָלפען דער פארגרעסערונג פון דער צאָל ערדלאָזע, אויך די אלץ וואקסענדע משאָ פון די רעגירונגס־אָפּצאָלונגען, וואָס זיינען געפאלען אויף די פּויערים, און די צינזען, וואָס די ערד־באַזיצער פלעגען ביי זיי אויפמאָנען, און די פּראָצענטען צו די וואוכער־ניקעס, — אויב מען וועט דאָס נעמען אין אַנבאַטראַכט, — דארף מען זיך גאר ניט חדוש'ען, וואָס דער דאָרפישער פּראָלעטאַריאַט האָט געהאלטען אין איין וואקסען.

אין אָנפאנג איז ער הויפּטזעכליך באַשטאנען פון לומפּען־

פּראָלעטאַריער, געזעצליך־ און אומגעזעצליך־געבאָרענע, וואָס פלעגן צושטעלען פון זייער קרייז בעטלער און שווינדלער, רויבער און סאָלדאַטען.

אין דעם 14טען יאָרהונדערט זיינען נאָך די געדונגענע סאָל־דאַטען, מערסטענס, געווען די יונגסטע פּויערים־זין, וואָס האָבען געלעבטס נאָך אוואַנטיורעס און רויב, און וואָס נאָך עטליכע יאָר סאָלדאַטען־דינסט פלעגען זיי צוריק פאַרוואַנדעלט ווערען אין פּויערים, פלעגען נאָך אין זינען האָבען זייערע קלאַסען־אינטערע־סען; מיט זיי האָט מען זיך ניט געקענט באַנוצען געגען די פּוי־ערים, לכל הפּחות, אין דעם אייגענעם לאַנד. ווען אָט די פּויערים־זין פלעגען צוריק אהיים קומען, פלעגען זיי נאָך פאַרשטאַרקען די ווידערשטאַנדס־פעהיגקייט פון די פּויערים. אין דעם 15טען יאָרהונדערט האָבען זיך צווישען די סאָלדאַטען אויף דעם ערשטען פּלאַן אָנגעפאַנגען ארויסצורוקען די לומפּען־פּראָלעטאַריער, וואָס ווייסען ניט פון קיין קלאַסען־אינטערעסען, גרייט צו געהן פאַר זייער באַלעבאָס אין פייער און אין וואַסער, וואָס האַלטען זיך פאַר קיין זאַך ניט צוריק — כל זמן יענער צאָלט.

שוין אָט דאָס אליין האָט געדאַרפט ווירקען שלעכט אויף די קאַמפּס־פעהיגקייטען פון די פּויערים. נאָך פיל ערגער האָט געווירקט אין אָט־דער ריכטונג די אנטוויקלונג פון דער קריגס־קונסט. מיר האָבען שוין געזען ס'אַר אן איבערקערעניש עס האָ־בען אין איר געמאַכט די טאַבאָריטען; זי האָט ווייטער געהאַלטען זיך אין אנטוויקלען אין דער ריכטונג, וואָס איז דורך זיי אָנגע־דייטעט געוואָרען. צוזאַמען מיט דעם לערנען ארומצוגעהן ארום געווער, האָט אַלץ מער באַדייטונג באַקומען דאָס איינאיבען פון דער גאַנצער מאַסע פון חיל אין קונציגע מאַנעווערען, די דיסציפּ־לין, די פּלאַנמעסיגע און פּינקטליכע געמיינזאַמע טעטיגקייט פון די באַזונדערע טיילען פונ'ם חיל. אָט־די נייע טאַקטיק, בעת די טאַבאָריטען האָבען זי פּראַקטיצירט, האָט געמאַכט די דעמאָקראַ־טיע אומבאַזיגבאַר; איצט האָבען אירע געגנער געקראָגען די איבערמאַכט טאַקע צוליב אָט־דער טאַקטיק. נאָר אַ פּראָפעסיאָנע־לער סאָלדאַט האָט איר געקענט דורכפירען, און די אויפשטעהענדע פּויערים און קליינבירגער אין דער צווייטער האַלב פונ'ם 15טען

און אין דעם 16טען יאָרהונדערטען האָבען ניט געהאַט קיין צייט גענוג, ווי די טאַבאָריטען, אַז זיי זאָלען באַשאַפען אַ געשולטע אַרמיי. דער זיג איז געווען אויף דער זייט פון יענע, וואָס האָבען געקענט *צאָלען* פּראָפעסיאָנעלע סאָלדאַטען.

אַזאַ ווירקונג האָט געהאַט אויך דער געברויך פון פּולווער פאַר מיליטערישע צוועקען, וואָס האָט געמאַכט באַדייטענדע פאָרשריטען נאָך די הוססיטישע מלחמות. די ערפינדונג פון פּולווער רופט מען אָן אַ דעמאָקראַטישע ערפינדונג, ווייל זי האָט געמאַכט אַ סוף צום ריטערטום; מיר זעהען ווינציג־וואָס „דעמאָקראַטישעס" אין דעם אויפטו פון אָט־דער ערפינדונג. אומאָפּהענגיג דערפון, וואָס די ווירקונג פון פּולווער האָט געהאַט אויף דער פאַרניכטונג פון דער מעכטיגקייט פון דעם קליין־אַדעל ווערט אָפט זעהר איבערטריבען (זיין עקאָנאָמישער און מיליטערישער באַקראָט איז געוואָרען אומפאַרמיידליך, איידער נאָך דאָס פייער־שיס־געווער איז באַדייטענד פאַרשפּרייט געוואָרען אין דער קריגס־קונסט), — גאַנץ אומאָפּהענגיג דערפון דאַרף מען באַמערקען, אַז דער געברויך פון פּולווער האָט פּונקט אַזוי געהאָלפען צו צעברעכען דעם ווידערשטאַנד פון דעם *פּויערטום*, ווי דעם ווידערשטאַנד פון דעם *ריטערטום*. די פאַרשפּרייטונג פון דעם פייער־שיס־געווער איז געווען דאָס לעצטע רינגעלע פון יענער קייט, וואָס האָט זיך פאַרענדיגט מיט דעם 16טען י. ה.; פון אָט־דער צייט אָן, איז דער רעאַלסטער מיטעל צו פירען אַ מלחמה געוואָרען געלט, געלט און געלט. דער געברויך פון פייער־שיס־געווער פאַר קריגס־אַנגעלעגענהייטען און זיין צוועקמעסיגע צופּאַסונג דערצו, איז געוואָרען די פּריווילעגיע פון די *רייכע* הערשער — פון די גרויסע שטעט און פירשטען. זיי האָבען געהאָלפען אויסצוראָטען דאָס ריטערטום ניט צוליב די נוצען פון'ם פּויערטום און די קליין־בירגער, נאָר צוליב דער קאַפּיטאַליסטישער און פירשטערליכער עקספּלואַטאַציע.

און די קאָסטען פון דער מיליטערישער אויפלייזונג פון דעם אַדעל האָבען אויף זיך געמוזט נעמען די פּויערים. אין דעם 14טען יאָרהונדערט האָבען די פּריצים גלייכצייטיג געליטען צרות אי פון אויבען, אי פון אונטען; פון אויבען דורך די פירשטען (אין אַ

פארבאנד מיט די קאַפּיטאַליסטען), פון אונטען — דורך די פּויערים. אַ לאַנגע צייט האָבען זיי זיך געמאַטערט צו קעמפען אי געגען די ערשטע, אי געגען די צווייטע, נאָר סוף־כּל־סוף האָבען זיי זיך אונטערוואַרפען צו די פירשטען, וועלכע האָבען אויף זיך גענומען די פליכט איינצוצוימען די פּויערים. די פירשטען האָבען פאַר־קויפט זייער אומאָפּהענגיגקייט, כּדי אוועקצושטעלען אויף אַ פעס־טערען באָדען די עקספּלואַטאַציע פון די פּויערים.

די אַנטוויקלונג פון אָט־דער עקספּלואַטאַציע איז פאָרגעקומען ניט אומעטום אַלץ איינס און ניט אין איין צייט; אַזוי, למשל, האָט זי אין צפון דייטשלאַנד, אין איר מזרח טייל, זיך ארויסגע־וויזען ערשט שפּעטער, אָבער אין דרום און אין מיטעל־דייטש־לאַנד האָבען די פּויערים אָנגעפאַנגען צו פילען איר דריקענדע ווירקונג שוין אין דעם 15־טען י. ה. און אַלץ שטאַרקער, וואָס נע־הענטער די צייט איז צוגעקומען צום 16־טען יאָרהונדערט, וואָס שוין ביי זיין סאַמע אָנפאַנג איז די לאַגע פון די פּויערים, לויט די דעמאָלסטיגע באַגריפען, געוואָרען אומערטרעגליך, הגם זי איז אין אַלע היגזיכטען געווען בעסער פון דער היינטיגער לאַגע פון די ארבייטענדע קלאַסען אין שטאַט און אין דאָרף.

אָט־די אונטערדריקונג, די פאַרגרעסערונג פון אָפּצאָלונגען, נאַטוראַלע און געלטליכע, די איינפירונג פון אַ גרעסערער אונ־טערוואָרפענקייט צו די ערד־באַזיצער, די קאָנפיסקאַציע פון די גע־מיינזאַמע פּויערישע פאַשע־פעלדער און וועלדער לטובה פון די ערד־באַזיצער (די קאָנפיסקאַציע פון פּריוואַטען פּויערישען אייגענ־טום, דאָס צונעמען פון דער פּויערישער ערד איז געקומען שפּעטער) — דאָס אַלץ איז, פאַרשטעהט זיך, פאָרגעקומען ניט אָהן אַן ענער־גישען ווידערשטאַנד מצד די פּויערים; אין דעם משך פון דעם גאַנצען 15־טען יאָרהונדערט האָבען פּויערישע אויפשטאַנדען אין דייטשלאַנד געפאָלגט איינער נאָכ'ן אַנדערען; וואָס נעהענטער צום סוף פונ'ם יאָרהונדערט, אַלץ אָפטער און שרעקליכער זיינען זיי געוואָרען.

די וויכטיגסטע פון אָט־די אויפשטאַנדען, וואָס זיינען פאָר־געקומען פאַר דעם גרויסען פּויערים־קריג זיינען באַשריבען אין צי־מערמאַנ'ס ווערק. אויף זיין בוך ציען מיר די אויפמערקזאַמקייט

פון יעדען, וואָס ווייל זיך באַקענען מיט דעם פּויערים אויפשטאַנד פונ׳ם יאָר 1525 גענויער, ווי דאָס איז מעגליך אין די ראַמען פון אונזער ווערק. אָט די אַלע אויפשטאַנדען זיינען דורכגעפאַלען; וועגען זיי קען מען זאָגען דאָס זעלביגע, וואָס מיר האָבען געזאָגט וועגען דאַלצינאָ׳ס אויפשטאַנד; דאָס זיינען געווען לאָקאַלע באַוועגונגען.

דעמאָלט האָט זיך געהאַט אָנגעפאַנגען די רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג; זי האָט אויפגעשטורעמט דאָס גאַנצע פאָלק און האָט כאָטש אויף אַ שטיקעל צייט פאַראייניגט אַלע לאָקאַלע קלאַסען־געגענזאַצען אין קלאַסען געגענזאַצען פון אַ נאַציאָנאַלען מאַסשטאַב, וועלכע האָבען זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער מלוכה אָדער, לכל הפּחות, איבער איר גרעסטען טייל. אַ דאַנק איר האָבען זיך אויך די פאַרשידענע לאָקאַלע פּויערים־באַוועגונגען צוזאַמענגעגאָסען אין איין גרויסער באַוועגונג, אין דער לעצטער מעכטיגער אָנשטרענגונג פון די פּויערים אויף דעם אייראָפּעאישען קאָנטינענט אָראָפּצוואַרפען פון זיך זייער יאָך. ווען מיר זאָלען איבערלאָזען ענגלאַנד אָן אַ זייט, געפינען מיר נאָך אַזאַ באַדייטענדען פּויערים־אויפשטאַנד ערשט אינ׳ם יאָר 1789 אין פראַנקרייך, אָבער דאָרטען איז ער פאָרגעקומען אונטער גאַנץ אַנדערע, מער גינסטיגע באַדינגונגען, און אויך וויפיל נויטיג דער לעצטער איז געווען, אויף אַזוי פיל האָט דער אויפשטאַנד פונ׳ם יאָר 1525 געטראָגען טויט שוין ביי זיין סאַמע אָנפאַנג.

צוזאַמען מיט די פּויערים האָבען זיך אויפגעהויבען אויך אַנדערע קלאַסען, ווייל די בורזשואַזע געזעלשאַפט איז צו קאָמפּליצירט, אַז אַ גרויסע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג זאָל זיין די זאַך פון אַ וועלכען ניט איז איינציגען קלאַס; די צוקונפטיגע רעוואָלוציע וועט, וואַרשיינליך, אויך ניט געמאַכט ווערען דורך איין קלאַס, — דורכ׳ן אינדוסטריעלען פּראָלעטאַריאַט, — נאָר אויך דורך דער קליין־בורזשואַזיע און דורך די קליינע אייגענטימער — די פּויערים. דאָך דעם קאַמף פאַנגט שטענדיג אָן איין קלאַס: איצט איז דאָס דער פּראָלעטאַריאַט, אינ׳ם יאָר 1789 איז דאָס געווען די קליין־בורזשואַזיע, און אינ׳ם יאָר 1525 — די פּויערים. די מיטהעלפער פון די פּויערים קענען מיר שוין; אינ׳ם

יאָר 1525 זיינען צוזאַמען אַרויסגעטראָטען אין קאַמף מערסטענ־טיילס די זעלביגע קלאַסען, וואָס האָבען זיך געהאַט גרופּירט אַרום די טאַבאָריטען. דאָ, ווי ביי די טאַבאָריטען, איז צו דעם אויפ־שטאַנד צוגעשטאַנען אַ טייל פון די באַנקראָטירטע פּריצים, וואָס האָבען הויפּטזעכליך געשפּילט די בכבוד'יגע ראָלע פון מיליטערישע פירער, — אַ ראָלע, וואָס האָט זיי טיילווייז פאַרוואַנדעלט אין אמת'ע העלדען, ווי פלאָריאַן גייער, טיילווייז אין פאַרעטער, ווי הענץ פאָן־בערליכינגען. פּונקט אַזוי איז אויך די באַפעלקערונג פון די שטעט, הויפּטזעכליך פון די גרויסע, מערסטענטייל צוגע־שטאַנען צו די פּויערים, און פאַר אַלעמען, פאַרשטעהט זיך, איז צו זיי צוגעשטאַנען דער פּראָלעטאַריאַט. נאָר די לאַגע פון די דייטשע שטעט אין דעם אָנפאַנג פונ'ם 16־טען יאָרהונדערט איז געווען גאָר אַנדערש ווי די לאַגע פון די בעהמישע שטעט אין דעם אָנפאַנג פון דעם 15־טען יאָרהונדערט. אין אינטעלעקטואַלען הינ־זיכט האָבען זיי אַ שפּאַן געטאָן זעהר ווייט, נאָר זיי האָבען פאַר־לאָרען זייער פּאָליטישע זעלבסטשטענדיגקייט, און נאָר דער שטאָ־טישער פּראָלעטאַריאַט איז געווען אַ מער אָדער ווייניגער זיכערער מיט־העלפער פון די פּויערים; די האַנט־ווערקער און די מייסטערס, אַפילו די פּועלים זיינען צו זיי געווען פרעמד. אויף אַזאַ אופן פאַלט די משא פון דעם קריג אינ'ם יאָר 1525 אויף די פּויערים אַ סך שווערער, ווי אין דער צייט פון די הוססיטישע מלחמות. די שטעט האָבען זעהר ווינציג געהאָלפען, און די באַוועגונג האָט פאַר זיך ניט געקענט אָפּזוכען קיין שטיץ־פּונקט, ווי עס איז, למשל, געווען טאַבאָר מיט הונדערט יאָר פאַר דעם אין בעהמען. די סימ־פּאַטיע פון די שטאָטישע איינוואוינער צו די פּויערים האָט זיך אויסגעדריקט ניט אין דער פאָרם פון מיליטערישער פאַרשטאַר־קונג, נאָר אין דער פאָרם פון אינטעלעקטואַלער שטיצע, נעמליך, ביי דער אויסאַרבייטונג פון זייער פּראָגראַם.

דערפאַר אָבער האָבען די בונטאָוושטשיקעס פון דעם יאָר 1525 געהאַט אַזעלכע אָנהענגער, וועלכע די טאַבאָריטען האָבען ניט געהאַט, נעמליך, די מינען־אַרבייטער. לאָמיר דערמאָנען, וואָס מיר האָבען געזאָגט אין דער צווייטער אָפּטיילונג וועגען זייער פעהיגקייט זיך צו פאַרטיידיגען און וועגען זייער לעבען

אין גרויסע מאסען. זיי האבען געהאט ערפארונג אין מיליטערישע רעוואלוציעס און זיינען צוגעוואוינט געוועזען זיך צו אונטערווארפען דער דיסציפלין. אין קריגערישען הינזיכט זיינען זיי געשטאנען העכער פון אלע אנדערע שיכטען פון דעם ארבייטערקלאס פון יענער צייט. וואו זיי האבען גענומען אן ענערגישען אנטייל אין קאמף, דארטען איז דער אויפשטאנד אין מיליטערישען באצוג געבליבען אומבאזיגט.

אז עס דארף קומען צו אן אויפשטאנד און עס וועט טאקע קומען, איז נאך קלאר געווארען אינ'ם משך פונ'ם יאר 1524 יעדען, ווער עס האט נאר געהאט א נאהענטע שייכות צו די פויערים; ספעציעל האט דאס ניט געקענט זיין קיין סוד פאר אזא מענשען, ווי מינצער. אט די אלע מענשען האבען דורכגעמאכט די זעלביגע ערפארונג, וואס ער: זיי פלעגען מיט פרייד באגריסען לוטער'ן, וועלכער האט זיך דערשלאגען צו פאפולאריטעט, אויפוועקענדיג די דערווארטונגען פון אלע קלאסען. נאר בעת דער אלגעמיינער פיינט האט זיך געדוכט צו זיין באזיגט, ווען דער פויפסט און זיין אונטערשטיצער — דער קייזער האבען אינ'ם יאר 1521 אין ווארמס ארויסגעצייגט זייער מאכטלאזיגקייט, ווען די אלטע אויטאריטעטען זיינען שוין געווען געשטירצט, בעת די גאנצע פראגע איז געווען וועגען דעם אז מען זאל איינפירען א נייע ארדנונג, און די קלאסען־געגענזאצען האבען זיך צוזאמענגעשטויסען אלץ שארפער און שארפער, ווען מען האט ענדליך געמוזט שליכטען די פראגע, ווער עס זאל געניסען די פרוכט פון דער קירכליכער רעפארם — די העכערע אדער די נידעריגע קלאסען, דעמאלט האט לוטער ניט גענומען קיין באשטימטע שטעלונג, כל זמן מען האט אים דערצו ניט געצוואונגען*); ער איז ענערגיש ארויסגעטראטען געגען יעדען פארזוך פון די נידעריגסטע קלאסען צו ציהען פראקטישע נוצען פון דער רעפארמאציע און אין דער זעלביגער צייט האט ער אונטערשטיצט אלע טאטען פון די פירשטען אין אט דער ריכטונג. די קירכליכע פארמעגענס האבען געדארפט אריבערגעהן צו די פירשטען און ניט צו די פויערים. „מיר דארפען נאר אפרייסען

*) נאר געגען די קאמוניסטישע טרוימער איז ער, ווי מיר האבען געזעהן, אנטשידען ארויסגעטראטען פון סאמע אנפאנג.

אונזערע הערצער פון די מאָנאַסטירען, — האָט ער געשריבען (ווארשיינליך ענדע יולי) אינם' יאָר 1524, — אָבער מיר דארפען אויף זיי ניט אַנפאַלען. ווען אונזערע הערצער וועלען זיין אָפּ־געריסען, אזוי אז די קירכען און מאָנאַסטירען וועלען פוסטעוועט, זאָלען דעמאָלט די פירשטען מיט זיי טאָן, וואָס זיי ווילען".*)

אין'ם יאָר 1524 איז געוואָרען אָלץ דייטליכער, אז די נידע־ריגסטע קלאַסען האָבען ניט וואָס צו דערוואַרטען פון דער לוטע־ראַנישער רעפאָרמאַציע: זיי האָבען זיך נאָר געקענט באַפרייען פון זייער יאָך מיט אייגענע קרעפטען, דורך אַ באַוואַפּענטען אויפ־שטאַנד.

## 9. מינצער'ס צוגרייטונג צום אויפשטאַנד.

ווי נאָר עס איז קלאָר געוואָרען, אז פאַר די נידעריגסטע קלאַ־סען פון פאָלק בלייבט איבער נאָר איין זאַך: אויפהויבען דאָס געווער געגען אַלע עקספּלואַטאַטאָרס, רעוואָלוציאָנערע און רעאַק־ציאָנערע, האָט מינצער פלייסיגער פון אַלעמען זיך אַ נעם גע־טאָן צוגרייטען דעם אויפשטאַנד. זיין גראַדער פאַרשטאַנד, ענער־גיע און מוט האָבען אים געמאַכט פאַר'ן צענטער פון דער רעוואָ־לוציאָנערער באַוועגונג פון די עקספּלואַטירטע קלאַסען פון טירינ־גען און פאַרשפּרייט זיין ווירקונג ווייט איבער זיינע גרעניצען.

וועגען זיין טעטיגקייט קען מען אורטיילען לויט די מסירות, וואָס די זאַקסישע הערשער פלעגען אויף אים באַקומען. אזוי, למשל, האָט עפּעס איינער אַ פרידריך וויצלעבען זיך באַקלאָגט, אז זיינע אונטערטאַנען פון װינדעלשטיין, וואַלמערשטאַדט און ראַסלעבען האָבען אַוועקגעשיקט שלוחים צו מינצער'ן און געפרעגט, צי מעגען זיי מאַכען אַ פאַרבאַנד געגען זייער האַר, וועלכער שטערט זיי צו באַזוכען די מינצער־גאָטעסדינסט. מינצער האָט אויף דער פראַגע געגעבען אַ פּאָזיטיווען ענטפער און האָט זיי אויך דער־קלערט, ווי אזוי מען דאַרף זיך אָרגאַניזירען; פונקט אזוי האָט ער מיטגעהאָלפען די מ י נ צ ע ר ־ אַ ר ב י י ט ע ר. צו די אונטער־טאַנען פון דעם זאַקסישען הערצאָג געאָרג אין זאַנגערסהויזען האָט

*) לוטער, „זאַמטליכע ווערקע", לייפּציג, 1729, 19, ז. 240.

ער זיך געווענדעט מיט אַ בריוו, אין וועלכען ער האָט זיי אָנגע־רעגט זיך צו שטעלען אויף דער זייט פון דעם עוואַנגעליום, אַנ־דערש געזאָגט, אויף דער זייט פון דער דעמאָקראַטיע, און אויפ־שטעהן געגען אירע פיינט.

ער האָט זיך אויך געווענדעט צו די איינוואוינער פון אָר־לאַמונד, וואו קאַרלשטאַדט האָט פאַרנומען אַזאַ שטעלע, ווי ער אליין אין אַלשטעדט, מיט אַן איינלאַדונג אַן אַנטייל צו נעמען אין דעם פאַרבאַנד. נאָר קאַרלשטאַדט מיט זיינע אָנהענגער האָבען געהערט צו דער ריכטונג, וועלכע האָט ניט אַנערקענט קיין גוואַלט. אין זיין ענטפער — „דער פאָן אָרלאַמונד שריפט אַן די צו אַל־שטעדט, וויא מאַן קריסטליך פעכטען זאָל” (אָפּגעדרוקט אין ווי־טענבערג אינ׳ם יאָר 1524) האָט ער געשריבען: „מיר וועלען ניט אָנקומען צו דער הילף פון מעסערס און שפּיזען, געגען די פיינט דאַרף מען זיין באַוואָפענט מיט דעם פאַנצער פון גלויבען. איר שרייבט אַז מיר דאַרפען צו אייך צושטעהן, זיך מיט אייך פאַראיי־ניגען; ווען מיר זאָלען אַזוי האַנדלען, וואָלטען מיר שוין מער ניט געווען קיין פרייע קריסטען, נאָר מיר וואָלטען געוואָרען אָפּ־הענגיג פון מענשען. דאָס וואָלט געבראַכט אויף דעם עוואַנגעליום אַן אמת׳ן אומגליק, און די טיראַנען וואָלטען אָנגעפאַנגען צו יובלען און געזאָגט: זיי באַרימען זיך מיט זייער דינסט צום איינציגען גאָט, און איצטער פאַראייניגען זיי זיך איינער מיט דעם אַנדערען, ווייל זייער גאָט איז ניט גענוג שטאַרק, אַז ער זאָל זיי קענען פאַר־טיידיגען”*).

די פאַרעפענטליכונג פון אָט־דעם בריוו האָט קאַרלשטאַדט׳ען ניט געהאָלפען; לוטער האָט פונדעסטוועגען אים באַשולדיגט אין באַציהונגען מיט מינצער׳ן; אָבער בנוגע צום לעצטען שטעלט מיט זיך דער בריוו פאָר אַ מסירה.

נאָר ערגער פון אַלץ איז געווען, וואָס די פירשטען זיינען גע־וואָר געוואָרען דורך דעם פאַררעטער ניקאָלאַס רוגקערט, וועגען דער עקזיסטענץ פון אַ געהיימען פאַרבאַנד אין אַלשטעדט, וועלכען מינצער האָט, לויט מעלאַנכטאָנ׳ס ווערטער,

*) אָפּגעדרוקט ביי שטראָבעל׳ן; ז. 77 און 78.

געגרינדעט: „ער האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ צעטעל, אין וועלכען ער האָט איינגעשריבען אַלע, וואָס זיינען צו אים צוגעשטאַנען, און זיך פאַרפליכטעט צו באַשטראָפען די גאָטלאָזע פירשטען און איינפירען אַ קריסטליכע פאַרוואַלטונג". דער פאַרבאַנד האָט אויך געהאַט אָנהענגער אויסער די גרעניצען פון אַלשטעדט, למשל, אין דעם „מאַנספעלדער טאַל", אין זאַנגערסהויזען און אפילו אין צוויקוי גופא. דעם צוועק פון אָט דער אָרגאַניזאַציע דערקלערט מינצער אין זיין „ווידוי": „דער פאַרבאַנד איז גע־גרינדעט געוואָרען געגען יענע, וועלכע פאַרפאָלגען דאָס עוואַנ־געליום". וואָס מען דאַרף פאַרשטעהן אונטער'ן וואָרט „עוואַנגע־ליום", האָט ער געזאָגט אויף דעם קרייץ־פאַרהער אונטער פייני־גונג: „איינער פון די גרונט־פרינציפען, וואָס די געזעלשאַפט האָט געשטרעבט צו פאַרווירקליכען איז „אָמניאַ סונט קאָמוניאַ" (אַלץ איז געמיינשאַפטליך), און יעדען דאַרף מען געבען פון אַלץ לויט זיינע באַדערפנישען. אויב עפּעס אַ פירשט, אַ גראַף אָדער אַ האַר וועט אַזוי ניט וועלען האַנדלען, ווען מען פאָדערט דאָס, איז באַשלאָסען געוואָרען אים צו קעפּען אָדער אויפהענגען".

צי האָבען שוין דעמאָלט די זאַקסישע פירשטען פולשטענדיג באַגריפען די צוועקען פונ'ם פאַרבאַנד, ווייסען מיר ניט; נאָר אָט־דאָס, וואָס זיי האָבען יאָ געוואוסט אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנ־דערע באַשולדיגונגען, איז געווען גענוג צו צווינגען זיי אַרויס־צורופען דעם געפערליכען מענשען קיין ווייטאַר אויף אַ פאַרהער, ספּעציעל נאָך ווייל לוטער פלעגט זיי רייצען אויף מינצער'ן.

אין אַן אָפענעם בריף צו די זאַקסישע הערשער (ענדע יולי) *) האָט „ברודער זאַנפטלעבען" (לוטער) פאַר'מסר'ט: „איך האָב אָנגעשריבען אָט־דעם בריף צו אייערע פירשטליכע לויטערקייטען, נאָר צוליב דער אורזאַך, וואָס איך האָב דערהערט, און אויך פאַר־שטאַנען פון זייערע שריפטען, אַז אָט־דער גייסט וויל ניט בלייַ־בען נאָר ביי ווערטער, און קלערט טאַקע זיך באַנוצען מיט פויסטען, מיט קראַפט זיך ערהויבען געגען דער מאַכט און אויף אַזאַ אופן טאַקע מאַכען אַן אמת'ן בונט. הגם איך פאַרשטעה, אַז אייערע

*) לוטער, „זאַמטליכע ווערקע", 19, ז. 237, 238.

לויטערקייטען וועלען זיך אין אַט־דער אַנגעלעגענהייט קענען האַל־
טען בעסער, ווי איך וואָלט געקענט אויס'עצה'ן, נאָר פונדעסטוועג־
נען דאַרף איך, אַלס טרייער אונטערטאַן, טאָן אַלץ וואָס איז מעג־
ליך פון מיין זייט, און דערפאַר בעט איך אַל־אונטערטעניגסט
און וואַרען אייערע לויטערקייטען אַ קוק טאָן אויף דער זאַך ערנסט
און, ערפילענדיג די פליכט פון הערשער, ניט צולאָזען צו אַזאַ
אומאָרדנונג און אויסמיידען דעם אויפשטאַנד... דערפאַר, אייערע
לויטערקייטען, טאָר מען דאָ ניט קלערען אָדער פאַרזאַמען, ווייל
גאָט וועט פאָדערען אַן ענטפער פאַר אַזאַ שעדליכען געברויך פון
דער פאַרבאָטענער שווערד. מען וועט ניט קענען באַרעכטיגען
פאַר מענשען און פאַר דער גאַנצער וועלט, וואָס אייערע לויטערקיי־
טען האָבען געקענט דולדען אַזאַ רעבעלירענדע און גאָט־לעסטע־
רענדע קראַפט"*).

אָט די אויסצוגען גיבען איבער דעם גרונט־טאָן פון דעם
בריף און זיינען כאַראַקטעריסטיש פאַר לוטער'ן, ווי בכלל פאַר
די אומשטאַנדען פון יענער צייט. דער איבעריגער טייל פון דעם
בריף אַנטהאַלט אין זיך אַ פּאָלעמיק מיט מינצער'ן, ניט קיין קליי־
נע דאָזע פון באַרימעריי און ענדליך, וואַרשיינליך, כדי צו פאַר־
גלעטען דעם שלעכטען איינדרוק פון דער מסירה, פאָלגט נאָך
ווייטער אַן אָנווייזונג דאַרויף, אַז ער פאָדערט די אונטערדריקונג
ניט פון דעם אַלשטעדטער גייסט, נאָר פון זיינע מאַטעריאַלע קרעפ־
טען ; וואָלט ער ניט געשטרעבט צו גוואַלט, וואָלט ער זיך דאַר־
פען געמעגט פרעדיגען. אין זיין ענטפער, אין דער „פאַרטיידי־
גונגס־רעדע" האָט מינצער אָנגעוויזען „וויפיל צביעות עס ליגט
אין אָט דעם ווערק. לוטער'ס פייערדיגסטער וואונש איז געווען
צו צווינגען מינצער'ן איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַנטשוויגען צו
ווערען.

מינצער איז געווען אַזוי פּורכטלאָז, אַז ער האָט אָנגענומען
די איינלאַדונג קיין וויימאַר און איז אַהין געקומען דעם ערשטען
אויגוסט. דער הערצאָג יאָהאַן האָט געפירט זיין פאַרהער, נאָר

*) דער אַלגעמיין־אָנגענומענער דאַטום — דער 21־טער אויגוסט —
איז ניט ריכטיג. זעה מערקס, ז. 39, באַמערקונג.

האָט אים דערוווייל אָפּגעלאָזט אומבאַשעדיגט: „ווייל עס איז געווען פעכטגעשטעלט, אַז ער פלעגט רופען דאָס פאָלק זיך צו פאַראייניגען און האָט געטאָן נאָך אייניגע אַנדערע טאַקטלאָזע זאַכען, האָט דער הערצאָג געוואָלט זיך אויס'עצה'ן מיט דעם קורפירשט וועגען די מיטלען, וואָס מען דאַרף נעגען אים אָננעמען", „און אים וועט מען אין גיכען דערקלערען וואָס זייער פירשט־ליכער גנאַדען וועט באַוויליגען צו באַשליסען". ביז יענער צייט האָט מינצער געדאַרפט זיין רוהיג.*)

מינצער אָבער האָט ניט אָנגעהויבען צו וואַרטען אויפ'ן אור־טייל פונ'ם קורפירשט. זיין לאַגע אין אַלשטעדט איז געוואָרען אומזיכער: דער שטאָט האָט געדראָהעט די אומפריינטליכקייט פון די פירשטען, און דער שטאָט־ראַט האָט זיך איצטער ארויס־געזאָגט געגען מינצער'ן. דעמאָלט איז ער אַנטלאָפען (אין דער נאַכט פון דעם 7־טען אויפ'ן 8־טען אויגוסט). ער אַליין דער־צעהלט אין זיין „פאַרטיידיגונגס־רעדע": „ווען איך בין צוריק־געקומען פון דעם פאַרהער אין וויימאַר, האָב איך געקלערט צו פּרעדיגען גאָט'ס צאָרנדיג וואָרט: דעמאָלט זיינען געקומען די מיטגלידער פון דעם שטאָט־ראַט און האָבען מיך געוואָלט אויס־געבען צו די גרעסטע פיינט פון דעם עוואַנגעליום. דערהערט אָט־דאָס, האָב איך שוין לענגער ניט געקענט דאָרטען פאַרבלייבען; איך האָב אָפּגעטרייסעלט דעם שטויב פון מיינע פיס, ווייל איך האָב דערזעהן מיט מיינע אייגענע אויגען, אַז די שבועה און פליכט זיינען ביי זיי אַ סך חשוב'ער, ווי גאָט'ס וואָרט".

דער קליינמוטיגער רענעגאַט מעלאַנכטאָן האָט דאָ, ווי אור־מעטום, געזוכט אַרויפוואַרפען אויף מינצער'ן אַ חשד אין שרעק־עדיגקייט. „דאָ האָט טאָמאַס גאָר פאַרגעסען זיין גאַנצען מוט, איז אַנטלאָפען און זיך באַהאַלטען אַ האַלב יאָר בסדר".

אויף ווי ווייט מינצער'ס אַוועקגעהן פון אַלשטעדט איז אָפּ־געהאַנגען פון שרעקעדיגקייט, און ווי ווינציג ער האָט געקלערט זיך צו באַהאַלטען קען עדות זאָגען דער פאַקט, וואָס גלייך פון אַלשטעדט האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ נייעם קריגס־פּלאַץ.

---

*) מערקס, ז. 41.

קיין מילהויזען, וואו מיר טרעפען אים שוין דעם 15־טען אוי־גוסט. אין דעם פאל איז דאס שוין ניט קיין טעות פון מעלאנ־כטאנ׳ס זייט, נאר פשוט א ב א וו א ו ס ט ז י נ י ג ע ר ל י ג ע ן, ווייל אינ׳ם יאר 1525 האט ער נאך זעהר גוט געמוזט געדיינקען דעם שרעק, וואס האט ארומגעכאפט לוטער׳ן און זיינע פריינט אין אויגוסט פונ׳ם יאר 1524, בעת זיי האבען זיך דער־וואוסט, אז מינצער איז אוועק קיין מילהויזען.

לוטער האט גלייך אנגעשריבען א בריף צו די איינוואוינער פון מילהויזען און זיי פארגעלעגט ארויסצוטרייבען מינצער׳ן — לאז, זאגט ער, דער שטאט־ראט אים רופען און פרעגען, ווער עס האט נאך אים געשיקט צו פרעדיגען: „אויב ער וועט דעמאלט זאגען, אז געשיקט האט אים גאט און דער הייליגער גייסט, ווי די אפאסטאלען, דאן זאל ער דאס באווייזען מיט ו ו א ו נ ד ע ר א ו ן נ ס י ם; אבער דערלויבט אים ניט צו פרעדיגען, ווייל דארט ווי גאט וויל ענדערען דעם סדר־העולם, ווייזט ער עס אן שטענדיג מיט וואונדער און מיט נסים״ *).

די ענערגישע אנפאלען פון לוטער׳ן אויף דעם קאמוניסטישען אגיטאטאר האבען געהאט א גרינטליכע אורזאך. אויסער דעם, וואס די סמנים פונ׳ם אויפשטאנד, וואס האט זיך דערנעהענטערט, האבען זיך געהאלטען אין איין פארמערען, איז מינצער אין מיל־הויזען געוועזען א סך געפערליכער, ווי אין אלשטעדט. מילהויזען איז געוועזען גרעסער פון אלשטעדט, געהאט אומגעפער זעקס טוי־זענט איינוואוינער און האט געהערשט אויף א באצירק פון א צוויי־הונדערט און צוואנציג קוואדראט־קילאמעטערס**). דער האנט־ווערק און האנדעל האבען דארט געבליט; ספעציעל זיינען דארט שטארק געוועזען אנטוויקעלט די ט ו ך־וו ע ב ע ר י י א ו ן ד ע ר־ה א נ ד ע ל. „אין מילהויזען האט מען געוועבט זעהר א סך געוואנט, און דער עקספארט קיין רוסלאנד און אין אנדערע מזרח־לענדער האט אין דער שטאט געבראכט זעהר פיל שפע״. (האלעטי, „געשיכטע טירינגענס״, 4, ז. 91). נאר מילהויזען

*) לוטער, „זאמטליכע ווערקע, 19, ז. 226.
**) מערקס, ז. 48.

איז געווען ניט נאָר רייך און שטאַרק, נאָר אויך אומאָפּהענגיג פון די זאַקסישע פירשטען. דאָס איז געווען איינע פון די ווינציגע קייזערליכע שטעט פון טירינגען, וואָס האָבען נאָך איינגעהיט זייער אומאָפּהענגיגקייט. ווען אַט די שטאָט וואָלט געווען אריינ־געפאַלען אין די הענט פון די קאָמוניסטישע פאַנאַטיקער, וואָלטען זיי באַקומען אַ שטיץ־פּונקט, וואָס וואָלט זיי געמאַכט זעהר גע־פערליך.

די באַדינגונגען פון דעם אינערליכען שטאָטישען לעבען זייי־נען געווען גינסטיג פאַר אַן אויפשטאַנד. די שטאַרקע פאַרשפּריי־טונג פון דער וואָל־וועבעריי פאַר דעם עקספּאָרט האָט געמוזט באַ־שאַפען אַ גינסטיגען באָדען פאַר רעוואָלוציאָנערע און קאָמוניסטישע שטרעמונגען. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער אומשטאַנד, וואָס אין מילהויזען „האָט געבליט אַ ווילקירליכע אריסטאָקראַטישע אדמיניסטראַציע: אין אַט־דער פרייער קייזערליכער שטאָט זיי־נען מער ניט געווען, ווי זעקס־און־ניינציג מענשען, וואָס זיינען באמת געווען פרייע בירגער. דאָס זיינען געווען די מיטגלידער פון דעם שטאָט־ראַט, וועלכע פלעגען אויסגעפילט ווערען לויט זייער אייגענעם אויסוואַל, און נאָר פון די פּאַט־ריציער*).

דערפאַר האָבען זיך אין מילהויזען געבונטעוועט ניט נאָר דער שטאָטישער פּראָלעטאַריאַט, די באַפעלקערונג פון די פאַרשטעטלאַך און פון די ארומיגע דערפער, וואָס זיינען אָפּגעהאַנגען פון שטאָט, נאָר אויך די צעך־האַנט־ווערקער, וועלכע האָבען אין אנדערע ער־טער געהערט צו די פּריווילעגירטע קלאַסען. עס איז קיין חדוש ניט וואָס די רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג האָט אין מילהויזען ארויסגערופען אַ גאַנצע רייע עקשנות'דיגע אויפשטאַנדען פון די בירגער נעגען דער הערשאַפט פון די פּאַטריציער.. דער פירער פון פאָלק אין אַט־דעם קאַמף איז געווען הענריך פּפייפער, אַ מאָ־נאַך, וואָס האָט פאַרלאָזען, ווי אַ סך אנדערע אין יענער צייט, זיין מאָנאַסטיר. פּפייפער איז געווען דער פירער פון דעם אָפּאָ־

---

*) צימערמאַן, „באַוערנקריג", 1, ז. 191. ביי צימערמאַנ'ען אין די הענט האָט זיך געפונען אַ רייע וויכטיגע אויספאָרשונגען פון דעם שטאָט־ארכיוו פון מילהויזען.

זיציאָנעלען טייל פון די פּארמעגליכע בירגער, צעך־האַנט־ווערקער און סוחרים, אויף ווי ווייט די לעצטע האָבען ניט געהערט צום פּאַטריציאַט. נאָר די פּאַטריציער זיינען געוועזן צו שטאַרק אין מילהויזען, אַז פּפייפער זאָל זיך געוועזן קענען באַגעהן אָהן דער הילף פון די פּויערים און פּראָלעטאַריער. דערפאַר האָט ער זיך געווענדעט צו זיי און האָט זיי גערופען צום קאַמף געגען דער אריסטאָקראַטיע.

פּפייפער האָט געהאַט נאָך אַ פּאַרטיידיגער, די זאַקסישע פירשטען, וועלכע האָבען שוין לאַנג געגאַרט צו פּאַרכאַפּען די שטאַרקע קייזערליכע שטאַט, און וועמען די אינערליכע אומרוהען אין שטאָט האָבען זיך אויסגעצייגט צו זיין פאַר זיי גינסטיג*). דערזעלביגער הערצאָג יאָהאַן פון זאַקסען, וועלכער האָט שפּעטער, ווען פּפייפער איז פאַר אים געוואָרען אומבאַקוועם, אים געהרגעט, האָט זיך איצטער באַצויגען צו זיין אויפשטאַנד גאַנץ פריינטליך.

ניט געקוקט אויף אָט־די אַלע געגנער, האָט דער שטאַט־ראַט פון מילהויזען דאָך געהאַט, וואַרשיינליך, אַ סך אָנהענגער אין שטאָט, ווייל די דעמאָקראַטען האָט זיך ניט איינגעגעבען זיך צו דערשלאָגען צו אַ זיכערען ערפאָלג. אינ'ם יאָר 1523 האָט פּפייפער מיט זיינע אָנהענגער צום ערשטען מאָל געוואונען אַ קאַמף; די פרוכט פון אָט־דעם קאַמף זיינען אריין נאָר אין די הענט פון די פּאַרמעגליכע בירגער, ווייל נאָר זיי האָבען געקראָגען דאָס רעכט אַן אַנטייל צו נעמען אין דער שטאָטישער פירונג; דער פּראָלעטאַריאַט און די קליינע האַנט־ווערקער פון די פאָרשטעטלאַך, ספּעציעל אָבער די פּויערים, האָבען דערפון גאָר ניט געוואונען.

עס איז אומבאַקאַנט, צי דאָס האָט ארויסגערופען אַן ענדערונג אין דער שטימונג פון די נידעריגסטע קלאַסען, צי ניין. זיכער איז נאָר, אַז דעם שטאָט־ראַט האָט זיך אין גיכען איינגעגעבען צו פאַרטרייבען פּפייפער'ן, און דער הערצאָג יאָהאַן פון זאַקסען האָט אומזיסט זיך משתדל געווען, אַז מען זאָל אים צוריק ארייַנלאָזען. פונדעסטוועגען טרעפען מיר אים אין גיכען ווידער אין מילהויזען, אין אַ ביטערען קאַמף געגען דעם שטאָט־

*) פאַרגל. צימערמאַן, א. צ. 1, ז. 194.

ראט, דערביי איז דאָס גליק געווען אַט אויף איין זייט, אַט אויף דער צווייטער. אין דעם סאמע ברען פון אַט דעם קאמף איז מינצער געקומען קיין מילהויזען. דער שטאָט־ראט איז דעמאָלט געווען צו מאכטלאָז אויסצופאָלגען לוטער'ס פאָרשלאָג, הגם ער וואָלט אים מיט חשק געווען דורכגעפירט. „כאָטש דער ווירדיגער ראט איז מיט אים אזוי ווייניג געווען צופרידען, ווי מיט פפייפערען, נאָר דער המון האָט זיך פאר אים איינגעשטעלט. און דוקא אין אַט־דער צייט האָט ער מיט זיין ארויסהעלפער פפייפער ארויסגערופען איין בונט נאָך דעם אנדערן*).

פונקט אין אַט־דער צייט זעהען מיר, אז פפייפער'ס פארטיי טוט זיך א רוק לינקס. זי שטעלט ארויס פאָדערונגען אויך פאר די פויערים און פאר די איינוואוינער פון די פאָרשטעטלאך, און געווינט דעם קאמף דעם 27טען אוגוסט 1524. צי מינצער איז אין אַט דער איבערקערעניש אויך געווען פארמישט און אויף וויפיל — קען מען פינקטליך ניט באשטימען.

נאָר איצטער, ווי ווארשיינליך שוין אינ'ם יאָר 1523, איז צווישען די זיגער ווידער פאָרגעקומען א שפאלטונג. דעמאָלט זיינען געבליבען אומבאפרידיגט די איינוואוינער פון די פאָרשטעטלאך און די פויערים, איצטער האָבען די בירגער, האנטווערקער און סוחרים זיך אָנגעפאנגען צו שרעקען פאר די פויערים און פראָלעטאריער, וועמעס מוט עס האָט זיך ניט פארקלענערט מיט מינצער'ס אָנקומען. די בירגער זיינען אריבער אויף דער זייט פון דעם שטאָט־ראט, און שוין דעם 25טען סעפטעמבער האָבען מינצער און פפייפער געהאט א מפלה. מינצער'ן האָט מען ארויסגעטריבען, און באלד נאָך אים איז אויך געגאנגען א גאנג פפייפער.

מינצער האָט זיך אוועקגעלאָזט קיין דרום־דייטשלאנד, נאָכפאָלגענדיג דאָ דעם ביישפּיל פון די זאקסישע פאָליטישע גלות־אָפריכטער, למשל, פון קארלשטאדט'ן, וועמען לוטער האָט געצוואונגען ארויסצוטרייבען דערפאר, וואָס אין דער צייט פון אן אגיטאציאָנס־רייזע, וועלכע ער האָט אונטערנומען געגען קארל־

*) יאָהאן בעכערער, „נייער טירינגישע כראָניקא", מילהויזען 1601, ז. 473.

שטאדט'ן, האָבען אים די איינוואוינער פון אָרלאמונד אויפגענומען זעהר שלעכט. אָבער אויך איצטער האָט מינצער'ס אוועקגעהן ניט געמיינט זיין דערוויטערונג פון דער באוועגונג, אָדער אפילו זיין צייטווייליגען אָפּרו. ער איז, וואַרשיינליך, גוט באַקאַנט געווען מיט די געשעהענישען, וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרען אין דרום־דייטשלאַנד, ווייל דייטשלאַנד, לכל־הפּחות מיטעל־ און דרום־דייטש־לאַנד, איז דעמאָלט געווען באַדעקט מיט אַ נעץ פון מער אָדער וועניגער געהיימע רעוואָלוציאָנערע געזעלשאַפטען, וואָס האָבען צווישען זיך געהאַט אַ שטענדיגען פאַרקער. אַ ספּעציעל גרויסע צאָל פון וואַנדערענדע אַגיטאַטאָרס האָבען ארויסגעגעבען די קאָמוניס־טישע סעקטען; אָט־די אַגיטאַטאָרס האָבען, ווי אין ענגלאַנד אין די צייטען פון דזשאָהן באָל, אויך איצטער אין מיטעל־ און אין דרום־דייטשלאַנד, אונטערגעהאַלטען אַ שטענדיגען פאַרקער צווישען די פאַרשיידענע פאַרבאַנדען. מיר ווייסען שוין, אַז מיט דעם אַנטשטעהן פון דער סעקטע וואַלדענזער האָבען די „פאַרטרויאונגס־מענשען" פון די קאָמוניסטען, די „אַפּאָסטאָלען", די „בעטלער־גלחים" געהאַלטען אין איין ארומוואַנדערען. די אַנטוויקלונג צווישען די פּועלים פון דעם מנהג צו וואַנדערען פון אָרט צו אָרט, האָט געמאַכט דעם בונד צווישען די פאַרשטעהער פון אָט די שיכטען פון דער באַפעלקערונג אַ סך שטאַרקער, ווי אין יעדער אַנדער שיכט פון דער געזעלשאַפט. „אַלע וואַנדערענדע האַנט־ווערקער, וואָס האָבען געהערט צו אָט־די געזעלשאַפטען, די מייסטערס, ווי די פּויעלים, זיינען געוואָרען אַפּאָסטאָלען. *)

און מינצער, בעת ער האָט זיך אוועקגעלאָזען קיין דרום־דייטש־לאַנד, איז אויף אַזאַ אופן, וואַרשיינליך, גוט געווען באַהאַוועגט אין דער דאָרטיגער לאַגע; ער האָט געמוזט ווייסען, אַז דאָרטען שמעקט אומעטום מיט פּולווער; ער האָט, וואַרשיינליך, אויך גע־וואוסט, אַז די פּויערים האָבען (ענדע אויגוסט) שוין אין שטילינ־גען פּאַקטיש געמאַכט אַן אויפשטאַנד, און אַז אויף דעם שווייצאַ־רישען גרענעץ האָט ער זיך געהאַלטען שנעל אין צוואַוואַקסען. דאָס

---

*) ס. א. קאַרנעליוס, „געשיכטע דעם מינסטערישען אויפרוהרס", לייפּציג, 1860, 2, ז. 41.

איז שוין געווען פאַר מינצער'ן אַ גענוגענדער מאָטיוו, אַז ער זאָל אַהין אוועק, ווי נאָר יעדע פּאָליטישע טעטיגקייט איז פאַר אים געוואָרען אוממעגליך אין זאַקסען, ביז עס וועלען ניט פאָרקומען קיין ענדערונגען אין דער רעגירונג.

אין נירענבערג איז מינצער פאַרבליבען נאָר אַ קורץ שטיקעל צייט און כלל ניט צוליב דעם, אַז ער זאָל דאָרטען ארויסרופען אַן אויפשטאַנד, ווי עס קלערען אַ סך מענשען. ער וואָלט, אגב, גע־קענט געווען אָפּזוכען גענוג נאָכפאָלגער אין אָט־דעם אַלטען צענטר פון דער בעגאַרדישער באַוועגונג, אין אָט דער קייזערליכער שטאָט, וועמעס פאַטריציאַט איז געווען אַזוי אומצוטרויליך און ווילקירליך, אַז ער האָט אפילו פאַרבאָטען די צעך־אָרגאַניזאַציעס פון די האַנט־ווערקער. *). מינצער איז דאָרט געבליבען נאָר צוליב דעם, כדי ער זאָל געהיים אָפּדרוקען זיין ווערק; אים האָט זיך געדוכט, אַז די אומשטאַנדען זיינען ניט גינסטיג פאַר קיין אויפשטאַנד.

זיין פאַרוויילען אין נירענבערג האָט מינצער אַליין אמבעסטען כאַראַקטעריזירט אין אַ בריף צו כריסטאָף נ.'ען פון עיסלעבען.**) ווי טרויעריג זיין לאַגע איז דעמאָלט געווען, צייגט דער פאָלגענדער אויסצוג פון אָט דעם בריף: „אויב איר קענט, העלפט מיר מיט עפּעס; נאָר אויב דאָס וועט אייך פאַראיינגען, וויל איך ניט אפילו קיין פּרוטה". עס איז קלאָר, אַז מינצער איז אין אַלשטעדט און אין מילהויזען ניט רייך געוואָרען... ווייטער שרייבט ער: „איך האָב ארויסגעלאָזט אין נירענבערג אַ בוך, וואָס אנטהאַלט מיין לערע, און זיי האָבען זיך געוואָלט אויספּיינען פאַר רוים, און דער־פאַר עס פאַרהאַלטען; איך בין איצט ארויס פון בלבול . . . איך וואָלט געקענט געווען אָפּשפּילען אַ פיין שטיקעל אין נירענבערג, ווען איך זאָל געווען וועלען ארויסרופען, ווי מען האָט מיך באשולדיגט, אַן אויפשטאַנד; נאָר איך וועל באַווייזען אַלע מיינע געגנער, אַז דאָס איז ניט אמת, און זיי וועלען מיר ניט קענען אָפּענטפערען. אַ סך נירענבערגער האָבען מיר געראָטען צו פּרעדיגען, נאָר איך

*) שענלאַנק, „סאָציאַלע קעמפּפע פאַר דריי הונדערט יאָרען", ז. 5 און ווייטער.

**) אָפּגעדרוקט אין דער זאַמלונג פון לוטער'ס ווערק, צווישען זיינע ווערק געגען מינצער'ן און די אויפשטעהענדע פּויערים, 19, ז. 245.

האָב זיי געענטפערט, אַז איך בין געקומען ניט צוליב דעם, נאָר כדי צו ענטפערען מיט אַ געדרוקטען וואָרט. ווען זיי האָבען זיך וועגען דעם דערוואוסט, האָבען זיך ביי די זיי קעפּ אָנגעפאַנגען צו דרעהען. זיי געפעלט אַ שעהנער לעבען, דער שוויים פון דעם האַנטווערקער איז זיס, נאָר אָט די זיסקייט קען ביטער ווערען, ווי גאַל. דאָ ווע̇לען ניט העלפען קיין סברות, קיין ארויסדרעהענישען, דער אמת מוז אויפגעדעקט ווערען; עס וועט זיי ניט העלפען, וואָס זיי ציטירען פערזען פון דעם עוואַנגעליום; מענשען זיינען הונגעריג, זיי ווילען עסען".

מיט אָט־די ווערטער ענדיגט זיך דער בריף.

די רעזולטאַטען פון זיין פאַרווייל̇ונג אין נירענבערג ווערען בקיצור איבערגעגעבען דורך דעם אַלטען כראָניקער יאָהאַן מילנער (ציטירט ביי שטראָבעל'ן ז. 64): „אַ דרוקער אין נירענבערג האָט געוואגט ארויסצוגעבען דאָס מיאוס'ע ביכעל פון טאָמאַס מינצער; דער שטאָט־ראַט האָט ביי אים צוגענומען די גאַנצע אויסגאַבע און איינגעזעצט דעם פועל, וואָס האָט אָפּגעדרוקט דאָס ביכעל אָהן לוטער'ס וויסען, אין תפיסה".

אַלס צוגאַב דערצו האָבען לוטער און זיינע נאָכפאָלגער סיסטעמאַטיש פאַרשוויגען אָט דאָס ווערק און קיינמאָל וועגען דעם אַ וואָרט ניט דערמאָנט; וועגען אַן ענטפער אויף דעם איז, פאַרשטעהט זיך, קיין רייד ניט געווען, הגם, אָדער אפשר, גראָד דערפאַר, וואָס עס האָט אנטהאַלטען די שאַרפסטע אָנפאַלען אויף לוטער'ן און אויף די פירשטען.

אויב די נירענבערגער און לוטער מיט זיינע נאָכפאָלגער האָבען געקלערט עפּעס צו געווינען דורך דער קאָנפיסקאַציע אָדער דורך פאַרשווייגען אָט דאָס ווערק, האָבען זיי זיך שטאַרק טועה געווען, ווי עס האָבען ביז דער היינטיגער צייט געמאַכט און מאַכען נאָך איצטער דעם טעות אַלע שטאַטסלייט, וואָס האָבען זיך געהאַלטען ביי אָט דער פּאָליטיק. דעם אַל־קלוגסטען ראַט האָט זיך איינגעגעבען צו פאַרכאַפּען ניט אַלע עקזעמפּליארען; דאָס ווערק איז פאַרשפּרייט געוואָרען ניט נאָר פאַר דעם פויערים־קריג, — אַפילו ביז היינטיגען טאָג זיינען נאָך פאַרבליבען עקזעמפּליאַרען פון אָט דעם פּאַמפּלעט, ניט קוקענדיג אויף די ברוטאַלע פאַרפאָלגונגען פון

אַלע רעוואָלוציאָנערע ווערק, וואָס האָבען געבושעוועט נאָך דעם פויערים־קריג. אַט דאָס ווערק איז אַ „פעסט־באַגרינדעטע שוץ־רעדע" אין אַ שאַרפען טאָן פון חוזק איבער דער חניפה פון די דעמאָלסטיגע געלערנטע אויסטייטשער פון די הייליגע שריפטען. אין דאָס ווערק געווידמעט „דעם לויטערסטען ערשט־געבאָרענעם פירשט און אַלמעכטיגען האַר יעזוס קריסטוס, דעם גנעדיגען מלך־מלכי המלכים, דעם מוטיגען פירער פון אַלע גלויביגע, מיין אַל־גנעדיגסטען האַר און זיכערען באַשיצער און זיין פאַרטרויערטער איינציגער כלה, דער אָרימער קריסטליכער קירך".

נאָך אַ רייע אָנפאַלען אויף לוטער'ן, „אויף דאָקטאָר לודיבריא" און אויף די געלערנטע אויסטייטשער פון די הייליגע שריפטען, דערמאָנט ער, אַז אין אַלשטעדט האָט ער געהאַט פאָרגעלעגט די פירשטען זיך נעמען צו דער שווערד, כדי צו פאַרטיידיגען דאָס עוואַנגעליום. „ניט קוקענדיג דאַרויף, קומט אַרוים מחותן „לייזע־טרעטער" — לוטער, אָט דער עניו, און זאָגט, אַז איך וויל אַרויס־רופען אַן אויפשטאַנד, אין וואָס ער האָט זיך איבערצייגט פון מיינס אַ שריפט צו די מינען־אַרבייטער. זאָגען זאָגט ער נאָר דעם עקר, דאָס אומוויכטיגסטע פאַרשווייגט ער; ער פאַרשווייגט, אַז איך האָב גאַנץ קלאָר דערקלערט די פירשטען, אַז אַ גאַנצע גע־מיינדע האָט די מאַכט אויפצוהויבען די שווערד און באַזיצט דעם שליסעל צו מחילה; דער־מאָלט האָב איך געזאָגט, לויט'ן טעקסט פון דניאל קאַפּ. ז., „פון די אַפּאַקאַליפּסען קאַפּ. 1" און לויט'ן שריפט צו די רוימער, אַז די פירשטען זיינען ניט קיין הערשער נאָר דינער פון דער שווערד (פון דער געזעלשאַפטליכער מאַכט), זיי מוזען טאָן ניט וואָס זיי ווילען, נאָר האַנדלען על פּי יושר. אַט דערפאַר דאַרף דאָס פאָלק, לויט דעם אַלטען גוטען מנהג, אַנוועזענד זיין, בעת מען משפּט עמיצען מיט גאָט'ס געזעץ. צוליב וואָס־זשע איז דאָס אַזוי? צוליב דעם, אַז אויב די אויטאָריטעטען זאָל זיך פאַרגלוסטען אַרויסטראָגען אַ פאַלשען אורטייל (ישעיה קאַפּ. ו), דאַרפען די אַנוועזענדע קריס־טען אים ניט אַנערקענען און אים ניט דערלאָזען אויספירען, ווייל גאָט וועט פאָדערען אַ חשבון פאַר דעם אומשולדיגען בלוט (תהלים קאַפּ. ע"ח). דאָס שרעקליכסטע אויף דער וועלט איז, וואָס קיי־

נער זוכט קיין תרופה ניט צו דער אומגליקליכער אָרימקייט, די רייכע טוען וואָס זיי ווילען... זעהט! די הויפּט שטיצע פון וואוכעריי, גנבה און רויבעריי זיינען אונזערע הערשער און פירשטען. זיי האָבען פאַרוואַנדעלט אין זייער אייגענטום יעדע לעבעדיגע באַשעפעניש. די פיש אין וואסער, די פויגעל אין דער לופט, די פלאַנצען אויף דער ערד, צו זיי געהערט אַלץ (ישעיה, קאַפּ. ה׳). און נאָכדעם פאַרשפּרייטען זיי צווישען די אָרימע גאָטס געבאָט און זאָגען: גאָט האָט געזאָגט: זאָלסט ניט גנב׳ענען; אָבער אליין פאָלגען זיי דאָס ניט. און אזוי דריקען זיי אַלע מענשען, זיי באַראַבעווען אַלע לעבעדיגע, די אָרימע ערד־ארבייטער און האַנטווערקער (מיכא קאַפּ. 3). אָבער, ווען אַ מענש נעמט צו די נישטיגסטע זאַך, הענגט מען אים דערפאַר, און „דאָקטאָר ליגנער״ (לוטער) מורמעלט אונטער: אָמן. אָט די הארען רייצען אליין אויף קעגען זיך די אָרימע מענשען, זיי ווילען ניט באזייטיגען די אורזאַך פון אויפשטאַנד, און דערפאַר איז קיין דויערנדע רוהיגקייט ניט מעגליך. פאַר אָט די ווערטער רופט מען מיך בונטאָוושטשיק; איך פאַרגין זיי דאָס״.

ווייטער פּאָלעמיזירט מינצער מיט לוטער׳ן, וועמען ער באַשולדיגט, אגב, אין קנאה צו זיך דערפאַר, וואָס ער האָט פריער פאַר אים איינגעפירט די דייטשע גאָטעס־דינסט (מיר האָבען דעם אויסצוג ציטירט שוין פריער). ער באווייזט לוטער׳ן, ווי היפּאָקריטיש יענער איז, בעת ער האַלט אין איין באשטעטיגען, אז ער קעמפט געגען מינצער׳ס טאַטען, און ער האָט גאָר ניט אויסצוזעצען געגען זיין פרעדיגען. „די בתולה מאַרטין״, „די צניעות׳דיגע בבל־ווייב פאַרשעלט ניט מינצער׳ן, זי מסר׳ט אים נאָר אונטער. מינצער שפּעט אָפּ פון לוטער׳ן, וואָס האַלט פאַר זיך זיין מאַרטירערטום אַלס גרויס פאַרדינסט: „מיך וואונדערט זעהר, ווי אזוי דער אויסגעדאַרטער מאָנאַך טראָגט איבער אַזעלכע שרעקליכע פאַרפאָלגונגען, זופּענדיג דעט גוטען מאַלוואַזיע־ווײַן אין אַ שאַנד־הויז״. נאָך מער ווי אָט די באַרימעריי מיט׳ן מאַרטירערטום ביי אַ פרעהליך און רוהיג לעבען, איז עקעלהאַפט לוטער׳ס חניפה און זיין קנעכטישקייט. „די אָרימע מאָנאַכען, גלחים און סוחרים קע־

נען זיך ניט פאַרטיידיגען, דערפאַר איז דיר ניט שווער זיי צו זיד־
לען. אָבער די גאָטלאָזע הערשער טאָר קיינער ניט אורטיילען,
הגם זיי טרעטען קריסטוס'ן מיט די פיס". דערביי פעלט לוטער'ן
ניט אוים דער חשק צו ווערען אַ דעמאַגאָג, כדי ניט קאַליע מאַכען
די באַציהונגען מיט די פויערים. די באַרימעריי מיט זיין מוט,
איז פשוט לעכערליך. ניט אין לייפּציג, ניט אין וואָרמס האָט ער
מיט עפּעס ריזיקירט (מיר האָבען אויבען ציטירט דעם אויסצוג,
וואָס באַרירט וואָרמס). דאָס איבעריגע אנטהאַלט, אחוץ דער מיט־
טיילונג וועגען מינצער'ס אָפּפאָרען פון אַלשטעדט, אַ קרעפטיגע
זידלעריי אויף לוטער'ס חשבון אינ'ם סטיל, וועלכען לוטער האָט
אַליין אויך ליב געהאַט: „שלאָף רוהיג, טייערע בהמה; איך וועל
זיך מיט פאַרגעניגען באַקענען מיט דיין גערוך, ווען דו וועסט שוין
זיין אָפּגעפּרעגעלט דורך גאָט'ס צאָרן אויפ'ן פייער, אין אַ טעפּעל
אָדער אויף אַ פאַן אין דיין אייגענעם זאַפט, דער רוח זאָל דיך
כאַפּען. דו אייזעל־קערפּער, דו וואָלסט זיך אויסגעפּרעגעלט לאַנג־
זאַם און וואָלסט געווען אַ גראָבער מאכל פאַר דיינע פאַנאַטיקער".
אריינגעשאָסען אָט די גיפטיגע פייל אין זיין געגנער, האָט
מינצער פאַרלאָזט נירענבערג און זיך אַוועקגעלאָזט צום שווייצאַ־
רישען גרענעץ, וואו ער האָט פאַרבראַכט דעם ווינטער. וועגען זיין
דאָרטיגער פאַרווייִלונג ווייסט מען גאָרניט. לויט קאַכלעאוס'ן, זאָל
ער כלומר'שט האָבען דערגאַנגען אין זיינע רייזעס ביז האַלל אין
טיראָל; דאָס איז געווען אַ מעטאַלורגישער באַצירק, וואָס איז
שפּעטער געוואָרען איינער פון די צענטרען פון דער אנאַבאַפּטיס־
טישער באַוועגונג. אַ סך מענשען האָבען געקלערט, אַז מינצער
איז געווען דער פאַרפאַסער פון די באַוואוסטע צוועלף טעזיסען,
אין וועלכע די אויפשטעהענדע פויערים האָבען פאָרמולירט זייערע
פאָדערונגען. אייניגע האָבען אפילו באַהויפּטעט, אַז ער האָט
ארויסגערופען דעם דרום־דייטשען אויפשטאַנד. די לעצטע צוויי
מיינונגען זיינען אַבסאָלוט ניט ריכטיג. דאָס זעלביגע קען מען,
וואַרשיינליך, זאָגען וועגען קאַכלעאוס'עס מיטטיילונג.
מינצער אַליין זאָגט אין זיין „וידוי" וועגען זיין פאַרווייִלונג
ביים שווייצאַרישען גרעניץ נאָר דאָס פאָלגענדע, וואו ער גיט, וואַר־
שיינליך, איבער די וויכטיגסטע מאָמענטען פון זיין דעמאָלסטיגער

טעטיגקייט: „אין קלעטגוי און אין געגוי, נעבען באזעל, האָט ער אַנגעוויזען אייניגע מעזיסען פון דעם עוואַנגעליום פאַר דער ליי־טונג, ווי אַזוי מען דאַרף האַנדלען; פון זיי האָבען אַנדערע מענ־שען אויסגעפירט די איבעריגע טעזיסען. זיי וואָלטען אים מיט פאַרגעניגען געוועזען אָפּגעהאַלטען ביי זיך, נאָר ער האָט זיך אָפּגע־זאָגט; קיין אויפשטאַנד האָט ער דאָרט ניט אַרויסגערופען, ווייל ער האָט זיך אָנגעפאַנגען נאָך פאַר זיין קומען. עקאָלאָמפּאַדיוס און הוגאָ וואַלדוס האָבען אים פאַרגעלעגט פרעדיגען צום פאָלק; האָט ער דאָס געטאָן."

אויף אַזאַ אופן האָט ניט מינצער פאַרפאַסט די באַוואוסטע צוועלף טעזיסען, נאָר ער האָט געווירקט אויף זייער אַנטשטעהונג. ער האָט געקוקט אויף זיין פאַרווײַלונג אין אָט דעם געגענט, ווי אויף אַ צייטווייליגער, אָבער לעדיג איז ער ניט געזעסען, ער האָט אַגיטירט. ער אַליין זאָגט, אַז ער האָט „געפרעדיגט צום פאָלק", נאָר, לויט בולינגער'ס אויסדרוק, האָט ער „געזייהט די גיפטיגע קערנער פון דעם פויערים־אויפשטאַנד".

טאַקע אָט דאָ, אויף דעם שווייצארישען גרעניץ, האָט מינצער געהאַט די געלעגענהייט זיך צו באַגעגענען מיט די פירער פון די שווייצארישע אַ נ אַ ב אַ פּ ט י ס ט ע ן. הגם מינצער'ס באַצי־הונגען צו די לעצטע איז זעהר כאַראַקטעריסטיש פאַר זיי, פונ־דעסטוועגען האָבען זיי אַ זעהר קליינע באַדייטונג פאַר דער אויפ־קלערונג פונ'ם כאַראַקטער פון דעם טירינגענער קאָמוניסט גופא און פון זיין טעטיגקייט. די אויפקלערונג פון אָט די באַציהונגען פאָ־דערט אומבאַדינגט די באַשרייבונג פון דער אַנטשטעהונג פונ'ם אַנאַבאַפּטיזם בכלל. נאָר כדי ניט איבערצורייסען דעם גאַנג פון דער באַשרייבונג, וועלען מיר דאָ פאַרבייגעהן אָט די פראַגע און מיר וועלען זיך אומקערען צו איר אין דעם קומענדען קאַפּיטעל.

## 10. דער פויערים־קריג.

אין אָנפאַנג פונ'ם יאָר 1525, כמעט שוין אין יאַנואַר, האָט מינצער פאַרלאָזט שוואַבען און איז אַוועק קיין טירינגען. ער איז אַהין געגאַנגען סתם, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז עס דערנעהנ־טערט זיך דער אָנפאַנג פון אַן אָפענער באַוועגונג.

פונקט ווי אין ענגלאַנד אין דעם יאָר 1381 האָט זיך דער פויערים־אויפשטאַנד אָנגעפאַנגען אין איין און דעם זעלביגען טאָג, אַזוי איז איצטער צווישען די אויפשטעהענדע פויערים באַשטימט געוואָרען אַלס טאָג פון דער אַלגעמיינער אויפרייסונג דער 2טען אַפּריל, הגם אין אייניגע פלעצער האָט זיך, צוליב דער אומגעדול־דיגקייט פון די אַנטיילנעמער אָדער צוליב דעם דרוק פון די אומ־שטאַנדען, דער אויפשטאַנד אָנגעפאַנגען שוין פריער. דערפאַר קע־נען מיר ניט צווייפלען, אַז דער אויפשטאַנד האָט זיך געשטיצט אויף אַ ברייטער פאַרשווערונג, איז דורך איר געווען אָרגאַניזירט און געלייטעט.

איצטער, בעת דער געהיימער פאַרבאַנד, ווי אומבאַדייטענד עס זאָל ניט זיין די צאָל מיטגלידער, קען בלייבען אומבאַקאַנט דער מאַסע פון דער באַפעלקערונג, אויף וועלכער ער וויל זיך אָנשפאַ־רען, אָבער ער קען זיך ניט אויסבאַהאַלטען פאַר דער רעגירונג, — איצטער איז שוין, וואַרשיינליך, ניטאָ קיין איין ערנסטער רעוואָלו־ציאָנערער טוער, וועמען עס וואָלט איינגעפאַלען צו אָרגאַניזירען אַ גרויסען אויפשטאַנד, וואָס זאָל ארומכאַפּען די גאַנצע נאַציע, דורך אַ פאַרשווערונג. אינ׳ם 14טען און אפילו אין דעם 16טען יאָר־הונדערטען זיינען די אומשטענדען געווען אַ סך גינסטיגער. די פּאָליטישע און שטאַטליכע פּאָליציי איז נאָך ניט געווען שטאַרק אַנטוויקעלט, לכל הפּחות ־צו צפון פון די אַלפּען־בערג, און די פּאָסט מיט אַלע אירע מכשירים איז נאָך קיין רעגירונגס־אינסטיטוציע ניט געהאַט געוואָרען; בריף זיינען נאָך דעמאָלט געווען זיכער ווי אַ הייליגטום; אַלערליי מיטטיילונגען אין וויטערע געגענטען פלעגען איבערגעשיקט ווערען דורך ספּעציעלע שלוחים, און די „פעלד־פּאָסט" פון די רעוואָלוציאָנערען האָט אויך געאַרבייט, און אַמאָל נאָך שנעלער, ווי די רעגירונגס־פּאָסט. געשעהן איז דאָס הויפּטזעכליך אַ דאַנק די וואַנדערענדע פּועלים און „אַפּאָסטאָלען", אויף וועמעס ראָלע אין דעם באַצוג מיר האָבען שוין אָנגעוויזען.

אָט אַזוי, למשל, האָט מינצער, אפילו אין דער צייט פון דעם פויערים־קריג, ווען ער איז געווען אין מילהויזען, אונטערגעהאַלטען לעבעדיגע באַציהונגען מיט שוואַבען. בולינגער דערצעהלט אין זיין בוך וועגען די אַנאַבאַפּטיסטען: „און הגם ער איז שוין אין

דעם געגענט (אין קלעטגוי) ניט געווען און ער האט זיך שוין געהאט אוועקגעלאזט קיין טירינגען, וואו ער האט געוואוינט אין מילהויזען, האט ער פונדעסטוועגען געשריבען בריף צו זיינע פארטרויטע און האט געהאלטען אין איין צופלאקערען די אומרוהיגע מענשען און בונטעווען זיי געגען זייערע הארען און באאמטע. און פאר דעם אויסברוך פון דעם פויערים־אויפשטאנד אין דעם לאנדגראפטום און אין די ארומיגע לענדער האט ער אהין אוועקגעשיקט א ספעציעלען שליח מיט בריף און צייכנונגען אויף וועלכע עס זיינען געווען אפגעמאלט די גרויס פון די הארמאטען־קוילען און דער קאליבער פון די הארמאטען, וועלכע זיינען שוין געווען אויסגעגאסען פאר די צוועקען פון דעם אויפשטאנד אין מילהויזען. דערמיט פלעגט ער בארוהיגען און ערמוטיגען די צווייפלער.*)

נאר מער פון אלץ איז פאר דעם ערפאלג פון דער פארשווערונג געווען גינסטיג דער אומשטאנד, וואס יעדער מיטגליד פון די נידעריגסטע קלאסען האט געלעבט אין א קליינעם אפגעשלאסענעם קרייז, פון וועלכען ער איז פולשטענדיג אפגעהאנגען אין געזעלשאפטליכען און צום גרויסען טייל אין עקאנאמישען הינזיכט, וועלכער האט געוואוסט זיין גאנץ לעבען און מיט וועלכען ער איז פאלקאמען צוזאמענגעוואקסען געווארען. די מארקגענאסענשאפט און די דארפישע געמיינדע, דער צעך און דער פועלים־פארבאנד פלעגען דעמאלט שאפען דיסציפלין, סאלידאריטעט, אבער אויך א מין אפגעשלאסענקייט פון אנדערע קרייזען; דאס האט א סך ארויסגעהאלפען דער אנטשטעהונג און עקזיסטענץ פון געהיימע פארבאנדען און אויך צו דער אויפהיטונג פון סודות. די צייט, ווען די צעך־סודות האבען אין א משך פון גאנצע יארהונדערטען געקענט בלייבען דאס אייגענטום פון איין צעך, איז אויך געווען די בליהונגס־צייט פון געהיימע פארבאנדען. אט די פארבאנדען האבען ניט נאר פארשפרייט די סעקטאנטישע לערע, — לאמיר דערמאנען די גרובענהיימער, — זיי האבען אויך געפירט צו פאליטישע איבער־

*) „דער ווילדער טאופפערען אורשפרונג, פירגאנג, סעקטען, וועזען, פירנעמען אונד געמיינע אירער לעער ארטיקעל א. ז. וו.“, בוללינגער, צוריך, 1561.

קערענישען אין די שטעט און אין גאנצען לאנד. א סך פון אט די געהיימע געזעלשאפטען האבען באקומען א גרויסע באדייטונג, למשל, „בונדשוה" און „ארמע קאנראד", וועלכע האבען צוגעגרייט דעם פויערים־קריג.

ענדליך, זיינען די פארשווערונגען אין דער רעפארמאציאנס־עפאכע נאך פארלייכטערט געווארען דורך דעם גוואלטיגען אומ־צוטרוי פון די הערשער איינער צום אנדערען. די צושפליטערונג פון דייטשלאנד בכלל האט געשטערט דער פלאנמעסיגער געמיינ־זאמער טעטיגקייט פון די מאכטען פון פארשידענע געגענטען; אט די שווערינקייט איז נאך פארגרעסערט געווארען אין דער צייט פון דער רעפארמאציע, ווען ניט נאר די נידעריגסטע קלאסען האבען זיך אויפגעהויבען, נאר אויך דער גרעסטער טייל פון די העכסטע קלאסען פלעגען ספעקולירען אויף דער רעוואלוציע, און ווען די גייסטליכע פלעגען ניט טרויען די וועלטליכע, די קאטאליקען — די וואנגעליקער און פארקערט. זיי האבען זיך פאראייניגט אין א „רעאקציאנערער מאסע" ערשט דעמאלט, ווען דער חלק איז שוין געלעגען ביי זיי אויפ'ן האלז.

דערפון איז פארשטענדליך, וואס דער אויפשטאנד, וועמעס סמנים עס זיינען שוין געווען בולט אין הערבסט 1524, און וועל־כער איז פלייסיג צוגעגרייט געווארען דורכ'ן ווינטער, איז פאר די הערשענדע קלאסען געווען אן אומגעריכטע זאך, אזוי אז אין אנ־פאנג האבען די בונטאווטשיקעס כמעט אומעטום געקראגען די איבער־האנט.

הגם מינצער האט זיך גערירט פון פלאץ זעהר פרי, האט ער זיך שוין אויפ'ן וועג געהאט אנגעשטויסען מיט די אויפשטעהענדע פויערים. איינמאל האט ער דערפאר שיער ניט טייער באצאלט: אין דעם פולדער באצירק האט מען אים ארעסטירט צוזאמען מיט א מעננע צובונטעוועטע פויערים. דער אלשטעדטער צינזען־אויפ־מאנער, האנס צעיס, וואס האט שטענדיג געהאט גענויע ידיעות וועגען מינצער'ן, האט דעמאלט געשריבען, דעם 22טען פעברואר, צו ספאלאטינען: איך קען אייך מיטטיילען, אז טאמאס מינצער איז געווען אין פולדע, געזעסען דארטען א שטיקעל צייט אין טורמע און דער ארנשטעטער אבבאט האט געזאגט ביי שווארצבורגען, ווען

ער זאָל געווען ווּיסען, אז דאָס איז טאַמאַס מינצער, וואָלט ער אים ניט געווען ארויסגעלאָזט".

אביסעל שפּעטער, דעם 12־טען מערץ, איז שוין מינצער ווי־דער אין מילהויזען, וואוהין פּפייפער איז שוין געהאט געקומען נאָך פריער (אין דעצעמבער). אין עטליכע טעג ארום זיינען זיי, א דאנק דעם ערפאָלגרייכען אויפשטאנד, געוואָרען די הערשער פון שטאָט, כמעט אין דעמזעלביגען טאָג, אין וועלכען, שפּעטער מיט דריי־הונדערט יאָר, אינ'ם יאָר 1848, זיינען די בערלינער איינוואוינער און אינ'ם יאָר 1871 — די פּאריזער איינוואוינער ארוים מיט א זיגרייכען אויפשטאנד (דעם 17־טען מערץ). דער אויבענדער־מאָנטער האנס צעיס האָט וועגען דעם געשריבען ספּאלאטינען, גוואלטיג געלויבט פּפייפער'ן און איגנאָרירט מינצער'ן, נאָר ארויס־ווייזענדיג אין דער זעלביגער צייט א ריכטיגע אָפּשאצונג פון די עלעמענטען, וועלכע האָבען געבראכט דעם נצחון: „איך וואָלט אַ טאָג א גאנצען אייך געקענט דערצעהלען וועגען די ברוטאלע קריגערייען און דעם בונט, וועלכען איינער א פּרעדיגער מיט'ן נאָ־מען פּפייפער און מינצער האָבען ארויסגערופען אין מילהויזען. סוף כל סוף האָט ר" אָמנעם (דאָס פּאָלק) צוגענומען די מאכט ביים ראט. און ער, דער שטאָט־ראט, קען שוין איצטער קיינעם ניט באשטראָפען געגען זיין ווילען, קען גאָר ניט פּארוואלטען, ניט פירען קיין קאָרעספּאָנדענץ, ניט שליסען קיין אָפּמאכען.

„נאָך דעם ווי פּפייפער און מינצער זיינען דורך דעם ראט פּארטריבען געוואָרען, זיינען זיי עטליכע מאָל געווען אין נירענ־בערג, נאָר פּפייפער האָט זיך אומגעקערט און זיך באקלאָגט ארומ־דרעהענדיג זיך איבער די דערפער און איבער דעם אומגעגענד פון מילהויזען, אז מען האָט אים מיט גוואלט ארויסגעטריבען נאָר דערפאר, וואָס ער האָט זיך איינגעשטעלט פאר'ן אמת און האָט געפּרעדיגט און האָט זיי געוואָלט באפרייען פונ'ם שטאָט־ראט, פון אלערליי אויטאָריטעטען און משאות. ער האָט צונויפגעזאמעלט די פּויערים פון אָט־די דערפער, זיי געצוואונגען זיך צו באוואפע־נען און איז מיט זיי אוועק אין א פּאָרשטאָט פון מילהויזען, וואו ער איז ארויסגעטראָטען פאר'ן פּאָלק און געפּרעדיגט אויף זיין איינענער אחריות. ווען דער שטאָט־ראט האָט באמערקט, אז

פפייפער רייסט זיך מיט גוואלט אריין אין שטאָט, האָט ער צוזאַ־
מענגעקליבען די צעכען און אַ גרויסען המון און האָט זיי אוועק־
געפירט קעגען פּפייפער'ן, כדי אים ווידער ארויסצוטרייבען.
פאר'ן אָנפאַנג פון שלאַכט איז דאָס פאָלק, וואָס איז געבליבען
טריי צום שטאָט־ראט, פאלש געוואָרען און דורכגעפירט אַן אומ־
געהערטען פארראט. דערזעהן אַז דאָס פאלק פאלט אָפּ פונ'ם
ראט, האָט דער פירער מיט גרויס מיה אייגעשטילט דעם טומעל,
אָבער נאָר אונטער דער באַדינגונג, אַז זיי (פּפייפער און מינ־
צער) זאָלען בלייבען די פרעדיגער. דער
ראט איז געווען געצוואונגען צוצושטימען קיין זאַך ניט אונטער־
נעמען אָהן דעם וויסען פון דער געמיינדע. אויף אַזאַ אופן איז
די מאַכט צוגענומען געוואָרען פון דעם שטאָט־ראט, און אין
שטאָט טוען זיך אָפּ שרעקליכע זאַכען".

באמת שרעקליכע זאַכען: מען האָט דאָרט איינגעפירט אַ קאָמוניסטישע געמיינדע.

דאָס איז געווען דער אָנפאַנג פון אַ נייער קריסטליכער פי־
רונג — שרייבט מעלאַנכטאָן. — נאָך דעם האָבען זיי ארויסגע־
טריבען די מאָנאַכען, אָפּגעשאפט די מאָנאַסטירען און זייערע
פארמעגענס; דאָרטען האָבען די יאָהאַניטען פארמאָגט אַ גרוי־
סען הויף און היבשע הכנסות. אָט דעם הויף האָט טאָמאַס פאר־
באַפט... ער האָט אויך געפּרעדיגט, אַז דאָס גאַנצע פארמעגען
דאַרף זיין געמיינזאַם, ווי עס ווערט געשריבען אין די טאַטען
פון די אַפּאָסטאָלען, וואו עס ווערט דערצעהלט, אַז די אַפּאָסטאָלען
האָבען פאראייניגט זייערע פארמעגענס. צוליב דעם איז דער
המון געוואָרען אַזוי חוצפה'דיג, אַז ער האָט שוין מער ניט געוואָלט
ארבייטען. ווען עמיצער פלעגט דאַרפען ברויט אָדער געוואַנט,
פלעגט ער אוועקגעהן צו אַ רייכען מענשען און פאָדערען, אַז
מען זאָל אים געבען, וואָס ער דאַרף, שטיצענדיג זיך אויפ'ן רעכט
פון אַ קריסט, ווייל קריסטוס האָט געלערענט, אַז מען דאַרף זיך
טיילען מיט די נויטבאַדערפטיגע. און ווען דער רייכער פלעגט
ניט געבען פרייוויליג, וואָס מען האָט ביי אים געפאָדערט, פלעגט
מען דאָס צונעמען מיט גוואלט. דאָס פלעגט טרעפען גאַנץ אָפט;
אַזוי האָבען געהאַנדעלט אויך יענע, וואָס האָבען גע־

וואוינט ביי טאמאסען אויף דעם הויף פון די יאהאניטען".

בעבערער דערצעהלט: „אין אָט דער רעגירונג איז מינצער געווען דער עלטסטער און דער דיקטאטאָר, און האָט אַלץ איינגעאָרדענט אויף זיין שטייגער... ספּעציעל פּלעגט ער אויפּפּאסען אויף דער געמיינזאמקייט פון פארמעגען, צוליב וועלכען דאָס פּאָלק האָט געוואָרפען זיינע באשעפטיגונגען און מלאכות, קלערענדיג, אַז ביז עס וועט פארברויכען דאָס פארמעגען פון די פּריצים, פירשטען און הארען, פון די מאָנאכען און וואלטעטיגע אינסטיטוציעס, וועט אים גאָט באשערען נייעם רויב; אָט אזוי האָבען זיי זיך אויסגעלערענט ראבעווען און גנב'ענען. אָט די שאנדטאטען האָט מינצער פאָרגעזעצט אין א משך פון עטליכע חדשים"*).

דאָס באַלעבאַטעווען פון דער רעוואָלוציאָנערער קאָמונע אין מילהויזען האָט געדויערט עטוואָס מער פון צוויי חדשים (כמעט אזוי פיל, וויפיל עס האָט עקזיסטירט די פּאריזער קאָמונע פונ'ם יאָר 1871, — די ערשטע פונ'ם 17־טען מערץ ביז'ן 21־טען מאי, די צווייטע פונ'ם 18־טען מערץ ביז'ן 28־טען מאי); מינצער האָט פארלאָזט מילהויזען נאָך פאר דעם 12־טען מאי, און אין אָט־די עטליכע וואָכען האָט דער קאָמוניזם, פארשטעהט זיך, ניט געקענט מאכען קיין מערקבארע ווירקונג אויף דער פּראָדוקציע ספּעציעל, ווייל דעמאָלט איז געווען דער סאמע ברען פון דער מלחמה, בעת יעדער קאמפּס־פעהיגער ארבייטער איז גערופען געוואָרען צום געווער.

אמת, מעלאנכטאָן דערצעהלט אונז, אז דער קאָמוניזם אין מילהויזען האָט זיך געהאַלטען א גאנץ יאָר. שטעלט אייך פאָר אז א מאָדערנער שרייבער וואָלט אין הערבסט פונ'ם יאָר 1871 אָנגעשריבען די געשיכטע פון דער פּאריזער קאָמונע און וואָלט געווען געזאָגט, אז זי, די קאָמונע, האָט עקזיסטירט א גאנץ יאָר. דו וואונדערסט זיך ניט אויף וואָס זיך מער צו חדוש'ן: צי אויף דער חוצפה פון דעם „ווייכען און שעמעוודיגען" מעלאנכטאָן אָדער אויף דער קליינקעפּעלדיגקייט פון זיינע לעזער.

---

*) בעבערער, א. צ., ז. 479.

אויפ׳ן גרונט טאקי פון אזעלכע מאָדערנע „קוואלען" האָבען געוועהנליך די בורזשואזע שרייבער ביז היינטיגען טאָג צוזאמענגעשטעלט די געשיכטע פון די קאָמוניסטישע באַוועגונגען.

פונדעסטוועגען איז, מיט א געוויסער אויפמערקזאמקייט, ניט שווער אויפצודעקען אָט־די פארפעלשונגען. א סך א גרעסערען טומעל האָט אריינגעבראכט די פולשטענדיג־אומריכטיגע באשרייבונג פון דער ראָלע, וועלכע מינצער האָט געשפּילט אין מילהויזען. אי בעכערער, אי מעלאנכטאָן באשרייבען אים אלס דיקטאטאָר, וואָס האָט אין מילהויזען באזעסען אן אומבאגרעניצטע מאכט; אויף דעם שטייגער דריקט זיך אויך אויס לוטער. ער האָט געשריבען אין איין בריף: „מינטצער מולהוזי רעקס עט אימפעראטאָר עסט", — מינצער איז דער קסר און הערשער פון מילהויזען*).

באמת איז מינצער׳ס לאגע בכלל ניט געווען אזא גוטע. מנצח געווען האָט ער ניט דורך דער קראפט פון זיינע אָנהענגער, נאָר צוליב דעם קאָמפּראָמיס מיט פּפייפער׳ס ריכטונג, וואָס איז ניט געווען קיין קאָמוניסטישע, נאָר דוקא א בורזשואזע. ער איז ניט געשטאַנען אויף דער שפּיץ פון דער אדמיניסטראציע, פונ׳ם ראט, נאָר געבליבען א פּשוט׳ער פּרעדיגער; זיין פּרעדיגען האָט אָבער ניט געהאט קיין באשטימענדע באדייטונג. די פּאָליטיק פון שטאָט האָט כלל ניט אנטשפּראָכען זיין פּאָליטיק. אין וויכטיגע ענינים פלעגט ער זיך אָנשטויסען אויף דער געגענווירקונג פון פּפייפער׳ן, וואָס האָט געהאט הינטער זיך די מאַיאָריטעט.

מילהויזען איז נישט געווען קיין טאבאָר; טאבאָר, קען מען באמת אָנרופען א קאָמוניסטישע קאָלאָניע; דאָס איז געווען א ניי־געגרינדעטע קאָלאָניע, וואוהין עס זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען קאָמוניסטען, פון וועלכע עס האָט זיך צוזאמענגעשטעלט איר באַפעלקערונג. אָבער אין דער אַלטער קייזערליכער שטאָט זיינען די באדינגונגען געווען גאַנץ אַנדערע. דאָרטען איז די הויפּט־שטיצע פון די קאָמוניסטען געווען דער פּראָלעטאריאט, און חוץ אים נאָר א קליינער טייל פון קליינע זעלבסטשטענדיגע האנטווערקער פון דער פארשטאָט און פון פויערים. אָט־די שיכטען פון דער באַפעלקע־

*) ציטירט ביי שטראבעל׳ן, ז. 28.

רונג זיינען דעמאָלט געווען צו שוואך צו צווינגען די בורזשואזע שיכטען טאָן זייער ווילען. אַ דאנק אַ גליקליכער צוזאמענטרעפונג פון גינסטיגע באַדינגונגען און דער קענטעניש ענערגיש זיך מיט זיי צו באַנוצען פאר זיך גופא, האָבען די קאָמוניסטען אין מילהויזען זיך געקענט דערשלאָגען צו אַ געוויסער ווירקונג. נאָר די ריכטונג, וואָס האָט געזיגט דורך זייער הילף, האָט זיי נאָר געדולדעט. מיר דארפען זיך ניט פאָרשטעלען די לאַגע אין מילהויזען אזוי, אַז די גאַנצע שטאָט איז כלומרשט געווען אָרגאַניזירט אויף קאָמוניסטישע יסודות. די „ברידער" האָבען אויסגעפירט, אַז מען האָט זיי ערלויבט פאַרוואַנדלען זייער געהיימע אָרגאַניזאַציע אין אַן עפענטליכער און בילדען אַ קאָמונע אינגוויניג אין דער שטאָטישער געמיינדע. דער צענטר פון דער קאָמונע איז, וואַרשיינליך, געווען דער הויף פון די יאָהאַניטען.

ווי ווינציג אָנהענגער מינצער האָט געהאַט אין מילהויזען, קען מען זעהן דערפון, וואָס בעת ער איז פון דאָרט אַוועקגעגאַנגען צו העלפען די פויערים, זיינען מיט אים געגאַנגען ניט מער, ווי דריי הונדערט מענשען*).

מיר קענען גלויבען מעלאַנכטאָנ'ען, אַז מינצער'ס קאָמונע, „וואָס האָט עקזיסטירט ביי טאָמאַס'ן אויף דעם הויף פון די יאָהאַניטען", האָט אין דעם משך פון די עטליכע וואָכען פון איר עקזיסטענץ באַקומען איהר הכנסה ניט נאָר פון דער ארבייט פון אירע מיטגלידער, נאָר הויפּטזעכליך פון דעם רויב, וואָס זיי האָבען געקראָגען פון די מאָנאַסטירען, קירכען און שלעסער. די טאַבאָריטען האָבען אויך אַזוי געהאַנדעלט, און בכלל זיינען אין אָטדער עפּאָכע די קירכליכע פאַרמעגענס געווען „רעס נוליוס",**) וועלכע יעדער פלעגט פאַרכאַפּען, אויב ער האָט דערצו נאָר געהאַט

---

*) מעלאַנכטאָן רעדט וועגען דריי־הונדערט „שווינדלער". ביי אַ פריערדיגען צוג פונ'ם 26־טען אפּריל, זיינען מיט אים געגאַנגען, לויט בעכערערס מיטטיילונגען, קנאַפּע פיר הונדערט מענשען, מערסטענס אַן ערב־רב פון פרעמדע ערטער... אין אָט דעם המון זיינען אין דער צייט פונ'ם צוג געווען נאָר עטליכע בירגער, און עס איז ניט געווען קיין איין מיטגליד פון דעם שטאָט־ראָט פון מילהויזען (א. צ. ז. 480).

**) הפקר.

כח. געוועהנליך פלעגען זיי פאַרכאַפּען די פירשטען, אַמאָל פלעגט זיך דאָס אויך איינגעבען די „אָרימע שדים".

מיר האָבען שוין אָנגעוויזען, אַז מינצער און פפייפער זיינען געווען פרינציפּיעלע געגנער, דערפון האָבען זיך אויך גענומען די געגענזאַצען אין זייער טאַקטיק. פפייפער, אַלס אַן אמת'ער קליינ־בירגער פון דער פאַר־קאַפּיטאַליסטישער עפּאָכע האָט זיך געפילט, ווי אַ פאָרשטעהער נאָר פון די לאָקאַלע אינטערעסען; מינצער אָבער, ווי אַלע קאָמוניסטען פון יענער צייט, האָט זיין טעטיגקייט ניט צוגעפּאַסט צו אַ באַשטימטען פּלאַץ. פפייפער האָט געקוקט אויף דעם אויפשטאַנד אין מילהויזען, ווי אויף אַ זאַך, וואָס האָט אַ שייכות אויסשליסליך צו מילהויזען, פאַר מינצער'ן אָבער איז דאָס געווען נאָר אַ רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון רעוואָ־לוציאָנערע באַוועגונגען. וואָס טאַבאָר איז אַמאָל געווען פאַר בעהמען, דאָס האָט איצטער געדאַרפט ווערען פאַר טירינגען די באַפעסטיגטע שטאָט מילהויזען, ד. ה. דער שטיץ־פּונקט פאַר דעם גאַנצען אויפשטאַנד, וואָס האָט געדאַרפט אויפהיטען די ענגסטע באַציהונגען מיט דער באַוועגונג אין פראַנקען און אין שוואַבען.

פפייפער, — בעת מיר ריידען דאָ וועגען פפייפער'ן און מינצער'ן, האָבען מיר אין זינען ניט נאָר די פּערזענליכקייטען זייערע, נאָר אויך די ריכטונגען, וועמעס הויפּט־פאָרשטעהער זיי זיינען געוועזען, — אַלזאָ פפייפער האָט מיט חשק גענומען אַן אַנטייל אין די רויבערישע צוגען אין די דערבייאיגע באַצירקען, אָבער נאָר אויף די קאַטוילישע. געקלערט האָט ער נאָר וועגען די קליינליכע שטאָטיגע מחלוקות. פאַרקערט, מינצער האָט קלאָר געוואוסט, אַז דער נצחון פון מילהויזען איז ניט דער סוף, נאָר דער אָנפאַנג פון דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמף. דערפאַר האָט מען זיך געמוזט צוגרייטען, זיך אָרגאַניזירען, מען האָט געמוזט באַ־וואָפענען די מאַסען און פאַראייניגען דעם אויפשטאַנד אין די פאַר־שידענע געגענטען פאַר געמיינזאַמער אַקציאָן.

נאָר שלעכט האָט עס געהאַלטען אין טירינגען מיט די קריגס־פעהיגקייטען פון די פויערים. עס קען זיין, אַז אין קיין פּלאַץ אין דייטשלאַנד זיינען די פויערים ניט געווען אַזוי אומערפאַרען אין אַרומגעהן אַרום געווער און האָבען ניט געהאַט אַזוי ווינציג

געווער, ווי דאָרטען. עס האָט זיך געפאָדערט זעהר אַ סך צייט זיי צו באוואפענען און אויסלערנען ארומגעהן ארום געווער*).

מינצער האָט געטאָן אַלץ, וואָס איז מעגליך געווען; ספעציעל האָט ער געזאָרגט פאר דער ארטילעריע. אין דעם מאָנאסטיר פון די „בורוועסע" פלעגט ער גיסען הארמאטען. וואָס פאר אַ באדייטונג ער האָט זיי צוגעגעבען, רעכענענדיג דאָס, קען זיין, ניכער אַלס מאָראלען, ווי אַלס טאקטישען מיטעל צו דערגרייכען די מאכט, קען מען זעהן דערפון, וואָס ער האָט געשיקט אַ מיט־טיילונג וועגען דעם אפילו קיין שוואבען. נאָר אָט־דער פאקט אַליין צייגט אונז אויך, ווי פלייסיג ער פלעגט אונטערהאַלטען די באַציהונגען מיט די דרום־דייטשע אינסורגענטען.

נאָך פלייסיגער פלעגט ער זיך באַשעפטיגען מיט'ן אויפריי־צען און פאראייניגען די בונטאָוושטשיקעס אין טירינגען. ער האָט פשוט ארויסגעצייגט אַ פיבערישע טעטיגקייט, מינדליך און שריפט־ליך; אין אַלע עקען פלעגט ער צושיקען בריף אי צוליב אינפאָר־מאציע, אי צוליב ערמוטיגונג. איינעם פון אָט־די בריף האָט זיידע־

*) מינצער האָט ניט געוואָלט איילען. ער האָט געוואָלט אָפּוואר־טען יענע גינסטיגע מינוט, ווען די צייט און געוואוינהייט וועלען צו־געבען צום אויפשטאַנד מער קראפט און אַ מער פולקאָמע אָרגאַניזאַציע. ער האָט געוואָלט אָפּווארטען די צייט, ווען די מוטיגע בינען־אַרבייטער, וואָס זיינען געווען ערפאַרען אין דער מיליטערישער קונסט, וועלען צו אים צושטעהן, ווען די פויערים פון אבער־שוואבען און אַנדערע באַנדען וועלען אָפּהאַלטען די ערשטע נצחונות איבער זייערע פירשטען. ער האָט זיי געוואָלט פריער האָבען אין רעזערוו, און ערשט דעמאָלט זיך אַ לאָז טאָן פון זיין מילהויזען מיט גדעון'ס שווערד. ער האָט אויס־געצייכענט געקענט דעם גרעסטען טייל פון זיינע טירינגענער: דאָס זיינען געווען ניט קיין שוואבען, וואָס פלעגען פון דער יוגענט אָן נאָכגעהן דער פאָן און וואָס זיינען אויסגעוואקסען אין מלחמה, דאָס זיי־נען ניט געווען קיין פראנקען, וועלכע האָבען צוזאַמענגעשטעלט דאָס שוואַרצע חיל פון פלאָריאַן גייער, ניט די שיסער פון די אלפען־בערג און עלזאַס. זייער שטענדיגע באַשעפטיגונג איז געווען מיט מיה צו ציען פון דעם אָרימען באָדען אַן אָרימע חיונה, די געצייג צו וועלכע זיי זיינען געווען צוגעוואוינט, זיינען געווען אַ לאָפאטע און אַ גראָב־אייזען. (צימערמאַן, „די געשיכטע פון פויערים־קריג אין דייטשלאַנד").

מאן אָפּגעדרוקט אין דער ביילאַגע צו זיין בוך (ביילאַגע 38, ז. 143). מיר ציטירען אים דאָ:

„צו מיינע ברידער אין קריסטוס'ן, אין שמאַלקאַלדען, וואָס געפינען זיך איצט אין לאַגער אין אייזענבאַך.

„ראשית, טייערע ברידער, מוז מען באמת מורא האָבען פאַר גאָט; וויסען זאָלט איר, אַז מיר ווילען אייך קומען העלפען און פאַרטיידיגען מיט אַלע קרעפטען און מיטלען. ניט לאַנג צו־ריק האָבען אונזערע ברידער, ערנסט פאָן־האַנשטיין און הינטער שוואַרצבורג, געבעטען הילף, וועלכע מיר האָבען זיי פאַרשפּראָכען און וועלכע מיר זיינען איצט גענייגט זיי צו געבען. אויב איר וועט מורא האָבען, וועלען מיר און די גאַנצע היגע אָפּטיילונג קומען צו אייך אין לאַגער. מיט אַלץ, וואָס מיר האָבען נאָך בכח, וועלען מיר אייך קומען צו הילף.

נאָר האָט אביסעל געדולד; עס איז אונז גוואַלטיג שווער צו לערנען אונזערע ברידער, וויל צווישען זיי געפינען זיך זעהר אַ סך פון פּראָסטען פאָלק. איר האָט שוין אין אַ סך זאַכען באַגריפען די אומגערעכטיגקייט, וואָס מען טוט אייך, אונזערע ברידער, אָבער קענען מיר דאָס ניט, ווי מיר זאָלען זיך ניט פלייסען, דערווייל אויסלערנען. נאָר מיר דאַרפען האַנדלען לויט דער דעה, וואָס גאָט וועט זיי אַריינגעבען. איך, פאַרשטעהט זיך, בעט גאָט, אַז ער זאָל אייך קומען אויס'עצה'ן און אַרויס־העלפען, איך וואָלט אודאי בעסער אייך אַרויסגעהאָלפען אין אייערע ליידען, איידער האָבען צו טאָן מיט אומוויסענדיגע מענשען, אָבער גאָט וויל דער־וועהלען די נאַראָנים און אָפּוואַרפען די קלוגע. דערפאַר איז אַ גרויסער בזיון, וואָס איר האָט מורא; איר ווילט זעהן אָנגעשריי־בען אויף דער וואַנט, אַז גאָט העלפט אייך; איר קענט פול־שטענדיג זיין זיכער אין דעם און זינגען צוזאַמען מיט אונז: איך וועל זיך ניט דערשרעקען פאַר הונדערטער און טויזענטער און זייער פאָלק, הגם זיי רינגלען מיך אַרום. זאָל אייך גאָט געבען אַ סך מוט, — און ער וועט דאָס זיכער ניט פאַרפעלען צו טאָן, — דורך יעזוס קריסטוס, וועלכער זאָל אייך טאַקי איינהיטען, טייערע

מיינע. אמן. ארויסגעגעבען אין מילהויזען דעם 7־טען מאי, 1525. טאמאס מינצער און די גאנצע געמיינדע פון גאט אין מילהויזען און אין פארשידענע ערטער".

דער בריף איז כאראקטעריסטיש נים נאר פאר מינצער'ס באציהונגען צו די, וואס זיינען צוגעשטאנען צום אויפשטאנד אויסער מילהויזען, נאר אויך פאר זיין לאגע אין אט־דער שטאט; מען זעהט, ווי ווינציג ער איז צופרידען מיט די דארטיגע „ברידער", מיט די „אומוויסענדע", מיט'ן „פראסטען פאלק", וועלכע עס איז גוואלטיג שווער צו לערנען און וועלכע האבען „נאך גיט פולשטענדיג באגריפען זייער זאך".

די מינען־ארבייטער האבען זיך מינצער'ן אויסגעצייגט צו זיין א סך וויכטיגער פון די אומזיכערע איינוואוינער פון מילהויזען און פון די שלעכט באוואפענטע פויערים. די מינען־ארבייטער זיינען געווען דער קאמפס־פעהיגסטער און קאמפס־לוסטיגסטער טייל פון דער זאקסישער באפעלקערונג. דערפאר טאקע האט מינצער אויף זיי גלייך געווענדעט זיין אויפמערקזאמקייט. ער איז אריין אין באציהונגען מיט די מינען־ארבייטער פון דעם ערץ־געבירג, נאר מער פון אלץ האט ער געזוכט אויפצוהויבען די נאהענטסטע מינען־ארבייטער פון מאנספעלד, מיט וועלכע ער האט געהאט אנגעהאלטען גוטע פארבינדונגען נאך פון דער צייט, וואס ער האט פארווײלט אין אלשטעדט.

דער בריף, וואס ער האט דעמאלט געהאט אפגעשיקט זיינע אנהענגער אין מאנספעלדער באצירק, צו באלטאזאר'ן, בארטהאלאמעען און אנדערע, אין וועלכען ער האט זיי געוועקט זיך צו נעמען פאר דער אגיטאציע צווישען די מינען־ארבייטער, איז געווען אפגעדרוקט אין דער זאמלונג פון לוטער'ס ווערק, אלס איינס פון די „דריי עקלהאפטע מיאטעזשע ווערק פון טאמאס מינצער" (19, ז. 289 און ווייטער). אט דער בריף איז פובליקירט געווארען עטליכע מאל אויך שפעטער, למשל, ביי שטראבעל'ן און ביי צימערמאנ'ען (רוסישע אויסגאבע), 3 ז. 200. ער לויטעט: פריער פאר אלעמען קומט דער פחד פאר גאט. טייערע ברידער, ווי לאנג וועט איר נאך שלאפען. איר האט פארגעסען גאט'ס רצון, זאגענדיג, אז גאט האט אייך פארגעסען. אבער האב איך אייך

דען ניט געלערנט פיל מאָל, אַז אַזוי דאַרף טאַקע זיין. גאָט קען זיך מער צו מענשען ניט אנטפלעקען. איר דאַרפט אַליין זיין אנטשלאָסען. אַ־ניט וועלען אַלע אייערע האַרץ־רייסענדע קרבנות זיין ארויסגעוואָרפען. איר וועט נאָך מוזען דורכליידען אַבי־סעל יסורים. אויב איר וועט ניט וועלען ליידען לויט'ן רצון פון גאָט, וועט איר מוזען ליידען לויט'ן רצון פון טייוועל. היט־זשע זיך פאַר דעם. זייט ניט מוטלאָז, זייט גוט. חנפה'ט ניט די זינלאָזע טרוימער און די גאָטלאָזע רשעים. נעמט זיך צו דער זאַך און געהט אַרויס אין קאַמף. די צייט איז געקומען, איבערצייגט אייערע ברידער ניט צו פאַראַכטען גאָט'ס וואָרט, אַ־ניט דראָהעט זיי אַן אומגליק. גאַנץ דייטשלאַנד, פראַנקרייך און איטאַליע האָבען זיך אויפגעהויבען. אין דער הייליגער וואָך זיינען צושטערט געוואָרען פיר מאָנאַסטיר־קירכען אין פולדע. אין קלעטגוי, העגוי און שוואַרצוואַלד זיינען אויפגעשטאַנען דרייסיג טויזענט פויערים און זייער מחנה וואַקסט פון טאָג צו טאָג. איך האָב נאָר מורא, אַז מען זאָל די נאַרישע מענשען ניט הינרייסען מיט פ א ל ש ע אָ פ מ א כ ע ן, אין וועלכע זיי וועלען ניט אויפכאַפּען דעם בייזען אַבזיכט. אויב צווישען אייך וועלען נאָר זיין דריי, וואָס גלויבען פעסט אין גאָט, וואָס זיינען באַגייסטערט מיט איין וואונש צו פאַרהערליכען זיין נאָמען און ערע, וועט איר קיין מורא ניט האָבען אפילו פאַר קיין הונדערטער טויזענטער מענשען. אַלזאָ, צו דער אַרבייט, צו דער אַרבייט! עס איז שוין צייט, די רשעים האָבען זיך דערשראָקען, ווי די הינט. דערוועקט אייערע ברידער צו אחדות און רעדט זיי צו זיך צו באַוואָפענען. עס איז שוין לאַנג, זעהר לאַנג צייט, גיכער־זשע, גיכער צו דער אַרבייט, צו דער אַרבייט! גיט זיך ניט אונטער אַפילו אויב די שונאים וועלען זיך ווענדען צו אייך מיט אַ גוט וואָרט. ווערט ניט גערירט דורך די ליידען פון די גאָטלאָזע. זיי וועלען אייך בעטען און וויינען פאַר אייך, ווי קינדער, נאָר האָט אויף זיי ניט קיין רחמנות. גאָט אַליין האָט אַזוי באַפוילען דורך משה'ן (דברים, ז"). אונז האָט ער אויך דאָס זעלביגע אנטפלעקט. רודערט אויף די דערפער און שטעט, ספעציעל די באַרגלייט און אַנדערע גוטע מענשען. מיר טאָרען מער ניט שלאָפען. זעהט, בעת איך האָב געהאַלטען אין

שרייבען אָט־די ווערטער איז צו מיר אָנגעקומען אַ ידיעה פון זאַלץ, אַז דאָס פאָלק האָט געוואָלט ארויסוואַרפען פון שלאָס דעם פירער הערצאָג געאָרג דערפאַר, וואָס ער האָט פאַרטראַכט אומ־צובריינגען דריי מענשען אין געהיים. די פויערים פון אייכס־פעלד האָבען אָפּגעעקט מיט זייערע פּריצים, זיי ווילען שוין מער ניט לעבען דורך זייערע חסדים. אויף אַלע זייטען זיינען פאַר אייך פאַראַן גענוג ביישפּילען, נעמט־זשע זיך צו דער ארבייט; שוין צייט, באַלטאַזער און באַרטעל! קרומפּף, פעלטען און בישאָף, נעמט זיך יעדערער צו זיין ארבייט. גיט איבער אָט־דעם בריף אייערע חברים, די באַרגלייט. איך וואָלט געוואָלט אויף אַזאַ דרך ארויספירען אַלע ברידער, אַז זייער מוט זאָל זיין שטאַר־קער פון אַלע פעסטונגען פון די גאָטלאָזע רשעים אין גאַנצען לאַנד. צו דער ארבייט, צו דער ארבייט! דאָס אייזען איז הייס, האַמערט עס!

זאָלען אייערע שווערדען ניט אָפּגעקילט ווערען פון דעם וואַ־רימען בלוט. כּל זמן די רשעים לעבען, וועט איר זיך ניט באַפרייען פון דעם מענשליכען פּחד. איר טאָרט גאָר ניט ריידען וועגען גאָט, כּל זמן עס הערשען איבער אייך מענשען. אַלזאָ, צו דער ארבייט, כּל זמן די צייט איז נאָך ניט אוועק. אייער פירער איז גאָט, פאָלגט אים נאָך.

לייענט איבער, וואָס עס ווערט געזאָגט אין מתיה. פאַרכט אייך ניט, מיט אייך איז גאָט, איז געשריבען אין דברי הימים ב״. גאָט זאָגט אונז: פאַרכט אייך ניט, איר האָט זיך ניט וואָס צו שרעקען פאַר אָט־דער מחנה. ניט פאַר זיך קעמפּט איר. שטאַרקט זיך! איר וועט דערזעהן איבער זיך גאָט׳ס האַנט. ווען יוסף האָט דערהערט אָט־די ווערטער איז ער געפאַלען מיט דעם פּנים צו דער ערד. האָט־זשע אויך ניט קיין מורא פאַר מענשען, און גלויבט שטאַרק אין גאָט, — ער וועט אייך שטאַרקען. אָמן.

געשריבען אין מילהויזען, אינ׳ם יאָר 1525. טאָמאַס מינצער, גאָט׳ס קריגסמאַן געגען די גאָטלאָזע״.

מינצער׳ס בריף האָט מען אויפגענומען זעהר גוט. אין מאַנס־פעלדער באַצירק האָט זיך פאַרזאַמעלט אַ גרויסער עולם, און עס איז געקומען צו אומאָרדנונגען (שטראָבעל ז. 96). דער אָנשטויס,

וואָס איז געגעבען געוואָרען אין מאַנספעלדער באַצירק, האָט זיך אָפּגערופען אין אַנדערע בערג־באַצירקען פון מייסען. „נאָך איי־דער די זינלאָזע בוגטאַוושטשיקעס האָבען געבראַכט ביז צו אַ בלוט־טיגען צוזאַמענשטויס אין פראַנקענהויזען, — זאָגט הערינג, — זיינען עטליכע אַרבייטער פון דער מ א נ ס פ ע ל ד ע ר גראַפ־שאַפט, וואָס איז אַרומגעכאַפּט געוואָרען פונ'ם אויפשטאַנד, אַנט־לאָפען אין אונזערע בערג, צי דערפאַר, וואָס אין דער היים האָבען זיי זיך אויף קיין גוטס ניט געריכט, צי אפשר דערפאַר, וואָס זיי האָבען געהאָפט אין דעם געגענט צו שפּילען אַ באַדייטענדע ראָלע, אַ דאַנק דער נייער לערע"*).

עס האָט זיך זיי איינגעגעבען צו מאַכען אַ ווירקונג און מיט־העלפען דעם פאַרזוך צו אַן אויפשטאַנד אין דעם אומגעגענט פון צוויקוי, וואו די פאַנאַטיקער, אונטער דער פירערשאַפט פון שטאָרך'ן און מינצער'ן אליין, האָבען שוין דאָרטען פריער געהאַט אַ ווירקונג און צוגעגרייט אַ באָדען.

אין אַפּריל איז אין דעם ערץ־געבירג ווירקליך דערגאַנגען ביז צו אַן אויפשטאַנד פון די פּויערים און מינען־אַרבייטער. ערשט נאָך דער נידערלאַגע נעבען פראַנקענהויזען, האָט זיך די באַוועגונג דאָרטען, ווי אומעטום אין זאַקסען, אָפּגעשטעלט.

נאָר אין אַלגעמיין האָט מינצער'ס שטרעבונג צו פאַראייניגען די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין פאַרשיידענע ערטער פון זאַקסען, געהאַט נאָר אַן אומבאַדייטענדען ערפאָלג.

דער פּויערישער און בירגערליכער פּאַרטיקולאַריזם**) איז נאָך געווען צו שטאַרק. די גלייכמעסיגקייט פון דעם עקאָנאָמישען דרוק אין אַלע געגענטען, די צורודערטע שטימונג פון דער גאַנצער נאַציע דורך דער רעפאָרמאַציאָנס־באַוועגונג און — last but not least די אומערמידליכע אַלגעמיינע טעטיגקייט פון די קאָמו־ניסטישע „אַפּאָסטאָלען" זיינען טאַקע געווען גענוג אין אָנפאַנג צו מאַכען דעם אויפשטאַנד פון די פּויערים און זייערע מיט־

*) געשיכטע דעם זאַקסישען האָבלאַנדעס, ז. 203.

**) דאָס אָפּהיטען פון ספּעציעלע אינטערעסען פון אַ שטאָדט, דאָרף, א. ז. וו.

קעמפּער פאַר אַ נאַציאָנאַלען אויפשטאַנד, וואָס האָט אַרומגעכאַפּט דעם גרעסטען טייל פון דער נאַציע, אַזוי אַז ער האָט זיך אומעטום אָנגעפּאַנגען כמעט אין איין צייט. נאָך שפּעטער, ווען מען האָט געדאַרפט פאַרזיכערן די פּרוכט פון די ערשטע נצחונות און זיך מיט זיי באַנוצען, האָט דער לאָקאַלער פּאַרטיקולאַריזם זיך אָנגעפאַנגען ארויסצייגען אַלץ שאַרפער און שאַרפער. ער האָט זיך געהאַט צו טיף איינגעוואָרצעלט אין די באַדינגונגען פונ׳ם דאַמאָלסטיגען לעבען, דערפאַר האָט מען אים מנצח געווען נאָר אויף אַ קורצער צייט, און דאָס אויך מיט אַ סך מיה.

צום פּאַרטיקולאַריזם איז צוגעקומען די פּאַטאַלע נאַאיוויטעט פון די פּויערים. אַט־די איינפאַכע מענשען פלעגען קלערען, אַז אַ פירשטליך וואָרט האָט ניט קיין קלענערען, און אפשר נאָך אַ גרעסערען ווערט פון דעם וואָרט פון יעדען אָרענטליכען מענשען. זיי האָבען ניט געהאַט דעם מינדסטען באַגריף וועגען דער גייסטער פּאָליטיק, וואָס האָט געמאַכט אומאָרענטליכקייט און פאַלשקייט פאַר די וויכטיגסטע טוגענדען פון די פירשטען, וועגען יענער פּאָליטיק, וועלכע דער אינגעל רימשאַרד האָט מיט הונדערט יאָר צוריק אַזוי קינסטליך פּראַקטיצירט בנוגע צו די ענגלישע פּויערים.

אָנשטאָט צו האַנדלען געמיינזאַם, האָט יעדער באַצירק, יעדע שטאָט, וואָס איז צוגעשטאַנען צום אויפשטאַנד, געהאַנדעלט אויף דער אייגענער פאַראַנטוואָרטליכקייט, און געוועהנליך פלעגען עטליכע נאַרישע פאַרשפּרעכונגען, וואָס האָבען זיי געגעבען די האָפענונג, אַז זייערע פאָדערונגען וועלען באַפרידיגט ווערען, זיין גענוג צו איבערצייגען די בונטאָווששיקעס אוועקצולעגען דאָס געווער און זיך צוגעהן. אַ דאַנק דעם האָבען די פירשטען צייט געהאַט צוזאַמענצוקלייבען אַ חיל, זיך פאַראייניגען און אָהן מיה צוקלאַפּען איין מחנה פון די פּויערים נאָך דער צווייטער; עס וואָלט אָבער גאָר געוואָרען שלים, ווען די פּויערים זאָלען זיך געווען פאַראייניגען. אין דער צייט, ווען די אָרדנונגסלאָזיגקייט צווישען די פּויערים האָט זיך געהאַלטען אין איין פאַרגרעסערען, האָט די סכנה פאַראייניגט די פירשטען און פאַרגרעסערט זייער סאָלידאַריטעט.

אין ניכען האָט שוין קיין ספק ניט געקענט זיין, אויף וועגע־

מעס זיים וועט, סוף־כל־סוף, זיין דער נצחון, אין אנפאנג איז דאס גאר ניט געווען אזוי אויגענשיינליך. נאך דעם 14־טען אפריל האט דער זאקסישער קורפירשט פרידריך זיך אויסגעדריקט וועגען אויפשטאנד זעהר פעסימיסטיש און פארזיכטיג. אום קאר־פרייטאג האט ער געשריבען צו זיין ברודער, דעם הערצאג יאהאן פון זאקסען: „עס איז שרעקליך־שלעכט, וואס עס קומט אויס צו האנדלען מיט גוואלט. די ארימע מענשען האט מען טאקע אפשר געגעבען אן אויסרייד צו אט־דער אויפרעגונג, ספעציעל דורכ'ן פאר־באט זיך צו באנוצען מיט גאט'ס ווארט. די ארימע לייט ליידען אין א סך הינזיכטען פון אונז, גייסטליכע און וועלטליכע הערשער. זאל גאט אפווענדען פון אונז זיין צארן. אויב גאט וועט וועלען, קען געשעהן, אז דאס פאלק זאל אנפאנגען צו הערשען".

אונטער דער ווירקונג פון אן ענליכען קוק אויף דער לאגע איז אנגעשריבען געווארען דאס ערשטע ווערק, אין וועלכען לוטער דריקט זיך באשטימט אויס וועגען דעם פויערים־אויפשטאנד, נעמ־ליך זיין „ערמאהנונג צום פרידען אויף די צוועלף ארטיקעל דער באוערנשאפט אין שוואבען". עס פאנגט זיך אן מיט אן אויס־דרוק פון האפנונג, אז אלעם וועט זיך נאך בארוהיגען, אויב די פויערים וועלען זיך ערנסט באצי־הען צו זייערע צוועלף טעזיסען, און אויב זיי וועט זיך ניט פארגלוסטען פיל מער. אויף אזא אופן נעמט ער אן אט־די טעזיסען, אלס יסוד פאר שלום.

פריער פון אלץ ווענדט זיך לוטער צו די הארען און פירשטען: „קיינער אויף דער וועלט איז ניט אין אזא מאס שולדיג אין די איצטיגע אומארדנונגען און אויפרעגונג, ווי איר, פירשטען און הא־רען, ספעציעל איר, פארבלענדעטע בישאפען, זינלאזע גלחים און מאנאכען... די שווערד ליגט שוין אויף אייער האלז, און איר קלערט נאך אלץ, אז איר זיצט אזוי פעסט אויפ'ן זאטעל, אז קיי־נער קען אייך פון אים ניט אראפווארפען. אט די זיכערקייט און דאס עקשנות'דיגע זעלבסט־צוטרויען וועלען אייך ברענגען דערצו,

ביז איר וועט ברעכען דעם געניק, — איר וועט דאָס נאָך זעהן... ווייסט, אַז אַזוי ווי איר זענט די אורזאַך פון גאָט'ס צאָרן, וועט ער זיך אויף אייך אָהן ספק אויסגיסען, אויב איר וועט זיך מיט דער צייט ניט אויסבעסערען. די צייכענס אויף דעם הימעל און די וואונדער אויף דער ערד באַציהען זיך צו אייך, מיינע הארען; זיי זאָגען ניט פאָראויס פאַר אייך קיין גוטס, און קיין גוטס וועט אייך ניט געשעהן... ווייסט, גאָט האָט אַזוי געפירט, אַז דאָס פאָלק וויל ניט און קען ניט מער דולדען אייער רשעות. איר מוזט זיך ענדערען און נאָכפאָלגען גאָט'ס וואָרט; אויב איר וועט דאָס ניט טאָן פרייוויליג און צופרידענערהייד, וועט איר דאָס טאָן געצוואונגענערהייט און מיט פארלוסטען פאַר זיך... געגען אייך, מיינע הארען, זיינען אויפגעשטאַנען ניט די פויערים נאָר גאָט אליין, וואָס וויל אייך באַשטראָפען פאַר אייערע רשעות".

נאָר באהיט גאָט, — זאָגט לוטער ווייטער, — ער זאָל זיך שטעלען אויף דער זייט פון די פויערים. ער בעט די פירשטען אין זייערע אייגענע אינטערעסען צו מאַכען די פויערים הנחות. לויט זיין מיינונג קען מען פירען פארהאַנדלונגען אויפ'ן גרונד פון די צוועלף טעזיסען. אייניגע פון זיי זיינען פולשטענדיג יושר'דיג, למשל, דער, וואָס פאָדערט דאָס רעכט אויסצוקלייבען די גלחים און לייענען דאָס עוואנגעליום. „אנדערע טעזיסען, וואָס פאָדערען מאַטעריעלע הנחות, זיינען אויך יושר'דיג, ווייל די אויטאָריטעטען זיינען אווקגעשטעלט געוואָרען כדי צו ברענגען נוצען צו זייערע אונטערטאַנען און טאָן גוטס. נאָר איצטער איז די עקספלואַטאַציע געוואָרען אומדערטרעגליך. וואָלט דען עטוואָס בעסער געוואָרען דעם פויער, ווען אויף זיין פעלד וואַקסען אַזוי פיל גולדענס, ווי פיל גרעזעלאך און קערענדלאך? כדי דעם אָרימאַן זאָל עטוואָס בלייבען, וואָלט מען געדארפט באגרעניצען דעם לוקסוס און פארקלענערען די הוצאות".

נאָכדעם ווענדט זיך לוטער צום פויערטום און איז מסכים, אַז די פירשטען האָבען די ווערט, „אַז גאָט זאָל זיי שטירצען פונ'ם טראָן", נאָר די פויערים דארפען זיך נעמען צו דער זאַך מיט א

טאָלק, „אַ־ניט וועלען זיי, אפילו נאָך אַ נצחון אויף דער וועלט און נאָכדעם, ווי זיי וועלען אויס׳הרג׳ענען אלע פירשטען, פארזינדיגען זייערע נשמות אויף יענער וועלט. ער וואָרענט די פויערים, אָנ־רופענדיג זיי „טייערע הארען און ברידער״, אוועקלעגען די שווערד און זיך ניט אויפהויבען געגען די אויטאָריטעטען, ווייל אַ רעכט אויף אַן אויפשטאַנד האָבען זיי נאָר דעמאָלט, ווען גאָט באַפוילט זיי דאָס דורך צייכענס און וואונדער. „ליידען און טראָגען זיין קרייץ, טראָגען דעם קרייץ און ליידען — דאָס איז דאָס רעכט פון אַ קריסט, קיין אנדער רעכט האָט ער ניט״.

דאָס ווערק ענדיגט זיך מיט אַן אַלגעמיינער וואָרנונג צו די אויטאָריטעטען און פויערים. „ביידע צדדים זיינען אומגערעכט; אי דאָ אי דאָרט זיינען געזעצדינער, און ניט קיין קריסטען. אי די ערשטע אי די צווייטע דראָהעט גאָט׳ס שטראָף. זייערע נשמות וועלען ארייגפאַלען אין גהינום, און דייטשלאַנד וועט פארניכטעט ווערען. דערפאר וואָלט איך מיט אַ גוטען אבזיכט גע׳עצה׳ט, אַז מען זאָל פון צווישען די פריצים אויסקלייבען עטליכע גראפען און הארען, פון די שטעט — עטליכע ראַט־מענער, און באטראכטען און איינאָרדנען די זאַך אויף אַ פרידליכען שטייגער. איר, הארען, דאַרפט פארלאָזען אייער גאוה; אַלץ איינס, צי פרייוויליג צי ניין, איר וועט זיך מיט איר מוזען צושיידען, איר מוזט אביסעל באַ־גרעניצען אייער טיראַניי און אייער אונטערדריקונג, כדי די אָרימע מענשען זאָלען אויך קריגען גענוג לופט און אַ פלאַץ צו לעבען. פון דער צווייטער זייט וואָלטען די פויערים זיך געלאָזט איבער־ריידען און וואָלטען זיך אָפּגעזאָגט פון אייניגע טעזיסען, וועלכע שטעלען ארויס צו גרויסע פאָדערונגען, אזוי דאָס אויב אפילו די זאַך וועט ניט געטאָן ווערען לויט קריסטליכע געזעצען, וועט עס דאָך איינגעאָרדענט ווערען לויט מענשליכע געזעצען. אַלזאָ, מיין געוויסען איז רוהיג, ווייל איך האָב אייך געגעבען אַ קריסטליכע און ברידערליכע עצה. זאָל גאָט געבען, אַז אָט די עצה זאָל אייך העל־פען. אָמן״.

אויב יענע, וואָס האַלטען, אַז לוטער׳ס איבערנאַטירליכע מעכ־טיגע פערזענליכקייט האָט געמאַכט די רעפאָרמאַציע, וואָלטען גע־ווען גערעכט, וואָלט אָט דאָס ווערק געמוזט געווען צוגעבען דעם

פויערים־קריג א גאנץ אנדער ריכטונג. פאקטיש האט עס ניט גע־מאכט קיין איינדרוק. ביי דעם ערשטען פארזוך צו שווימען גע־גען שטראם, האט זיך לוטער ארויסגעצייגט מאכטלאז.

נאר ער איז ניט געווען פון יענע, וואס פארטיידיגען א הילפ־לאזע זאך, און ער האט לאנג ניט געדארפט טראכטען, אויף וועמעס זייט אריבערצוגעהן. זיין פרידענס־ליבענדער באשיצער, דער קורפירשט פרידריך, האט געהאלטען אין שטארבען. געשטארבען איז ער דעם 5־טען מאי, און זיין פלאץ האט פארנומען זיין ברו־דער יאהאן, וואס האט אפילו ניט געוואלט הערען וועגען א פשרה.

א חוץ דעם, האבען זיך די פירשטען אומעטום געהאלטען אין פאראייניגען, כדי צו דערטרינקען דעם אויפשטאנד פון די פוי־ערים אין זייער בלוט. אין דעם משך פון דער לעצטער וואך אין אפריל האט דער מיליטער־פירער פון דעם שוואבישען פאראיין, טרוכזעס פאן־וואלדבורג, שוין געהאט כמעט אינגאנצען אונטער־דריקט דעם אויפשטאנד אין שוואבען. אין דער זעלביגער צייט האט זיך דעם לאנד־גראף פיליפ איינגעגעבען צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד אין העססען. געגען די בונטאוושטשיקעס פון טירינגען און פראנקען האבען זיך פארזאמעלט אומצעהליגע, גוט־געשולטע חילות.

אגב, לוטער האט נאך געהאט אויך א פערזענליכע אורזאך ארויסצוטרעטען געגען די פויערים. אין דער צווייטער העלפט פון אפריל האט ער אונטערנומען אן אגיטאציאנס־רייזע איבער טירינגען, כדי צו בארוהיגען דאס פאלק. אט דא האט לוטער גע־מאכט אן אנטדעקונג, אז ער, וואס האט זיך גערעכענט פאר'ן אפגאט פון דער באפעלקערונג, האט שוין געהאט אנגעוואוירען די ווירקונג אויף איר. איצטער האט זיך לוטער מיט דער היצי־גער בייזקייט, וואס איז פאר אים אזוי כאראקטעריסטיש, ארויפ־געווארפען אויף די בונטאוושטשיקעס. נאך גאר ניט לאנג צוריק האט ער מיט זיי גערעדט, ווי מיט „הארען און ברידער“, איצטער זיינען זיי פארוואנדעלט געווארען אין רוצחים, מערדער, משוגענע הינט, וועלכע מען מוז אויס'הרג'ענען. אין אנפאנג האט ער אנ־ערקענט, אז די אונטערדריקונג פון די הערשער האט געצוואונגען די פויערים צום אויפשטאנד. איצטער האט ער, אין זיין ווערק

„געגען די רוצחים און מערדער פון די פויערים", וואס איז ער־שינען דעם 6טען מאי, איין טאג נאך פרידריך'ס טויט, דערקלערט, אז די הערשער זיינען גערעכט.

אין דעם ווערק ווערט געזאגט, אז די פויערים האבען אנגע־פאנגען דעם אנפאל, „מיט איין ווארט, זיי טוען די זאך פונ'ם טייוועל, ספעציעל אבער צייכענט זיך אויס דער אשמדאי, וואס קעניגט אין מילהויזען און וואס פאראורזאכט נאר רציחה, מער־דעריי און בלוטפארגיסונג. טאקע וועגען אים האט דאס קרים־טום (עוואנ. יוחנן קאפ. ח') געזאגט, אז ער איז דער אייביגער רוצח. צוליב דער האנדלונג פון די פויערים איז ער געצוואונגען צו האנדלען אנדערש, ווי אין דעם „פריערדיגען ביכעלע". אז אויפשטאנד איז נאך ערגער ווי א מארד. „דערפאר דארף יעדער, וואס איז נאר בכח, העלפען שטיקען און שניידען עפענטליך און געהיים, יעדער מוז קלערען, אז עס איז ניט פאראן קיין גיפטיגע־רע, מער שעדליכע און טייוועלשע זאך, ווי א צובונטעוועטער מענש. ער איז ענליך צו א משוגע'נעם הונט, וועלכען מען מוז הרג'ענען. אויב דו וועסט אים ניט דער'הרג'ענען, וועט ער סיי זוי צעבייסען דיך און דאס גאנצע לאנד . . . דערפאר טאר מען איצטער ניט דרימלען. איצטער דארף מען ניט קיין געדולד און קיין רחמנות, איצטער איז די צייט פון דער שווערד, און ניט פון בארעמהערציגקייט". „ווער עס פאלט קעמפענדיג פאר די הער־שער, וועט זיין א מארטירער אין גאט'ס אויגען . . . ווער אבער עס שטארבט, האלטענדיג מיט די פויערים, איז פאר'משפט אויף אייביגע יסורים פונ'ם גהינום . . . איצטער זיינען אנגעקומען אזעלכע מאדנע צייטען, אז א פירשט קען זיך בעסער דערדינען צו דער הימעלשער קעניגרייך דורך בלוטפארגיסונג, ווי אנדערע דורך תפילות . . . זאל יעדער, וואס איז נאר בכח, שניידען, שלאגען און שטיקען. שטארבסטו דערביי — איז וואויל צו דיר און גוט, ווייל דו קענסט ניט האבען קיין הערליכערען סוף, ווייל דו וועסט שטארבען, הערענדיג גאט'ס ווארט און געבאט (רוימער קאפ. י"ג) און דינענדיג דער זאך פון ליבע (!!), כדי מציל צו זיין דיין חבר פונ'ם גהינום און פון דעם טייוועל'ס נעצען".

„דינענדיג דער זאך פון ליבע", האט לוטער אויך אין פריי־

וואַטע בריף, וואָס ער האָט געשריבען ארום יענער צייט, זיך אויס־נעדריקט אין אָט דעם גייסט.

עטוואָס שפּעטער האָט זיך שוין לוטער באַרימט, אַז ער „האָט אין׳ם אויפשטאַנד גע׳הרג׳עט אַלע פּויערים, ווייל ער האָט באַפוילען זיי אויסצוקוילען. זייער גאַנץ בלוט פאַלט אויף מיר״. באמת האָט אין אָט דעם פאַל די מאַניע פון באַרימעריי אים גע־צוואונגען צו נעמען אויף זיך אַ גרעסערע שולד, ווי ער האָט אין דער ווירקליכקייט פאַרדינט. אויף ווי פיל זיין אויפפירונג אין דעם פּויערים־קריג איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר אים און פאַר די באַציהונגען צווישען דער בורזשואַזער און פּויערים־פּראָלעטאַרישער אפּיקורסות, — דערפאַר האָבען מיר זיך אויף איר אָפּגע־שטעלט אַזוי גענוי, — אויף אַזוי ווינציג האָט ער געהאַט אַ וויר־קונג אויפ׳ן אויסגאַנג פונ׳ם קריג; אויף ווי פיל זיין רופען צו פרידליכקייט איז געווען נוצלאָז, אויף אַזוי פיל איז אויך געווען איבריג פון זיין זייט אויפצורייצען די פירשטער צו אַן אומ־ברחמנות׳דיגער שחיטה אויף די פּויערים. דאָס האָבען זיי געטאָן אָהן אים אויך מיט גענוג בלוטדורשטיגקייט; געטאָן האָבען דאָס אי לוטער׳ם געגנער, אי זיינע אָנהענגער, וואָס האָבען דערביי אַרויסגעוויזען פשוט ברידערליכע אחדות. אין דער געגענוואַרט פון די עקספּלואַטירטע איז פאַרשוואונדען געוואָרען דער קאַמף פון די עקספּלואַטאַטאָרס צוליב׳ן רויב. די קאַטאָליקען און פּראָ־טעסטאַנטען האָבען געהאַנדעלט געמיינזאַם כדי צו אונטערדריקען דאָס אָרימע פאָלק.

אין אָנפאַנג מאַי האָט דער „אמת׳ער פּראָטעסטאַנט״, דער לאַנדגראַף פיליפּ פון העססען, פאַראייניגט זיינע חילות מיט די חילות פון דעם אולטראַ־קאַטוילישען הערצאָג געאָרג פון זאַקסען און פון נאָך עטליכע קלענערע פירשטען, כדי צו מאַכען אַ סוף צו דעם טירינגענער אויפשטאַנד. אביסעל שפּעטער איז צו זיי אויך צוגעשטאַנען דער קורפירשט יאָהאַן פון זאַקסען. דער צענטר פונ׳ם אויפשטאַנד איז גראָד געווען פראַנקענהויזען, אַ שטאָט, באַוואוסט מיט אירע זאַלץ־זאַוואָדען, מיט אַ גרויסער באַפעלקע־רונג, וואָס איז באַשטאַנען פון די אַרבייטער אויף די זאַלץ־פאַב־ריקען, און וואָס איז געלעגען סך הכל עטליכע מייל פון די מאַנס־

פעלדער מינען. די הויפּט־קרעפטען פון די בונטאָווּשטשיקעס האָבען זיך פאַרזאַמעלט דאָרט, און ניט אין דער באַפעסטיגטער און גוט באַוואָפענטער שטאָט מילהויזען אָדער ערגעץ ווייטער צו דרום, למשל, אין ערפורט אָדער אייזענאַך, וועלכע זיינען אויך געווען ביי די בונטאָווּשטשיקעס אין די הענט, און פון וואַנען עס וואָלט א סך גרינגער געווען אָנצוהאַלטען די באַציהונגען מיט די צובונטעוועטע אין פראַנקען.

אי די בונטאָווּשטשיקעס, אי די פירשטען האָט זיך דער געגענט ארום פראַנקענהויזען געדוכט צו זיין דער וויכטיגסטער פונקט. כדי אַהין צו קומען, האָט פיליפּ פון העססען געמאַכט א פולשטענדיג אומדערהערטען צוג. ער איז אַוועק דורך אייזענאַך און לאַנגענזאַלץ, לאָזענדיג מילהויזען אויף דער לינקער, און ערפורט אויף דער רעכטער זייט, און איז דורכגעגאַנגען צווישען אָט די צוויי שטעט, וואָס זיינען געווען באַזעצט מיט שטאַרקע מחנות סאָלדאַטען, גלייך קיין פראַנקענהויזען. אויב דאָס באַווייזט די באַדייטונג פון אָט דער שטאָט, באַווייזט קלאָר דער פאַקט, וואָס פיליפּ האָט געקענט מאַכען אָט דעם צוג, אָהן דער קלענסטער סכנה און אפילו אָהן אומאַנגענעמליכקייטען מצד די איינוואוינער פון מילהויזען און ערפורט, ווי גרויס עס איז געווען דער מאַנגעל אין אחדות, און אויך אין א באַשטימטען פּלאַן.

די באַדייטונג פון פראַנקענהויזען קענען מיר דערקלערען נאָר מיט דער נאָהענטקייט פון די מאַנספעלדער מינען מיט זייערע צאָלרייכע, קאַמפּס־פעהיגע אַרבייטער. וואָלט זיך געווען איינגעגעבען ארויסצורופען דאָרטען אַן אויפשטאַנד, וואָלטען די פירשטליכע חילות געמוזט געווען אויסהאַלטען א ביטערען קאַמף.

מינצער האָט אויך גוט פאַרשטאַנען די באַדייטונג פון פראַנקענהויזען און האָט געטאָן אַלץ, וואָס ער האָט געקענט, כדי אויסצוריכטען אַהין פון אַלע זייטען אַלע קרעפטען, אויף וועלכע ער האָט געהאַט א דעה. ער האָט אויך געשריבען צו די איינוואוינער פון ערפורט, נאָר זיי האָבען זיך ניט גערירט פון אָרט. אפילו די איינוואוינער פון מילהויזען האָט ער ניט געקאָנט באַוועגען צו העלפען דעם חיל, וואָס איז געשטאַנען נעבען פראַנקענהויזען. וואָס פאַר א שייכות האָבען די בירגער פון דער פרייער קייזער־

ליבער שטאַט געהאַט מיט די פּויערים, וואָס האָבן זיך דאָרטען צוזאַמענגעקליבען? פּפייפער, וואָס איז אַזוי פון אַלעמען גע־לויבט געוואָרען פאַר זיין ענערגיע, האָט אויך גאָרניט געטאָן. אַרויסגעגאַנגען איז מינצער אַליין מיט זיינע אַנהענגער, דריי־הונדערט אין צאָל. מיט גרויס מי האָבן זיי אים אַנטליהען אַכט האַרמאַטען.

ניט בעסער איז די זאַך געווען מיט די מאַנספעלדער מינען־אַרבייטער. צום באַדויערען האָבן מיר גאָר ניט קיין גענויע ידיעות וועגען די געשעהענישען אין מאַנספעלד. אין דער מאַנס־פעלדער כראָניק פון שפּאַנגענבערג (קאַפּיטעל 362) האָבן מיר נאָר געפונען די פאָלגענדע באַמערקונג, וועלכע בירינגען גיט איבער אין זיין בוך „באַשרייבונג דער מאַנספעלדישען בערגווערקס" (ז. 16) נאָך קורצער: „די פּויערים האָבן זיך אויפגעהויבען אין מאַנספעלדער גראַפשאַפט. דער גראַף אַלברעכט פון מאַנספעלד האָט אַ סך געשטערט זייער באַוועגונג, ווייל ער האָט אָנגעווענדעט אַלע זיינע פעהיגקייטען און האָט צוגעזאָגט די מינען אַרבייטער הרים וגבעות, כדי איינצוהאַלטען זיי אין גראַפשאַפט און ניט דער־לאָזען זיי אַוועקגעהן אין לאַגער צו די צובונטעוועטע פּויערים".

דאָס האָט, אויגענשיינליך, זיך אים טאַקע איינגעגעבען. דער שרעק, וואָס מינצער האָט אויסגעדריקט אין זיין אויבענדערמאָנ־טען בריף צו די מינען־אַרבייטער, אַז „נאַרישע מענשען" קענען צושטימען צו אַ „פאַלשען אָפּמאַך", איז ניט געווען אומזיסט. די מאַסע פון די מינען־אַרבייטער האָט זיך באַרוהיגט, ווי נאָר זייערע פאָדערונגען זיינען באַפרידיגט געוואָרען, און האָט זיך שוין מער ניט געזאָרגט פאַר די צובונטעוועטע פּויערים. באַזונדערע וואָ־לונטירען אָדער קליינע אָפּטיילונגען פלעגען אַריינפאַלען אין די הענט פונ'ם חיל פון גראַף אַלבערט, וואָס האָט פאַרנומען אַלע וועגען.

איין זאַך איז נאָר געבליבען: איבערטראָגען דעם אויפשטאַנד קיין מאַנספעלד גופא און אויף אַזאַ אופן הינרייסען מיט זיך די מינען־אַרבייטער. נאָר אויך אָט דעם מיטעל האָבן די בונטאָוו־שטשיקעס ניט אויסגענוצט. די פּויערים, וואָס האָבן זיך צו־זאַמענגעקליבען נעבען מאַנספעלד, זיינען געווען אויף אַזוי פיל

גאאיוו, אז זיי האָבען אָנגעפאנגען צו פירען פארהאנדלונגען מיט אלבערטען פון מאנספעלד. אָט דער שווינדלער האָט געהאַלטען אין איין אָפּלעגען די פארהאנדלונגען פון איין טאָג צום צווייטען, ביז דאָס חיל פון די פירשטען איז אונטערגעקומען קיין פראנקענהויזען.

אין אָנפאנג האָט אלברעכט באשטימט זיך צוזאמענטרעפען מיט די פויערים דעם 12טען מאי. ער איז אָבער ניט געקומען, ארויסדרעהענדיג זיך מיט'ן תירוץ פון וויכטיגע געשעפטען, און האָט ארויסגערופען די פויערים אויף דעם קומענדען זונטאָג דעם 14טען מאי. „דערווייל האָט גאָט, — דערצעהלט לוטער, — געשיקט טאָמאס מינצער'ן פון מילהויזען קיין פראנקענהויזען. מינצער האָט גלייך געצוואונגען די פויערים איבערצורייסען די פארהאנדלונגען מיט'ן גראף, באגרייפענדיג זיינע אבזיכטען, און האָט אָנגעווענדט אלע זיינע כחות ארויסצורופען א שלאכט צווי־שען אים און די פויערים, איידער די פירשטען קומען אונטער. מיר באטראכטען ווי אַן ארויסרוף די גראָבע בריף, וועלכע האָבען צו זיך קיין ביישפיל ניט, וואָס מינצער האָט געשריבען צום מאנס־פעלדער גראף; אָט די בריף זיינען פארשטענדליך טאקע נאָר אלס אַן ארויסרוף. צימערמאן רעכענט זיי אלס פראָדוקט פון מינ־צער'ס פארצווייפלונג, וואָס האָט זיך אליין געוואָלט אָפּנארען, אלס פראָדוקט פון משוגעת. באמת אָבער, צייגען מינצער'ס פאר־אָרדנונגען, אז זיין פארשטאנד איז פארבליבען פולשטענדיג קלאָר.

אלברעכטען האָט ער געשריבען: „א שרעק און ציטערניש זאָל ארומכאפען יעדען, וואָס טוט שלעכטס (רוימער 2, 9); עס טוט מיר לייד, וואָס דו מיסברויכסט אזוי שטארק דעם צושריפט פון אפּאָסטאָל פאול. דו ווילסט מיט דעם בארעכטיגען די רשעות פון די הערשער, פונקט ווי דער פויפסט האָט פארוואנדעלט די אפּאָסטאָלען פעטרוס און פאול אין הענקער. קלערסטו דען, אז גאָט קען ניט אויפהויבען זיין זינלאָז פאָלק, כדי „צו שטירצען אין צאָרן דעם טיראן (הושע 13, 8)? האָט דען ניט וועגען דיר און דיין גלייכען די מוטער פון יעזוס קריסטוס געזאָגט בנביאה פון דעם הייליגען גייסט: „ער האָט געשטירצט די מעכטיגע פון

טראָן און דערהויבען די נידעריגע, וואָס ווערען פון דיר פאַר־אַכטעט".

„צי האָט דיין לוטעראַנישע און וויטענבערגער דומהייט דיך דען ניט געלערענט, וועגען וואָס יחזקאל זאָגט נביאות אין קאַפּי־טעל ל"ז? האָסטו דען ניט צוקייט, חבר'ענדיג זיך מיט מאַר־טינען, אַז דערזעלביגער נביא זאָגט אין קאַפּיטעל ל"ט, דאָס גאָט פאָדערט פון אַלע פויגלען, אַז זיי זאָלען פּיקען דאָס פלייש פון די פירשטען און פון אַלע ווילדע חיות, אַז זיי זאָלען טרינקען דאָס בלוט פון די רייכע, ווי עס איז געשריבען אין די אַפּאָקאַליפּסען 18 און 19. קלערסטו דען, אַז איר, טיראַנען, זיינט נעהענטער צו גאָט, ווי זיין פאָלק? דו ווילסט, פאַרדעקענדיג זיך מיט קריסטוס' נאָמען, זיין אַ געצענדינער און זיך באַהאַלטען הינטער פּאַול'ן. נאָר ווייס, אַז מען וועט דיך כאַפּען, און רעכען זיך דערמיט.

„אויב דו ווילסט אָנערקענען (דניאל קאַפּ. 7), אַז גאָט האָט געגעבען די מאַכט צום פאָלק, אויב דו וועסט ערשיינען פאַר אונז און ענדערען דיינע איבערצייגונגען, וועלען מיר דיך מיט גרייט־קייט אויפנעמען און דיך רעכענען פאַר אַ ברודער צוגלייך מיט אַלע אַנדערע ברידער. אָבער אויב ניט — וועלען מיר ניט קוקען אויף דיין נאַרישער, קרומער צורה און מיר וועלען געגען דיר קעמפען, ווי געגען דעם ערגסטען פיינט פון דעם קריסטליכען גלויבען. נעם דאָס אין אכט און צו לייטונג.

„געשריבען אין פראַנקענהויזען, פרייטאָג, דעם 12טען מאַי 1525.

טאָמאַס מינצער מיט דער שווערד פון גדעון."

נאָך אַ מער „גראָבען און חוצפה'דיגען בריף", ווי עס דריקט זיך אויס שטראָבעל (ז. 99), האָט מינצער געשריבען טאָקע דעם זעלביגען טאָג צום גראַף ערנסט פון מאַנספעלד, וואָס האָט אין דער צייט פאַרנומען די פעסטונג העלדרונגען, ניט ווייט פון פראַנ־קענהויזען. אָט דעם שטאַרקען שטיץ־פּונקט פון מאַנספעלד האָט מען געדאַרפט נעמען פריער פון אַלץ. מינצער שרייבט צום גראַף: „אומגליקליכער . . . דו דאַרפסט חרטה האָבען און דאָס טאָן, ווי עס ווערט געזאָגט אין דעם ערשטען צושריפט פון פעט־רוס, 3. איך פאַרזיכער דיר, דו קענסט אומבאַשעדיגט קומען צו

אונז, כדי ארויסצוזאָגען דיין איבערצייגונג. דאָס איז דיר פאַרשפּראָכען געוואָרען אויף אַ פאַרזאַמלונג פון דער גאַנצער געמיינדע; דו מוזט זיך אנטשולדיגען פאַר דיין דייטליכער רשעות און אָנווייזען, ווער עס האָט דיך געבראַכט אַזוי ווייט, אַז דו, צום פאַרלוסט פון אַלע קריסטען, פאַרדעקענדיג זיך מיט אַ קריסטליכען נאָמען, זאָלסט וועלען זיין אַזאַ געצענדינער. אויב דו וועסט ניט ערשיינען און וועסט נישט ערפילען, וואָס מען האָט אויף דיר ארויפגעלעגט, וועל איך שרייען אויף דער גאַנצער וועלט, אַז די ברידער קאָנען מיט אַ רוהיג האַרץ געהן צום קאַמף. דעמאָלט וועט מען דיך אָנפאַנגען צו פאַרפאָלגען און צו פאַרניכטען. אויב דו וועסט זיך ניט בויגען אין חרטה פאַר אָט די קליינע מענשלאַך וועל איך דיר זאָגען: דער אייביגער לעבעדיגער גאָט האָט געהייסען דיך שטירצען פון דעם טראָן מיט דער מאַכט, וואָס איז צו אונז געגעבען געוואָרען, ווייל דו וועסט קיין נוצען ניט ברענגען דעם קריסטענטום. דו ביסט אַ שעדליך געצייג געגען גאָט'ס פריינט. וועגען דיר און דיין גלייכען האָט גאָט געזאָגט, אַז דיין נעסט מוז אויסגעריסען און פאַרניכטעט ווערען. **מיר פאָדערען אַן ענטפער נאָך היינט.** אויב דו וועסט אים ניט געבען, וועלען מיר אויף דיר אָנפאַלען אינ'ם נאָמען פון גאָט דעם איש־מלחמה. מיר וועלען באַלד טאָן, וואָס גאָט באַפעהלט אונז, טו־זשע דו אויך אַלץ, וואָס דו קענסט. איך ענדיג."

די גראַפען פון מאַנספעלד זיינען, פונדעסטוועגען, בייגעשטאַנען מינצער'ס ארויסרוף; מינצער ווידער האָט זיך געפילט צו שוואַך צו מאַכען אַן אָנפאַל, און אפשר האָבען דאָס די פויערים ניט געוואָלט.

אין גיכען איז שוין געוואָרען צו שפּעט פאַר אַן אָנפאַל. דעם 12טען מאַי איז מינצער געקומען קיין פראַנקענהויזען, דעם 14טען איז אהין געקומען דער הערצאָג הענריך פון ברוינשווייג און דער לאַנדגראַף פיליפּ פון העססען; דעם 15טען איז שוין אונטערגעקומען דער הערצאָג געאָרג פון זאַקסען מיט זיין חיל.

איצטער איז דער גורל פון די בונטאָווששיקעס, וועלכע האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען נעבען פראַנקענהויזען, געווען באַשטימט; פונקט אַזוי האָט אויך געהאַלטען מיט'ן אויסגאַנג פונ'ם

אויפשטאנד אין טירינגען. אויף איין צד זיינען געווען אכט טויזענט אומדיסציפלינירטע, שלעכט־באוואפענטע פויערים, וואָס האָבן כמעט גאָר קיין ארטילעריע ניט געהאט; אויף דער צווייטער זייט זיינען אומגעפער געווען אזוי פיל גוט באוואפנטע און געשולטע קריגסלייט מיט א צאָלרייכער ארטילעריע.

די שלאכט נעבען פראנקענהויזען ווערט געוועהנטליך באשריבען לויט מעלאנכטאָן׳ס דערצעהלונג. לויט זיינע ווערטער, האָט מינצער כלומר׳שט געהאלטען א שעהנע רעדע פאר די פויערים, נאָכדעם האָט דער לאנדגראף פון העססען געהאלטען נאָך א שעהנערע רעדע פאר זיין חיל, וואָס האָט נאָכדעם גלייך געמאכט דעם אָנפאל... און אָט די אָרימע מענשען זיינען געשטאנען און געזונגען: „איצט בעטען מיר דעם הייליגען גייסט...

„פונקט ווי פון זינען געריר־טע, און האָבען ניט געמאכט קיין פארזוך צו לויפען אָדער זיך צו פארטיידיגען. פיל האָבען זיך געטרייסט מיט דער גרויסער הבטחה פון טאָמאסען, אז גאָט וועט זיי צושיקען הילף פון דעם הימעל, ווייל טאָמאס האָט זיי געהאט געזאָגט, אז ער וועט אויפכאפען אלע קוילען פונ׳ם שונא אין זיין ארבעל״. ווען דער נס איז ניט געשעהן, נאָר, אדרבא, די סאָלדאטען האָבען זיך מערדערליך א לאָז געטאָן אויף זיי, האָבען דעמאָלט די אָפגענארטע פויערים אָנגעפאנגען צו לויפען און זיינען מאסענווייז אויסגעשלאכטעט געוואָרען. א וואונדערבארע שלאכט!

זיינען טאקע מינצער און די פויערים געווען אזעלכע אויסגענומענע נאַראָנים?

לאָמיר צו אלערערשט באטראכטען די רעדעס. מינצער׳ס רעדע איז גאָר ניט אין זיין סטיל. עס איז אין איר פאראן א סך פאטאָס, וואָס איז צו אים גאָר ניט אייגענטימליך. אָבער אונטער א גענויער באטראכטונג איז די רעדע פון דעם לאנדגראף נאָך מער מאָדנע. דאָס איז פשוט אַן ענטפער אויף מינצער׳ס רעדע, אזוי ווי דער לאנדגראף וואָלט זי אונטערגעהערט און געענטפערט פונקט נאָך פונקט אויף די באשולדיגונגען, וואָס זי שטעלט ארויס. לאָמיר, למשל, פארגלייכען:

**מינצער:**

„נאָר וואָס טוען אונזערע פירשטען? זיי דאַגה'ן ניט וועגען דער פאַרוואַלטונג, זיי הערען ניט אויס קיין אָרימע מענשען, משפּט'ען ניט, היטען ניט אָפּ די וועגען, שטערען ניט קיין רציחה און רויבעריי, באַשטראָפען ניט קיין פאַרברעכענס און ווילקיר" . . . א אַז. וו.

**דער לאַנדגראַף:**

„ווייל עס איז פאַלש און אויסגעטראַכט, אַז מיר זאָרגען ניט וועגען דער רוהיגקייט אין לאַנד, זאָרגען ניט וועגען געריכטען, שטערען ניט קיין רציחות און רויבערייען. ווי ווייט נאָר מיר קענען, פלייסען מיר זיך פרידליך צו רעגירען" . . . א. אַז. וו.

וואָס נענטער מיר באַטראַכטען אָט די רעדעס, ווערט אַלץ קלאָרער, אַז זיי זיינען באמת גאָר ניט געהאַלטען געוואָרען, נאָר אויסגעטראַכט געוואָרען דורכ'ן געלערענטען „שולמייסטער", לויט'ן מאַניער פון די רעדעס פון שטאַטסלייט און מיליטערפירער, וועגען וועלכע עס דערצעהלט אונז טהוקידידוס און טיטוס ליוויוס. דאָס איז מער ניט, ווי מליצה אָנגעשריבען מיט א פולשטענדיג באַשטימטען צוועק. די לעקציע פונ'ם לאַנדגראַף וועגען מאָראַל און רעכט, וועגען דער נויטווענדיגקייט און נוצליכקייט פון אָפּצאָלונגען א. אַז. ו., מיט דעם טראַגישען שלום, אַז דאָ האַנדעלט זיך וועגען זיכערקייט פאַר די ווייבער און קינדער — אָט אַזאַ רעדע האָט ניט געקענט מאַכען דעם מינדסטען איינדרוק אויף די אוממאָראַלישע, פון אַלע עקען פון דער וועלט צוזאַמענגעקליבענע לאַנדסקנעכט. נאָר דערפאַר האָט זי געדאַרפט פאַרגרעסערען די באַדייטונג פונ'ם לאַנדגראַף אין די אויגען פון דעם געבילדעטען בירגערטום, פאַר וועמען מעלאַנכטאָן האָט געשריבען. פאַר אים, פאַר אָט דעם בירגערטום, און ניט פאַר די סאָלדאַטען איז אָט די רעדע באַשטימט געוואָרען.

פון דער צווייטער זייט, איז מינצער'ס רעדע צוזאַמענגעשטעלט געוואָרען פונקט אַזוי, כדי אים אַרויסצושטעלען אין א לעכערליכען אויסזעהן. מעלאַנכטאָן האָט אים געצוואונגען זאָגען צום סוף פון זיין רעדע: לאָזט זיך ניט פאַרנאַרען פון דעם שרעק פון שוואַכען חומר, פאַלט מוטיג אָן אויפ'ן שונא. איר דאַרפט זיך ניט שרעקען פאַר קיין האַרמאַטען, ווייל א י ר וועט

זעהן, ווי איך וועל אויפכאפּען אין מיין אַרבעט אַלע גראַנאַטען, וואָס זיי וועלען אויף אונז וואַרפען" א. אַז. וו.

אַזעלכע אַבסורדען וועגען פּראַקטישע פראַגען האָט מינצער קיינמאָל ניט ארויסגעזאָגט אין זיינע יוערק; זיין מיסטיציזם איז נאָר באַשטאַנען אין דער איבערצייגונג, אַז ער האָט אוממיטעלבאַרע באַציהונגען מיט גאָט, און אַז זיין לערע שטאַמט פון געטליכען גייסט. מינצער האָט קיינמאָל און ערגעץ ניט געזאָגט, אַז ער קען אויפטאָן נסים. דערפאַר קווינקלען מיר זיך גאָר ניט און זאָגען, אַז די רעדע איז אַ חוצפּה'דיגער ליגען, וואָס מעלאַנכטאָן האָט צוגעטראַכט.

אַחוץ דעם איז נאָך דער ליגען ניט קיין געלונגענער. אַזוי ווייט ניט קיין געלונגענער, אַז נאָך מיט הונדערט יאָר צוריק איז שטראָבעל געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז ניט מינצער, נאָר זיכער מעלאַנכטאָן איז געווען דער פאַרפאַסער פון דער רעדע". (ז. 112). ניט געקוקט דאַרויף, באַנוצען זיך נאָך עד היום איינינגע פאַרפאַסער, למשל, יאַנסען, מיט אָט דער רעדע כדי צו כאַראַקטעריזירען מינצער'ן.

צימערמאַן זאָגט אויך אין אַ באַמערקונג (2, ז. 435): „אַז אָט די רעדע . . . איז מעלאַנכטאָן'ס אַרבייט, — איז פולשטענדיג קלאָר; אין איר איז אפילו ניטאָ קיין שאָטען פון מינצער'ס מאַניער". נאָר אי צימערמאַן, אי שטראָבעל האַלטען, אַז אָט די רעדע איז באמת געהאַלטען געוואָרען, זי ווערט נאָר איבערגעגעבען דורך מעלאַנכטאָנען אין אַ צודרעהטער פאָרם.

דאָס איז אפילו, דוכט זיך אונז, אויך אוממוואַ'שיינליך; עס איז געווען צו ווינציג צייט פאַר געשפּרעכען, אויב די שלאַכט איז אַזוי געגאַנגען, ווי עס ווערט באַשריבען אין דעם ווערק: „אַ נוצליכער דיאַלאָג אָדער געשפּרעך צווישען אַ מינצער־פאַנאַטיקער און אַ פרומען בייערישען עוואַנגעליקער, וואָס האָט אַ שייכות צו דער שטראָף, וועלכע די צובונטעוועטע פאַנאַטיקער האָבען געליטען נעבען פראַנקענהויזען". וויטענבערג 1525. דער פאַנאַטיקער זאָגט דאָרטען: „נו זאָגט, איז דאָס דען אָרענטליך מצד די פירשטען און האַרען, וואָס

זיי האָבען אונז פארשפראָכען דריי שטונדען צו באַקלערען דעם ענטפער, און האָבען ניט געגעבען אפילו קיין פערטעל שעה: ווי נאָר זיי האָבען אריבערגענאַרט פון אונז אויף זייער זייט דעם גראַף פון שטאַלבערג און עטליכע פריצים, האָבען זיי גלייך אויסגעריכט די האַרמאַטען און אָנגעפאַלען אויף אונז".

דאָס הייסט, אַז די פירשטען האָבען געפירט פארהאַנדלונגען מיט די פויערים, געפאָדערט, אַז זיי זאָלען זיך אונטערגעבען און געגעבען זיי דריי שטונדען צו באַקלערען די זאַך. אין דערזעלביגער צייט האָבען זיי געהאַלטען אין איבעררייִדען די פריצים, וועלכע זיינען געווען צווישען דעם פויערים־חיל, איבערצוגעהן אויף זייער זייט און טאַקע באַלד, נאָך אַ היבשע ווייל פאַר דער באַשטימטער צייט, זיינען זיי אָנגעפאַלען אויף די פויערים, וואָס האָבען דאָס גאָרניט דערוואַרט און זיי גענומען אויסשלאַכטען.

דאָס איז געווען ניט זעהר אָרענטליך, און מיר פאַרשטעהען, פארוואָס מעלאַנכטאָן פלייסט זיך אַזוי אויסצוטראַכטען אַ נייעם נוסח. אָבער בעת ער, אָט דער נוסח, איז פולשטענדיג אויסגעטראַכט, פאַסט זיך גראָד די באַשרייבונג פון דעם דיאַלאָג צו צו די האַנדלונגען פון די פירשטען אין יענער צייט בנוגע צו די פויערים. ניט געקוקט אויף דעם יתרון פון זייערע קרעפטען, האָבען זיי דאָך זיך באַנוצט מיט פאַרראַט און באַטרוג, כדי צו בייקומען די פויערים. אָט דאָס, און ניט די זינלאָזע האָפנונגען פון די פויערים, אַז מינצער וועט כלומר'שט אויפכאַפּען די קוילען אין זיינע אַרבעל, איז געווען די אורזאַך, וואָס אויף דער זייט פון די פויערים זיינען אויסגעשלאַכטעט געוואָרען די גרעסטע מאַיאָריטעט: פינף אָדער זעקס טויזענט מענשען פון אַכט טויזענט! דאָס פירשטליכע חיל האָט געליטען ווייניג פאַרלוסטען.

נאָך דעם נצחון זיינען די חילות אריין קיין פראַנקענהויזען און, לויט די ווערטער פון דעם לאַנדגראַף פיליפּ גופא, „זיינען אַלע מענער פון שטאָט אויסגעשלאַכטעט, און דאָס פארמעגען צודרויבט געוואָרען".

מינצער, מיט א טייל פון דעם צוקלאפטען המון, איז אנגע־לאפען אין שטאט און, פארפאלגט פון דעם שונא'ס רייטער, איז ער אריין אין איינעם פון די ערשטע הייזער פון שטאט. דא האט ער ארומגעבונדען זיין קאפ מיט א טיכעל, כדי מען זאל אים ניט דערקענען, זיך אריינגעלעגט אין א בעט און זיך געמאכט כלומר'שט קראנק. נאר זיין קונץ האט זיך אים דא ניט איינגעגעבען. א לאנדסקנעכט, וואס איז אריין אין דעם הויז, האט אים דערקענט, לויט די זאכען, וועלכע זיינען געלעגען אין זיין רייזע־זאק, און האט אים גלייך געכאפט און אוועקגעפירט צום לאנדגראף פון העססען און הערצאג געארג. „בעת מען האט אים געבראכט צו די פירשטען, האבען זיי אים געפרעגט פארוואס ער האט פארפירט דעם פראסטען עולם? האט ער מיט חוצפה געענטפערט, אז ער האט געהאנדעלט גוט דערמיט, וואס ער האט גע־וואלט באשטראפען די פירשטען". מעלאנכטאן, וועלכער גיט דאס אונז איבער, פארגעסט דא אויף א מינוט, אז ער פלעגט אים שטענ־דיג ארויסשטעלען אלס דעם גרעסטען פייגלינג.

די פירשטען האבען גלייך געהייסען אים פייניגען און האבען זיך געלאזט וואוילגעהן מיט זיינע ליידען. נאכדעם האבען זיי אים אוועקגעשענקט, אלס טייל פונ'ם רויב, צום גראף ערנסט פון מאנס־פעלד. אויב מען האט אים פריער „שטארק געפייניגט", איז מען זיך מיט אים איצטער, נאך עטליכע טעג טורמע, אין העלדרונגען, „באגאנגען שרעקליך" (צימערמאן).

דעמאלט האט מען ביי אים אויסגעמוטשעט יענע דערקלערונג, וועמעס פראטאקאל מיר האבען שוין עטליכע מאל ציטירט. ער האט זיך פון קיין זאך ניט אפגעזאגט און אין באצוג צו זיין גע־היימער געזעלשאפט האט ער נאר גערעדט וועגען אזעלכע זאכען, וואס האבען קיינעם ניט געקענט ברענגען קיין שאדען. פון די מיטגלידער פון אט דער געזעלשאפט, וועלכע ער האט אנגערופען, איז קיינער ניט באשטראפט געווארען. ווארשיינליך, האט ער אנ־גערופען אזעלכע מענשען, וואס זיינען שוין געווען געפאלען אין שלאכט.

די שלאכט נעבען פראנקענהויזען האט צובראכען די קראפט פון דעם אויפשטאנד אין טירינגען. די פירשטען איז מער ניט גע־

בליבען, ווי נאָר בלוטיג זיך נוקם זיין; דאָס האָבען זיי געוויסענ־האפט דורכגעפירט.

די מאנספעלדער מינען־ארבייטער האָט מען דערווייל געלאָזט צו רו. די פירשטען זיינען געווען צופרידען, וואָס זיי האָבען ניט געבראָכען דעם שלום. ערשט אויפ'ן צווייטען יאָר, דערצעהלט אונז שפאנגענבערג, „האָט מען די מינען־ארבייטער זעהר שטארק אָנגעפאנגען מאטערען מיט ארבייט; זיי פלעגען זיך דארויף שטארק באקלאָגען" אָבער קיין פארלייכטערונג האָבען זיי ניט באקומען, אדרבא, מען האָט צו זיי צוגעשיקט סאָלדאטען, וועלכע האָבען זיי „בארואיגט". מען האָט ביי זיי צוגענומען די פרייהייט פון וואָרט און די פרייהייט פון פארזאמלונגען.

נאָך ערגער האָט געליטען די שטאָט מילהויזען, ווי דאָס וואָלט געווען עפעס א שטראָף, ווייל זי האָט אין דעם אנטשיידענעם מאָמענט פארלאָזען די אינטערעסען פונ'ם אויפשטאנד. פון פראנקענהויזען זיינען די פאראייניגטע פירשטען באלד אוועק קיין מילהויזען. אומזיסט האָט זיך די שטאָט געווענדט נאָך הילף צו די בונטאָוושטשיקעס פון פראנקען; די פראנקען האָבען מיט מילהויזען געהאנדעלט פונקט, ווי מילהויזען — מיט'ן חיל נעבען פראנקענהויזען. צווישען די בירגער פון דער קייזערליכער שטאָט, וועלכע האָבען זיך נאָך גאָר ניט לאנג צוריק געהאט געבונטעוועט, האָט זיך שנעל פארשפרייט דער פחד, בעת עס האָט זיך דעם 19טען מאי אָנגעפאנגען די באלאגערונג. פפייפער האָט דערזעהן, אז די זאך איז א פארלאָרענע, איז ער דעם 24טען מאי אוועק פון שטאָט צוזאמען מיט פיר הונדערט אָנהענגער, כדי זיך דורכצורייסען קיין אָבער־פראנקען. נאָר די רייטער פון די פירשטען האָבען אים דעריאָגט און געפאנגען צוזאמען מיט נאָך צוויי־און־ניינציג פון זיינע אָנהענגער.

באקומען אַ שריפטליכע הבטחה אויף באגנאדיגונג, האָט מילהויזען דעם 25טען מאי זיך אונטערגעגעבען. אויסגעדריקט האָט זיך אָט די באגנאדיגונג אין טויט־שטראָף פאר א גאנצער רייע בירגער און אין דער בארויבונג פון דער שטאָט, וואָס האָט איצטער פארלאָרען איר זעלבסטשטענדיגקייט. די פירשטען פון זאקסען האָבען דערגרייכט צום רעזולטאט וועלכען זיי האָבען געהאָפט צו

באקומען פון אַן אויפשטאנד אין מילהויזען, — זיי זיינען געוואָרען די באַלעבאַטים פון שטאָט. ביידע בונטאָווששיקעס, וועלכע האָבען זיי ארויסגעהאָלפען אין דער זאַך, זיינען געקעפּט געוואָרען, — פּפייפער, פּונקט ווי מינצער, וועלכער איז אויך געבראכט געוואָרען קיין מילהויזען.

פּפייפער האָט זיך ביז׳ן טויט ניט אונטערגעגעבען און געשטאָרבען אָהן חרטה. אין דעם זיינען אַלע כראָניקער איינשטימיג. מכח מינצער׳ן דערקלערט, פארשטעהט זיך, מעלאַנכטאָן, אַז ער „האָט ארויסגעצייגט גרויס שרעקעדיגקייט אין זיינע לעצטע מינוטען". כדי דאָס צו באווייזען דערצעהלט ער, אַז מינצער האָט פאַר שרעק ניט געקענט אויסריידען קיין וואָרט, אַזוי אַז ער האָט אפילו ניט געקענט זאָגען קיין וידוי און העגריך פון ברוינשווייג האָט אים געמוזט אונטערזאָגען וואָרט ביי וואָרט. נאָר טאַקע באַלד נאָך דעם צווינגט אונזער דערצעהלער דעם מענשען, וועלכער איז שטום געוואָרען פאַר שרעק, צו האַלטען איינע פון יענע שעהנע רעדעס, וואָס דער קלאַסיש־ און רעטאָריש־געבילדעטער „שולמייסטער" האָט אַזוי ליב געהאַט.

אַנדערע כראָניקער פון יענער צייט דערצעהלען גאָרניט וועגען מינצער׳ס שרעקעדיגקייט (פארגל. צימערמאַן, 2, ז. 444). עס עקזיסטירט נאָך איין באווייז, אַחוץ מעלאַנכטאָנס פולשטענדיג־ווערטלאָזען באווייז, וואָס צייגט אָן אויף דער מוטלאָזיגקייט פון מינצער׳ן אין די לעצטע טעג פון זיין לעבען: דאָס איז זיין בריף צום שטאָט־ראַט און צו דער גמיינדע פון מילהויזען, וועלכער איז אָנגעשריבען געוואָרען דעם 17טען מאַי אין טורמע אין העלדרונגען. אין דעם בריף בעט ער זיי ניט צו דערצאָרענען די מאַכטען, זאָגט, אַז דעם טויט האָט ער פארדינט און אַז דאָס דאַרף דינען אַלס לעקציע פאַר די „נאַראָנים" (!); ווייטער בעט ער, אַז מען זאָל ניט פארלאָזען זיין אָרימע פרוי, נאָכדעם פאָלגט אַ ווארנונג ניט צו דערצאָרענען די מאַכטען מיט׳ן פארלאַנג צו פאַרבעסערען די לאַגע, ווי מען האָט דאָס געטאָן פריער, פארלאָזען דעם אויפשטאנד און בעטען ביי די פירשטען באַגנאַדיגונג.

קיין ספק ניט, אַז אין אָט דעם בריף צייגט זיך ארויס פחדנות.

מיר קענען ניט איינשטימען מיט צימערמאַנען, וועלכער טייטשט אים אויס אין אַ מער גינסטיגען זין.

נאָר, פרעגט זיך, איז דאָס דען ניט קיין געפעלשטער בריף? געשריבען איז ער ניט מיט מינצער'ס האַנט. אין דעם בריף ווערט געזאָגט, אַז ער האָט אים דיקטירט עפּעס איינעם אַ קריסטאַף לאַו. פאַרוואָס עפּעס דיקטירט מינצער, פאַר־וואָס שרייבט ער ניט אַליין? און ווער איז געווען פאַראינטערעסירט, אַז דער בריף זאָל אָנקומען קיין מיל־הויזען? קיינער, אַ חוץ די פירשטען. געשריבען געוואָרען איז דער בריף דעם 17טען מאַי, און דעם 19טען האָט זיך אָנגע־פאַנגען די באַלאַגערונג פון מילהויזען. דער בריף האָט געדאַרפט פאַרגרינגערען די באַלאַגערונג, געדאַרפט אָפּשוואַכען דעם מוט פון די באַלאַגערטע. בעט זיך דאָ ממש ניט די סברה, אַז די פירשטען האָבען מינצער'ס נאָמען געברויכט אין איינעם פון די מיליטערישע שפּיצלאַך, וואָס פלעגען אַזוי אָפט פּראַקטיצירט ווערען אין יענער עפּאָכע?

[illegible]אלס איז דער בריף, וואָס איז ניט געשריבען מיט מינ־צער'ס [illegible] זעהר פאַרדעכטיגט און קען דינען אַלס באַשטעטיגונג פון מעלצער אָן'ם דערצעהלונג.

אויף אַזאַ אופן האָבען מיר דאָס רעכט צו זאָגען, אַז וועגען מינצער'ס סוף איז קיין זאַך באמת ניט באַוואוסט, און די דער־צעהלונגען וועגען זיין שרעקעדיגקייט זיינען פּשוט ניט געשטוי־גענע בבא־מעשיות.

פאַר אונזער מיינונג וועגען מינצער'ן און זיין זאַך איז, פאַר־שטעהט זיך, ניט וויכטיג, צי זיינע נערוועון האָבען אויסגעהאַלטען ביז'ן לעצטען מאָמענט אָדער ניט. די פראַגע איז אינטערעסאַנט נאָר דערפאַר, וואָס זי כאַראַקטעריזירט מינצער'ס געגנער.

פיזישער מוט, אַקוראַט ווי פיזישע קראַפט אָדער שעהנקייט, זיינען כלל ניט קיין באַוויז, אַז דער באַזיצער פון אָט די מעלות איז אויך מאָראַליש פאָלקאָמען. נאָר מיר זיינען שוין אַזוי באַ־שאַפען געוואָרען, אַז דער פייגלינג איז אונז ניט סימפּאַטיש נאָר פאַר דעם חסרון אַליין, פונקט ווי מיאוסע אָדער שוואַכע זיינען ניט סימפּאַטיש אַ סך מענשען. דערפאַר פאַרשטעהען מיר אויס־

געצייכענט מעלאנכטאָן'ס שטרעבונג גלייך נאָך דעם קאמף צו דער־נידעריגען אָט דעם שרעקליכען געגנער פון זיין זאך מיט א באשול־דיגונג אין פייגהייט.

אָבער אָט די באשולדיגונג ווערט נאָך איצט אויך גאנץ גע־שמאק ווידערהאָלט, הגם זי האָט ניט אונטער זיך קיין רעאלען באָדען; אָפט ווערט זי אפילו איבערטריבען. *)

און דאָס איז א גאנץ דערפרעהענדער צייכען. ווי פיל צייט עס זאָל ניט געווען אוועק פון דעמאָלט אָן, וואָס מינצער האָט מקריב געווען זיין לעבען פאר זיין אידעע, איז זי, אָט די אידעע, — די אידעע פונ'ם פראָלעטאריאט, לעבעדיג און שרעקליך פאר די פיינט, שרעקליך נאָך מער, ווי אין מינצער'ס צייטען. די רכילות, וואָס די גלחים און פראָפעסאָרען פארשפרייטען נאָך היינט אזוי איינשטימיג וועגען דעם גרויסען געגנער פון דער פירשטליכער און בורזשואזער רעפאָרמאציע, וואָלטען געווען פשוט צוועקלאָז, ווען זיי וואָלטען געווען געריכטעט געגען א טויטען מענשען, און ניט געגען דער לעבעדיגער קאָמוניסטישער באוועגונג.

נאָר טאקע אָט די בייזע אָנפאלען, אונטער וועלכע מינצער איז געווען אונטערוואָרפען מער, ווי יעדער אנדער קאָמוניסט און רעוואָלוציאָנער פון זיין צייט (די אנאבאפטיסטען האָבען זיך בא־וויזען ערשט שפעטער), מצד די פארטיידיגער פון די הערשענדע קלאסען, פון לוטער'ן און מעלאנכטאָנען ביז צו אונזערע טעג, — אָט טאקע די אָנפאלען האָבען זיך ארויסגעצייגט אלס דער בעסטער

*) מער פון אַלעמען, וואָרשיינליך, האָט זיך אויסגעצייכענט הער זיידעמאָן, וועלכער שרייבט וועגען מינצער'ס אויפפירונג נאָך דער שלאכט געבען פראנקענהויזען: „ער, קען זיין, איז איינער פון די ערשטע אנטלאָפען פונ'ם שלאַכטפעלד", אָט דער „קען זיין" איז גלענצענד. מיט אזא זיכערקייט, פארשטעהט זיך, וואָלט מען געקענט זאָגען: „קען זיין, איינער פון די לעצטע", ווייל מיר האָבען ניט קיין שום אָנווייזונגען דארויף, ווען, אין וואָס פאר אַ מאָמענט פון דער שלאַכט מינצער איז אנט־לאָפען פון דעם אָנפאַלענדען שונא. מען מוז אָבער מודה זיין, אז אונזער ליטעראַרישער באַזיליאַ איז געווען מעסיג אין זיין פראזע „קען זיין"; באמת האָט ער דאָך געקענט געווען אויך אָנשרייבען: „קען זיין דער ערשטער".

מיטעל אויפצוהיטען אין פאָלק דעם אָנדענקען וועגען אים און די שטענדיגע סימפּאַטיע צו אים.

אין דעם פאָלק'ס זכרון איז מינצער געווען און איז פאַר־בליבען ביז היינט די גלענצענדסטע פאַרקערפּערונג פון דעם רעוואָ־לוציאָנערען, אפּיקורסישען קאָמוניזם.